יצחק קאָרן

# ייִדיש אין רומעניע

עסייען

אַרויסגעגעבן דורכן פאַרלאַג „אבוקה"

תשמ"ט — תל־אביב, טעל. 481474 — 1989



יצחק קאָרן

די אַרבעט וועגן „ייִדיש אין רומעניע" האָב איך נישט געשריבן ווי אַ פֿאָרשער אָדער פֿילאָלאָג. מיין כּוונה איז אויפֿצוּווייזן אַז דער שטח איז אַ פֿאַרלאָזטער און מיין שטרעבונג איז אויפֿצוּוועקן און צו דערמוטיקן מען זאָל זיך פֿאַרנעמען מיט אַזאַ פֿאָרשונג. איך אַליין באַמי זיך צו זוכן און געפֿינען מאַטעריאַל וואָס זאָל אָנצייכענען כאָטש די עיקר עטאַפּן פֿון דעם לאַנגן אַנטוויקלונגס־וועג וואָס ייִדיש האָט דורכגעמאַכט אין רומעניע.

## קאַפּיטל איינס

# אַרייַנפיר

### דער ציל

ייִדיש האָט אַרומגענומען דעם מיזרח־אייראָפּעיִשן טייל ייִדן וואָס האָבן זיך געפונען אין מאָלדאַווע [1], מונטעניע [2], בעסאַראַביע, בוקאָווינע און טראַנסילוואַניע (זיבנבערגן).

ליידער פעלט ביז היינט צו טאָג אַן ערנסטע, אויספירלעכע און אַרומנעמענדיקע אַרבעט איבער דער געשיכטע פון רומענישן ייִדנטום. ס׳זענען פאַראַן בלויז אַספּעקטן, אָבער נישט קיין גאַנץ בילד.

מיר וועלן זיך באַנוגענען מיט אַן אַלגעמיינעם איבערבליק אין די אויבנדערמאָנטע פּראָווינצן און אויסגעפינען ווי אַזוי און ווען ייִדיש־לשון און ייִדישע מנהגים האָבן זיך אַנטוויקלט און געווירקט. אונדזער הויפּטציל איז אָפּצושפּיגלען דעם אשכּנזישן שבט, וועלכער האָט גענוצט ייִדיש אַלס זיין אומגאַנגס־שפּראַך צווישן זיך [3].

---

1. פירשטנטום, פון טייַך סירעט ביזן פּרוט.
2. פירשטנטום, פון טייך דונאַי ביז די קאַרפּאַטן־בערג (ווערט אויך אָנגערופן וואַלאַכיע).
3. מען דאַרף אויך נישט פאַרגעסן, אַז אויפן שטח פון רומעניע האָבן זיך אויך געפונען שיכטן ייִדן אָפּשטאַמיקע פון די ספרדישע קרייזן, וועלכע מען האָט גערופן די „ספּאַניאָלער" און די ייִדיש־רעדנדיקע אשכּנזישע ייִדן האָט מען גערופן די „פּוילישע". מען דאַרף אויך דערמאָנען, אַז מאָלדאַווע, וואָס האָט אין דער ערשטער תּקופה, פון 15טן ביזן 18טן י. ה. אַרומגענומען אויך בעסאַראַביע און בוקאָווינע, איז געווען דער גרויסער צענטער פון אשכּנזישן ייִדנטום. דאַקעגן אין מאָנטעניע און אין איינִיקע גרויסע שטעט

טראַנסילוואַניע האָט געהאַט אַ געמישטע ייִדישע באַפעל־קערונג און ס׳איז שווער צו באַשטימען וועמענס אויבערהאַנט ס׳האָט דאָ דאָמינירט. מיר שטויסן זיך אָן אויף ווירקנדיקע עלע־מענטן סיי אין שטרענג רעליגיעזע קרייזן און סיי אין די נעאָלאָגישע קהילות.

ס׳איז פאַרשטענדלעך אַז אונדזער אַרבעט שטיצט זיך אויף מאַטעריאַלן וועלכע באַווייזן ווי אַזוי ס׳האָט זיך פאָרמירט בעיקר דער אַשכּנזישער שבט אין רומעניע, ווען און ווי זענען די ייִדיש־רעדנדיקע אָנגעקומען, זיך באַזעצט און געמערט. מיר וועלן זיך אויך קאָנצענטרירן אַרום צענטער פון ייִדיש אין רומעניע: מאָל־דאַווע.

ייִדיש בעל־פּה און ייִדיש בכתב,ביידע שאַפן די ראַם פאַר ייִדיש אין רומעניע. אויב מען וועט נעמען רעכענען ייִדיש בעל־פּה אָנהייבנדיק פון די קליינע ייִדישע גרופּקעלעך — איינע אָדער צוויי משפחות וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַזעצן אין פאַר־שידענע פּראָווינצן פון רומעניע — דאַרף מען אָנהייבן פון 15טן יאָרהונדערט אָדער נאָך פריער. אויב מ׳וויל אָנהייבן רעכענען פון דער צייט ווען ס׳האָבן זיך שוין פאָרמירט אָרגאַניזירטע ייִדיש־קרייזן, דאַרף מען אָנהייבן פון 17טן יאָרהונדערט, אָבער אויך סוף 16טן יאָרהונדערט געפינען מיר שוין שפּורן פון גרעסערע גרופּעס יידן אין רומעניע. די איינצלנע משפחות זענען אפשר וויכטיק פאַר דער ייִדן־געשיכטע אין רומעניע, אָבער דאָס איז נישט אַנטשיידנדיק פאַר דער טעמע „ייִדיש אין רומעניע". איך רעכן דעריבער אַז ייִדיש בעל־פּה אין רומעניע נעמט אַרום די תּקופה פון אַ 300 יאָר, דאַקעגן ייִדיש בכתב הויבט זיך אָן אין רומעניע עטוואָס מער ווי מיט 150 יאָר צוריק. פון אָט דער תּקופה

---

האָבן דאָמנירט די ספרדישע ייִדן. ס׳וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז אין די פּראָווינצן זענען נישט געווען קיין אשכּנזישע מינדערהייטן, ס׳האָט אָבער געהערשט צווישן די צוויי ייִדישע צווייגן אַ געוויסע פאַר־שטענדעניש און מיר טרעפן אַפילו טיילווייזע פּראָצעסן פון אַסימילירן זיך איינע מיט די אַנדערע.

זענען פֿאַראַן, מער אָדער ווייניקער, פֿאַרשידענע ערנסטע מאַ־טעריאַלן.

דער גרויסער רומענישער היסטאָריקער ק. ק. דזשורעסקו רעכנט, אַז ייִדן האָבן געוווינט אין די גרעסערע רומענישע שטעט באַגלייך מיט אַרמענער נאָך אין 14טן, 15טן יאָרהונדערט. פֿון ייִדישע מקורות (שאלות ותשובות) ווייסן מיר אַז אַרום 1550 איז געווען אַ ייִדישע קהילה אין בוקאַרעשט; פֿון יאָס ווייסן מיר, דורך ר׳ שלמה דלמדיגו, אַז אַרום 1580 איז דאָרט געווען אַ רב. די היגע אשכּנזישע ייִדן, אָפּשטאַמיקע פֿון פּוילן, האָבן גערעדט ייִדיש. אין 17טן יאָרהונדערט זענען פֿאַראַן עטלעכע גרעסערע ייִדישע ישובים אין די דעמאָלטיקע רומענישע לענדער. אַהער ראַטעווען זיך די פּליטים פֿון כמעלניצקיס רציחות. ייִדיש שבעל־פּה האָט אין רומעניע אַ יחוס פֿון איבער 300 יאָר. ייִדיש געדרוקט זינט 1842. ייִדישע בריוו און פֿאַרצייכענונגען זענען דאָ עלטערע, טיילווייז אין שייכות מיטן אויפֿקום פֿון חסידות.

אין די שאלות־ותשובות זענען דאָ עדות אויף ייִדיש פֿון 16טן ביזן 18טן יאָרהונדערט. די מענטשן זענען פֿון פּוילן און גאַליציע. היגע ייִדן רעדן דאָס זעלבע לשון, ווייל זיי שטאַמען דאָך פֿון פּוילן (אוקראַיִנע). דאָס גערעדטע ייִדיש האָט אַוודאי אַריינגענומען אויך ווערטער פֿון דעם רומענישן אַרום; ווי אור־מעטום האָבן ייִדן „גענאַשט" פֿון דער לאַנדשפּראַך. שפּעטער ווייסן מיר פֿון רומענער, וואָס ווינען צווישן ייִדן און רעדן גוט ייִדיש. אייניקע ייִדישע ווערטער זענען אַריין אין רומעניש: בעל־פּער (זידלוואָרט פֿאַר „לערער"), ממזר (אין מאַרמאַראָשער דער־פּער), כאַבאָטניק (פֿון חב״דניק, פּרומאַק) און אַ סך אויסדרוקן אין ווינקלשפּראַכן „אַרגאָ" (argot) בלע״ז.

## אַ געבענטשטע געאָגראַפֿיע

די וויכטיקסטע רומענישע היסטאָריקער און שרייבער, וועלכע האָבן באַשריבן די אַנטוויקלונג פֿון רומענישן פֿאָלק אין תּחום פֿון דאַקיאַ, האָבן אָנגעוויזן, אַז ס׳האָט געווען מער

פון טויזנט יאָר ביז עס האָט זיך אויסקריסטאַליזירט דאָס רומע־
נישע פאָלק.

ס'איז פון גרויס וויכטיקייט צו געבן כאָטש אַ קורצן בליק
אויפן געאָגראַפישן אַספעקט. די רומענישע פירשטנטומס האָבן
זיך פאַרמירט אַרום 14טן יאָרהונדערט און אויף זייער גורל איז
אויסגעפאַלן אַ שיין און האַרמאָניש לאַנד. אויסער דער צוציענ־
דיקער נאַטור און וווּנדערבאַרע פייזאַזשן האָבן זיי אָנגעטראָפן
אויך אויף אַ פעטער ערד וואָס איז גינסטיק פאַר לאַנדווירט־
שאַפט. ביי אַ געהעריקער באַאַרבעטונג האָט די ערד געגעבן
רייכע גערעטענישן. זי האָט פאַרמאָגט ריזיקע שטחים באַדעקטע
מיט גראָז צו פיטערן שאָף און רינדער. אין די טיפענישן פון
דער ערד האָבן זיך געפונען פאַרשידענע מינעראַלן און אַרום —
בערג באַדעקטע מיט וועלדער (קאַרפּאַטן־בערג), דער גרויסער
טייך דונאַי און אַנדערע קלענערע טייכן ווי: דניעסטער, פּרוט,
סערעט, ביסטריצע און אַנדערע.

דאָס האָט באַווירקט די רומענישע באַפעלקערונג. טראָץ די
אינוואַזיעס, אָנפאַלן און אָקופּאַציעס פון פאַרשידענע ווילדע
שבטים אין משך פון הונדערטער יאָרן, האָבן די רומענער נישט
פאַרלאָזט דאָס לאַנד. זיי האָבן איינגעזאַפּט די גרויסע ווייען און
קלעפּ וואָס האָבן זיי פאַרביטערט דאָס לעבן און געבליבן צוגע־
בונדן צו זייער לאַנד. וואַרשיינלעך זענען געבוירן געוואָרן אין
יענער תּקופה די עלעגיש־טרויעריקע פאָלקסלידער, די „דאָינעס״,
וועלכע האָבן באַגלייט דעם רומענישן פאַסטעך און פויער אין
די סטעפּעס און געוועקט בענקשאַפט און האָפענונג אַז זיי וועלן
איבערלעבן די שוועריקייטן און דערגרייכן זייער ציל. דאָס איז
אפשר אויך די סיבה וואָס דער רומענישער פאָלקסמענטש איז
נישט געווען דורכגעפּרעסן מיט שנאה און האַס, נאָר האָט אַרויס־
געוויזן אַ געוויסע טאָלעראַנץ צום שכן. דעריבער האָבן אויך ייִדן
געצויגן צו דעם לאַנד ווו זיי האָבן געפונען אַ מילדע און טאָלע־
ראַנטע באַציִונג מצד דער אויטאָכטאָנער באַפעלקערונג. פאַר־
שטענדלעך, אַז ס'זענען געווען אויך אַנדערע סיבות, בעיקר עקאָ־

נאָמישע, וועלכע האָבן געצויגן ייִדן פון די אַרומיקע לענדער צו קומען זיך באַזעצן אין רומעניע. ס'האָבן אויך נישט געפעלט קיין פאַלן ווען די שטאָטישע באַפעלקערונג איז געוואָרן געהעצט פון דעם הערשנדיקן שיכט וואָס האָט אַזוי אַרום געווענדט דעם צאָרן פון די מאַסן אויף די פרעמדע צוגעקומענע איינוווינער און די ייִדן זענען געווען בראש התור.

ווי געזאָגט, האָבן די רומענישע פירשטנטומס מונטעניע און מאָלדאַווע באַקומען זייער זעלבשטענדיקייט אין 14טן יאָרהונ־דערט. מונטעניע האָט דערגרייכט איר זעלבשטענדיקייט דורכן זיג פון דעם פירשט אַלעקסאַנדרו באַסאַראַב, אין דעם גרויסן און ביטערן קריג קעגן דעם אונגאַרישן קעניג קאַראָל ראָבערט אין דער געגנט פאָסאַדאַ אין יאָר 1330 און דערמיט פאַרזיכערט די פרייהייט פון מונטעניע. מאָלדאַווע האָט באַקומען איר זעלב־שטענדיקייט דורך דעם וואָס דער וואָיעוואָד דראַגאָש פון מאַראַ־מאָראָש האָט זיך אַראָפּגעלאָזט קיין מאָלדאַווע און איז דורך דער רומענישער באַפעלקערונג אויפגענומען געוואָרן פריינדלעך. אין יאָר 1359 איז געגרינדעט געוואָרן מאָלדאַווע, וועלכע האָט אויך אַרומגענומען די פּראָווינצן בוקאָווינע און בעסאַראַביע. וויכטיק צו באַמערקן, אַז אָט די צוויי פעאָדאַלע פירשטנטומס — מונ־טעניע און מאָלדאַווע — זענען אין משך פון 500 יאָר, ד. ה. ביזן 19טן יאָרהונדערט פאַרבליבן אַגראַרע לענדער, ערדאַרבעט און פיצוכט זענען געווען די הויפּטצווייגן פון זייער עקאָנאָמישן לעבן. כּדי צו אַנטוויקלען דעם מסחר האָבן הערשער פון די לענדער זייער אָפט געגעבן פּריווילעגיעס צו מענטשן פון אַנדערע לענדער, וואָס האָבן געוואָלט אַריינקומען, באַזעצן זיך און פאַרנעמען זיך מיט מסחר. דאָס האָט דערמעגלעכט אַז ייִדן פון דרויסן זאָלן אַריינקומען קיין מאָלדאַווע און טיילווייז אויך קיין מונטעניע און טראַנסילוואַניע.

אָנהייב 18טן יאָרהונדערט האָט דער הערשער פון מאָלדאַווע, דימיטרע קאַנטעמיר, באַשלאָסן צו פאַרבינדן זיך מיט די רוסן (1711). אויף דעם האָט די אָטאָמאַנישע אימפּעריע רעאַגירט

זייער שאַרף, פֿאַרנומען ביי רומעניעביידע פירשטנטומס און אונ־טערגעוואָרפן זיי אונטער איר הערשאַפֿט, וואָס האָט געדויערט 110 יאָר (פֿון 1711 — 1821). די צייט ווערט אָנגערופן די פּאַנאַריאָטן־תּקופה [4].

די תּקופה פֿון דער פּאַנאַריאָטישער הערשאַפֿט האָט נישט באַוויזן צו דערשטיקן די רומענישע פֿירערשאַפֿט און עס איז פֿאָר־געקומען אַ פּערמאַנענטע ברוזונג. אין יאָר 1859 איז זיי גע־לונגען צו פֿאַראייניקן די ביידע לענדער — מונטעניע און מאָלדאַווע — און אין יאָר 1877 האָבן זיי דערגרייכט די פֿול־שטענדיקע זעלבשטענדיקייט. 41 יאָר שפּעטער, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1918, אַ דאַנק דער גינסטיקער קאָניונקטור, איז געשאַפֿן געוואָרן גרויס־רומעניע, וועלכע האָט צוריק באַקומען אין אירע גרענעצן אויסער אַלט־רומעניע (מונטעניע און מאָל־דאַווע) אויך בעסאַראַביע, בוקאָווינע און טראַנסילוואַניע. צוליב דעם איז אויך שטאַרק אויסגעוואָקסן די ייִדישע באַפֿעלקערונג און ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה געציילט קרוב צו 800 טויזנט ייִדן. די צווייטע וועלט־מלחמה האָט כּמעט געמאַכט אַ סוף צום גרויסן ייִדישן ישוב אין רומעניע. אין דער נאַצי־מגיפה איז אַ דריטל פֿון די רומענישע ייִדן אויסגעמאָרדעט געוואָרן, אָדער אומגעקומען אין די טויטן־לאַגערס פֿון טראַנסניסטריע. ס׳זענען פֿאָרגעקומען די טרויעריק באַרימטע פּאָגראָמען אויף די ייִדן אין בוקאַרעשט, יאַס, דאַראָהוי א. אַנד. און טויזנטער זענען אומ־געקומען אויף די וועגן ביים אַנטלויפֿן קיין בעסאַראַביע, ווען מ׳האָט זיי געוואָרפֿן פֿון די צוגן. נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה איז באַסאַראַביע און אַ גרויסער טייל פֿון בוקאָווינע אַריבער צו סאָוויעט־רוסלאַנד און אין רומעניע גופא האָט זיך,

4. במשך פֿון דער תּקופה האָט די טערקישע הערשאַפֿט מוותּר געווען, אין יאָר 1774, אויף בוקאָווינע לטובת עסטרייך און אין יאָר 1812 אויף בעסאַ־ראַביע לטובת רוסלאַנד. די פּאַנאַריאָטישע תּקופה האָט געהאַט אַן אָנגע־זעענע השפּעה נישט נאָר אויף דער אַלגעמיינער באַפֿעלקערונג, נאָר אויך אויף דער ייִדישער.

נאָך דער פּאָליטישער איבערקערעניש, עטאַבלירט אַ קאָמוניס־טישער רעזשים, וועלכער האָט איינגעפירט אַ שטרענגן רעזשים לגבי די ייִדן, אָבער שפּעטער אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש און טאָלעראַנץ צו דער פאַרבליבענער ייִדישער קהילה, דערמעגלעכנ־דיק 350 טויזנט ייִדן זאָלן עולה זיין קיין מדינת־ישראל, וואָס דאָס איז געווען דער ליכטשטראַל פאַר דער שווער געליטענער ייִדישער באַפעלקערונג. היינט צו טאָג, אין 1989, זענען אין רומעניע נאָך פאַראַן קרוב צו 22 טויזנט ייִדן, וועלכע האַלטן אויף אַן אָרגאַ־ניזירט קהילה־לעבן אויף פאַרשידענע געביטן: רעליגיע, סאָציאַלע הילף, קולטור־טעטיקייט, תּלמוד־תּורהס, כּשרע קאַנטינעס, אַ פרייע פאַרבינדונג מיט מדינת־ישראל און מיט די ייִדישע וועלט־אָרגאַניזאַציעס.

**מאָלדאַווע — דער צענטער פון ייִדיש אין רומעניע**

כּדי מען זאָל קענען מאַכן געוויסע אויספירונגען וועגן דער לאַגע פון ייִדיש אין רומעניע, וויל איך ברענגען, אין אָנהייב פון מיין אַרבעט, אַ ווערסיע וואָס איז מער באַזירט אויף איינדרוק און ווייניקער אויף געדרוקטן מאַטעריאַל.

מיין באַהויפּטונג איז, אַז אין דער היסטאָרישער מאָלדאַווע, וואָס צו איר געהערט בעסאַראַביע און בוקאָווינע, האָבן די הערשער געגעבן פאַרשידענע פּריווילעגיעס פאַר די וואָס האָבן געוואָלט אַריינקומען, זיך באַזעצן און פאַרנעמען מיט מסחר. דאָס האָט געשאַפן אַ גינסטיקע געלעגנהייט פאַר ייִדן אַריינצו־קומען קיין רומעניע און פאַרשטענדלעך אַז ייִדיש האָט דאָ געפו־נען די נאַטירלעכע וואַרעמקייט[5]. אַוודאי זענען דאָ אויך געווען פאַרשידענע גזירות און שטערונגען אָבער אין אַלגעמיין האָט זיך אין דער געגנט געשאַפן אַ גינסטיקע אַטמאָספער פאַר ייִדן.

---

5. Comunitatille Evreilor din Jasi și București פון ד״ר מ. א. לוי (ער־שטער טייל ביזן יאָר 1821), אַרויסגעגעבן פון אינסטיטוט פאַר ייִדישער רומענישער היסטאָריע, בוקאַרעשט, יאָר 1931, זייטן 17—39.

אין 18טן יאָרהונדערט, ווען די ייִדיש־רעדנדיקע קרייזן האָבן זיך פאַרגרעסערט, זענען זיי אויך געוואָרן מער זשעדנע נאָך ייִדי־שער גייסטיקער שפּייז. אין דער צייט איז אויפגעקומען דער חסידיזם. מיטן דערשיינען פון די חסידים אין דער געגנט, בעיקר אין יאַס, באָטאָשאַן און בוהוש, זענען די ייִדן טיף באַאיינפלוסט געוואָרן פון דער נייער לערע. דער חסידיזם איז געווען דער ערשטער גייסטיקער שיכט וואָס האָט געהאָלפן שאַפן דעם אייגענעם „איך" פון מאָל־דאַווישן ייִד.

מ׳דאַרף אויך צוגעבן, אַז די גייסטיקע פאַרבינדונג צווישן מאָלדאַווע, בעסאַראַביע און בוקאָווינע איז געבליבן נישט איבער־געריסן אויך נאָך דעם ווי די צוויי פּראָווינצן זענען אָפּגעזונדערט געוואָרן פון מאָלדאַווע. פונעם שטאַנדפּונקט פון דער ייִדישער גייסטיקער אַטמאָספער האָט צווישן די דריי פּראָווינצן געהערשט אַ נאָענטקייט.

אויך דאַרף מען אָנווייזן, אַז ניגונים פון רומענישע פאָלקס־לידער האָבן געהאַט אַן איינפלוס אַפילו אויף די געזאַנגען פון חסידיש־רבישע הייף [6]. אין מאָלדאַווע האָט מען אַפילו דערציילט אַז דער הויפּט פון דער ריזשינער דינאַסטיע איז געקומען אין חלום צו איינעם פון זיינע זין און אים געוואָרנט, אַז תּפילות פון ייִדן אין דער מאָלדאַווע קומען נישט צום אייבערשטן אין הימל, ווייל די „דאָינעס" פאַרשטעלן זיי דעם וועג. איז מען געפאַלן אויף אַ פּאָרטל און די חסידים פלעגן אַריינפלעכטן אין זייערע זמירות ביי רבישע טישן ניגונים פון דער „דאָינע" בכדי מבטל צו זיין זייער השפּעה.

ייִדישע שרייבער און פאָלקסזינגער אין רומעניע זענען אויך באַאיינפלוסט געוואָרן פון די רומענישע פאָלקסלידער. מען קען

6 דאָס אַריינפירן דרויסנדיקע ניגונים אין חסידישע געזאַנגען איז אויך פאַר־געקומען אין די אַרומיקע לענדער, בולטער ביי די חב"דער אין רוסלאַנד און אין פּוילן. מען האָט גענומען פאַרשידענע ניגונים פון די אָרטיקע פאָלקסלידער און פאָלקסטימלעכע אויסדרוקן, זיי פאַרייִדישט און מיט דער צייט זענען זיי געוואָרן אַ באַשטאַנדטייל פון דער חסידישער מוזיק.

דערמאָנען דעם בעסאַראַבער פאָלקסזינגער זעליג באַרדיטשעווער, דער ערשטער וואָס האָט געשריבן ייִדישע „דאָינעס". שפּעטער אויך איציק מאַנגער.

כאַראַקטעריסטיש איז, אַז אין מיטן פון 19טן יאָרהונדערט האָבן אָנגעהויבן אַריינקומען קיין רומעניע, בעיקר פון גאַליציע, פּוילן, אונגאַרן א. אַנד. ייִדישע קולטור־טוער און פאָלקסשאַפער און גאָר שנעל צוגעפּאַסט זיך צו דער אַטמאָספער פון די פּראָווינצן פון דער מאָלדאַווע. טראָץ דעם וואָס זיי זענען געקומען פון פאַר־שידענע לענדער, האָבן זיי זיך נישט גערעכנט פאַר פרעמדע, נאָר האָבן זיך דאָ געפילט היימיש, ייִדישלעך אין דער גאַנצער געגנט.

אַלס אילוסטראַציע קען דינען בערל בראָדער (1815—1868), וועלכער האָט אין בראָד, ווי אַ יונגער בחור, אַרבעטנדיק ביי חזיר־האָר, שוין געשריבן לידער און זיי אַליין פאָרגעלייענט. ער האָט אויסגענוצט זיינע געשעפטלעכע באַזוכן אין רוסלאַנד און פלעגט דאָרט אַרויסטרעטן אין פיל אכסניות מיט זיינע פאָלקסטימלעכע לידער, וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג. דאָס האָט אים באַוויזן אויפצושטעלן זיין קאַפּעליע. די ערשטע גרופּע פאָלקס־זינגער וואָס איז באַקאַנט אַלס די בראָדער זינגער. די אייגנאַרטיקייט פון זיינע לידער: זיי האָבן אָנגערירט די נשמה פון די האָרעפּאַשנע ייִדן, האָבן גערעדט מערסטנטייל צו די פּשוטע ייִדן, צו די בעלי־מלאכות, צום אָרעמאַן, וועמען ער האָט דערהויבן. מיט זיין אָנגע־נעמער שטימע האָט ער דערהויבן דעם קול פון פאָלקסמענטש. נישט נאָר אין בראָד האָט מען געהערט די בראָדער זינגער, נאָר אויך אין צענדליקער שטעט אין רוסלאַנד האָבן אָפּגעקלונגען די לידער זייערע. אין אַ צייט אַרום, בערך אין מיטן פון 19טן יאָר־הונדערט, זענען די בראָדער זינגער געקומען קיין רומעניע, בעיקר קיין יאַס. פון אָנהויב האָבן זיי זיך דאָ אָנגעשטויסן אויף שוועריַ־קייטן, ווייל די רומענישע ייִדן, די טייהייזער און קרעטשמעס, האָבן דערוואַרט פון זיי אַ „פריילעכן פּראָגראַם". אָבער גאָר שנעל האָט בערל בראָדער און זיין קאַפּעליע פאַרכאַפּט מיט זייערע

לידער. סיי אין די וואָכעדיקע און סיי אין די יום־טובדיקע טעג האָבן זיי אַריינגעגעבן אַ נשמה יתירה די מאָלדאַווער יידן.

דאָס דערשיינען פון די בראָדער זינגער אין רומעניע האָט באַדייט פיל מער ווי דאָס סתם זינגען. זיי האָבן אויפגעוועקט דעם פאָלקסמענטש, וואָס טראָגט אַלע זיינע שווערקייטן האָט ער זיך דערפילט גלייך מיט אַנדערע. די בראָדער זינגער האָבן אין רומעניע דערעפנט אַ נייע קאַפּיטל, אויפגעאַקערט דעם באָדן און פאַרשטאַרקט דעם קולטור־ניוואָ פון די אָרטיקע יידן[7].

בערל בראָדער איז געווען דער פאָרלויפער פון וועלוול זבאַרזשער אין גאַליציע און אליקום צונזער אין רוסלאַנד. הגם בערל בראָדער איז אויסגעוואַקסן אין בראָד, דאָן אַ גרויסער צענטער פון השׂכּלה, האָט ער נישט גענומען קיין אָנטייל אין דעם קולטור־קאַמף צווישן חסידים און משׂכּילים. ווי ביי אַ געוועזענעם אַרבעטער, האָט זיך ביי אים אַרויסגעפילט דער סאָציאַלער טאָן. באַזינגענדיק דעם טרויעריקן גורל פון די שוואַכע, דערדריקטע, באַעוולטע, האָט ער אַריינגעברענגט פּראָטעסט, אָדער טייל מאָל אַפילו פרייד.

פּראָפ. דב סדן באַהאַנדלט אויספירלעך די ראָל פון בערל בראָדערס לידער און געזאַנגען. ער שטרייכט אונטער, אַז ווען אברהם גאָלדפאַדען איז געווען אויפן וועג צו שאַפן זיין ערשטן יידישן טעאַטער, האָט ער זיך באַנוצט צו זיינע פאָרשטעלונגען מיט לידלעך און קופּלעטן פון די בראָדער זינגער[8].

---

7. אין יאָר 1860 איז אין פּרעסבורג דערשינען זיין לידער־זאַמלונג „שירי זמרה — דרייַסיק ערלעכע לידער אין יידיש לשון".

8. דב סדן, „אבני מפתן", חלק א׳, פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תּל־אביב, 1961. „זמרי ברוד וירושתו", זייטן 9—17.

אין דעם דאָזיקן עסיי פון דב סדן איז פאַראַן אַ טיפערער אַריינבליק אינעם כאַראַקטער פון בערל בראָדערס געזאַנגען. כאָטש ער איז געווען באַאיינפלוסט פון דער השׂכּלה, איז ער מיט זיין שאַפונג און זעלישע פילונגען געבליבן צוגעבונדן צו דער פאָלקסשפּראַך, צו יידיש. דאָס איז נישט צופעליק. טראָץ דעם וואָס בראָד איז געווען אונטער דער טיפער השפעה פון די משׂכּילים, האָבן טייל פון די בולטסטע פון זיי (ווי יעקב שמואל ביק

אין זיינע זכרונות דערמאָנט א. גאָלדפאַדען די בראָדער זינ־גער, וועלכע פלעגן אין דער צייט פון די גרויסע ירידים אין בראָד, פאַרוויילן דעם עולם. אין יענער צייט איז בראָד געווען דער צענ־טראַלער פּלאַץ פון מסחר מיט אויסלאַנד. ווען בראָד האָט צוליבן עקאָנאָמישן קריזיס אויפגעהערט צו זיין דער צענטער, האָבן די זינגער פאַרקערעוועט אין אַנדערע מקומות, קיין רוסלאַנד און רומעניע.

מיטן אָנקומען פון גאַליציע קיין רומעניע האָבן משׂכּילים און שרייבער מיטגעברענגט זייערע באַציִונגען צו ייִדיש. טייל האָבן גע־האַט אַ וואַרעמע, טייל אַ פיינטלעכע באַציִונג. די השפּעות זייערע האָבן טאַקע געווירקט אין ביידע ריכטונגען. דער צוזאַמענשטויס צווישן חסידות און השׂכּלה אין רומעניע האָט שטאַרק געווירקט אויף דעם מעמד פון ייִדיש אין ישוב.

מען דאַרף אויך דערמאָנען דעם פאָלקסזינגער וועלוול זבאַר־זשער־עהרענקראַנץ (1926—1883), וועלכער ווערט געהאַלטן ווי דער גרעסטער טרובאַדור אין רומעניע. ער איז געקומען אַהער אין יאָר 1845, פון גאַליצישן שטעטל זבאַרזש. ער איז געווען אַ משׂכּיל. מיט זיינע פאָלקסלידער האָט ער גאָר שנעל געפונען דעם וועג צו די מאַסן און זיינע לידער זענען געלייענט געוואָרן אויפן גאַנצן שטח פון דער היסטאָרישער מאָלדאַווע. כאָטש מען האָט אים גערן געהאַט אין די רייכע הייזער און געבעטן אים, אַז ער זאָל זיי פאַרוויילן מיט זיינע געזאַנגען, האָט עס אים געצויגן צו די פאָלקסמענטשן. ער האָט זיך בעסער געפילט אין די ווינקעלערס און טייהייזער פון דער רויטער בריק אין יאַס, ווו ער איז אומ־מיטלבאַר זיך צוזאַמענגעקומען מיט אַרבעטער און בעלי־מלאכות און זיך געפילט צווישן זיי ווי אין דער היים.

וועלוול זבאַרזשער האָט פאַרבראַכט אין רומעניע 35 יאָר.

א. אַנד.) גענומען פאָדערן אַז די השׂכּלה־באַוועגונג זאָל רעווידירן איר שטעלונג צו חסידות און אָנערקענען דעם ווערט פון ייִדיש. דאָס איז געווען אַ באַזונדערער בייטראָג פאַר ייִדיש מצד אייניקע סופרים פון בראָד. דעם איינפלוס האָט בערל בראָדער מיטגעבראַכט קיין רומעניע.

דאָרט האָט ער געשאַפֿן זיינע בעסטע לידער[9], וואָס אַנטהאַלטן אויך די פּאָעמע וועגן ר׳ בערעניו פון ליאָווע, דעם ריזשינערס זון, וועלכער האָט זיך צוריקגעצויגן פון חסידות און דערמיט אויפ־געשטורעמט די ייִדישע גאַס.

מאָלדאַווע מיט איר הויפּטשטאָט יאַס האָט געדינט אַלס דער הויפּצענטער פון ייִדיש פאַרן גאַנצן לאַנד. וועלוול זבאַרזשער, וועלכער האָט אַרומגעוואַנדערט איבער די שטעט און שטעטלעך מיט זיין ליד און געזאַנג, האָט זיך באַזעצט אין יאַס, וואָס איז דעמאָלט געווען דאָס האַרץ פון ייִדיש פאַרן גאַנצן לאַנד, און אַ צייט אין בוקאַרעשט ווו ער האָט געפונען די נייטאָרין „מלכּהלע די שיינע״.

די בראָדער זינגער און וועלוול זבאַרזשער האָבן צוגעגרייט דעם באָדן פאַרן אויפקום פון ייִדישן טעאַטער דורך אברהם גאָלד־פאַדען אין יאָר 1876. דאָס אַלץ קען דינען אַלס אַ באַשטעטיקונג פון דער ספּעציעלער ייִדישער שטימונג וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן אין מאָלדאַווע און אין די פּראָווינצן.

דעמאָלט האָבן אָנגעהויבן אַריינקומען קיין רומעניע די גאַלי־ציש־פּוילישע משׂכּילים. זיי האָבן זיך פאַרמאָסטן צו ענדערן דעם חסידישן לעבנס־נוסח וואָס האָט באַהערשט מאָלדאַווע. די אָנגע־קומענע האָבן געהאַט אַ השפּעה אויף די פאָלקסמאַסן. „עמך״ פון יאַס, קעשענעוו, טשערנאָוויץ און אַנדערע שטעט און שטעטלעך האָבן געהאָלפן די ניי־געקומענע איינזאַפּן די אייגנאַרטיקייט פון דער געגנט און איר געבן אַ באַזונדערן קאָלאָריט. חסידות, משׂכּי־לישע וועלטלעכקייט, אַרומיקע פאָלקסשאַפונגען און די רומענישע זיטן, ניגונים, האָבן אין לויף פון דורות אויסגעשמידט דעם ייִדישן נוסח פון דער סביבה.

כ׳וויל דאָ ברענגען די מיינונג פון איינעם פון די סאַמע גע־ראָטנסטע פאָלקסדיכטער פון די לעצטע דורות אין רומעניע —

---

9. געזאַמלטע אין „מקל נועם״ — 1865, „מקל חובלים״ — 1869, „חזון למועד״ — 1878).

איציק מאַנגער, ווי אַזוי ער האָט אָפּגעשאַצט די גרויסע שאַפונג פון דער „דאָינע“[10].

די ייִדישע היסטאָרישע מאָלדאַווע האָט מיט פולע זשמעניעס, אין סוף 19טן יאָרהונדערט, צוגעטראָגן דער ייִדיש־מחנה לעב־האַפטיקייט און ייִדישלעכקייט, פאַר וואָס זי האָט טאַקע באַקומען דעם ערנטיטל — צענטער פאַר ייִדיש פאַר גאַנץ רומעניע.

## ייִדיש אין די שאלות־ותשובות

קוועלן וועגן ייִדיש אין רומעניע פון 15טן און 16טן יאָרהונדערט זענען כּמעט ווי נישטאָ און די ידיעות זענען אַזעלכע מאָגערע אַז מען קען זיי נוצן נאָר אויף השערות. דאָך איז פאַראַן אַ קוועלע, וואָס אין דער לעצטער צייט ווערט זי גענוצט פאַר פאָרשן פיל אַספּעקטן פון ייִדישן לעבן. איינשליסלעך אויך די פילאָלאָגישע און

10. איציק מאַנגער ווייזט אָן:
„דאָס רומענישע פאָלקסליד („די דאָינע“) איינס פון די שענסטע און מערקווירדיקסטע אין דער וועלט. צום עלעגישן טאָן פון דער „דאָיִנע“ האָבן אַ סך גורם געווען די יאָרהונדערטער לאַנגע קנעכטשאַפט און באָיאַרן־ווילקיר, וואָס האָבן געבויגן דעם פויערס קאָפּ צו דער ערד, און פאַר דער ערד האָט דער פויער אַרויסגעשטאַמלט זיין צער, און נישט אומזיסט זענען די פייגעלעך געוואָרן זיינע שוועסטערלעך און די גראָע אַלטע טויב — זיין מאַמע.“

„די נאַכטיגאַל קומט פון דער פרעמד,
אונדזערע דאָינעס הערן,
מיר האָבן לידער און בלומען אַ ים,
און אַ ים מיט טרערן.“

„דער אייביקער טעות פון אַלע יונגע ליטעראַטן, — זאָגט איציק מאַנגער, — וואָס זיי פאַרגעסן, אַז די גרעסטע לירישע מייסטערס האָבן געטרונקען פון פאָלקסקוואַל, זיך מיט אים באַהאָפטן און דערגרייכט דעם מאַקסימום פון לירישע עמאָציעס“.
„אין דעם פרט זענען די רומענער ענלעך צו אונדז. אויך ביי אונדז שטייט דער גאָלדענער ברונעם פון פאָלקסליד אַ פאַרלאָזענער. די גאָלדענע פאַווע קוקט זיך אויס די אויגן, וואַרטנדיק אויף דעם דיכטער, וואָס זאָל אים געבן אַ תּיקון“.

„שריפטן אין פּראָזע“ פון איציק מאַנגער, פאַרלאַג
י. ל. פּרץ, תּל־אביב 1980, זייטן 289—293.

שפּראַכלעכע פּראַגעס. דאָס איז דער מאַטעריאַל וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט, אין משך פון דורות, אין די שאלות־ותּשובות. אין זיין אַרבעט וועגן ייִדיש אין שאלות־ותּשובות [11] באַצייכנט זלמן שזר אַז די ייִדישע היסטאָריאָגראַפיע אָנערקענט שוין פון לאַנג די אוצרות מאַטעריאַלן פון היסטאָרישן און עטנאָגראַפישן זין, וואָס עס אַנטהאַלטן די שאלות־ותּשובות. אָט די וויכטיקע קוועלן האָבן אויך אָפּגעהיט דאָס ייִדיש לשון אין זיין ערשטן נאַטירלעכן אויסדרוק.

די וויכטיקייט פון די שפּורן פון ייִדיש אין די שאלות־ותּשובות באַשטייט אין דעם וואָס דאָ געפינט מען דאָס אויטענטישע, די דעמאָלט גערעדטע שפּראַך. ד"ר מ. א. הלוי [12] איז געווען צווישן די ערשטע וואָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף די שאלות־ותּשובות אַלס וויכטיקע קוועלע פאַר דער געשיכטע פון די ייִדן אין רומעניע און ער האָט אויך דערמאָנט אַ ביסל וועגן ייִדיש אין די שאלות־ותּשובות ביים סוף פון 16טן און אָנהייב פון 17טן יאָרהונדערט. מען דאַרף דאָ דערמאָנען אַז דער באַקאַנטער פילאָלאָג און דענקער משה גאַסטער פון בוקאַרעשט האָט זיך אויך באַנוצט מיט די שאלות ותּשובות.

אין דער דערמאָנטער תּקופה זענען נישט געווען גענוג וויכטיקע רבנים אין רומעניע וואָס זאָלן פירן אַ פּאַרצווייגטע אַרבעט אין ענין שאלות־ותּשובות. אין 16טן און 17טן יאָרהונדערט האָבן ייִדן פון רומעניע זיך אָנגעהויבן צו ווענדן צו די גאַליצישע רבנים אין פאַרשידענע ענינים. אין די לשון־קודשדיק געשריבענע שאלות־ותּשובות זענען פון צייט צו צייט געווען איינגעשלאָסן גביית־עדות אין ייִדיש. די שאלות־ותּשובות זענען בעיקר קאָנצענטרירט אַרום די פּראַגעס פון עגונות און אַנדערע פּראַגעס אין ייִדישן לעבן. מיר וועלן דאָ ברענגען בלויז אַ קליינעם טייל פון די גביית־עדות אין ייִדיש,

11. „אורי דורות" פון ש. ז. שזר, אין דער אַרבעט „גביות עדות בלשון יידיש בשאלות ותשובות", הוצאת מוסד ביאליק, ירושלים, עמודים 239—319.

12. Consultarille Rabinice ca Izvoare de Istorie Evreo-Romana פון ד"ר מ. א. הלוי, אין דער צייטשריפט „סיני"; באַנד 1, זייטן 10—7, בוקאַרעשט.

כּדי צו געבן אַ מער קאָנקרעטן באַגריף ווי אַזוי ס'האָט זיך אויס־געדריקט דער ייִדיש אין די שו״ת אין 16טן ביזן 17טן יאָרהונדערט אין רומעניע, ד. ה. פאַר די גזרות פון כמיעלניצקי אין ת״ח און ת״ט און נאָך דער טערקיש־אָטאָמאַנישער תּקופה (פאַנאַריאָטן) אין רומעניע.

אין דעם ספר שאלות־ותּשובֿות א. נ. „משאת בנימין״, פון ר' בנימין אהרן ב״ר אברהם סלאָניק, פון קראָקע, אַרויסגעגעבן אין יאָר שצ״ג (1633) איז פאַרנאָטירט אַן עדות־זאָגן פון אַ ייִד וואָס האָט געוווינט אין יאַס מיט אַ גאַליציאַנער ייִד און אין דער צייט פון אַ מלחמה־איבערפאַל איז איינער געהרגעט געוואָרן. דאָ גיבן מיר איבער דאָס עדות־זאָגן אין ייִדיש:

„...היום יום א' ז' אלול שס״ה ואתא לקדמנא כמר מרדכי בן הח״ר שלמה והגיד בת״ע... איך אונ' איין וועלשד יודי זיין גיזעשין צו יאס אין דער וואלח״יי אונ' איז גיוועזין ביי אונש איין יודי פון לעלוב ושמו היה אייזיק גלעזר ער האָט גערביט חמאה וגבינה. ער האָט אן גיהובן מיין בלייבן איז היא ניט איך וויל פארין קען גאליץ וויל לקריץ אויף קופין אולי ווער איך צו וואס קומן... בקרוב ימים נאך זיין ציהן איין קול קומן וויא אין מלחמה איז קומן אויף גאליץ... אחר הדברים האלה זיין מיר גיזעשן צו יאס על יום השוק איז קומן איין גלח צו דעם וועלשין יהודי האט מיט אים גירעט מענין המלחמה הנ״ל ומענין הריגת היהודי הנ״ל אזוי בין איך אוך דערצו גקומן דער גלח האָט גרעט בלשון לעז איך האָב עס ניט זער פר שטנדן האָב אים גיבעטן דו ער זאָל מיר עס זאָגן בלשון של וו״אלחיי... אזוי האָט ער מיר גיזאגט...

די דאָזיקע גביית־עדות ווערט געזאָגט אין אַ ייִדיש פון אַ זייער פרימיטיווער פאָרם, אויך די אויסדרוקן זענען פאַרנעפּלטע. ייִדיש האָט דאַן נאָך נישט געפונען דעם מינימום פּאַסיקע אויסדרוקן פאַר דער שפּראַך. ערשט מיט אַ דור־צוויי שפּעטער, ווען ס'האָבן אָנגע־

הויבן קומען קיין רומעניע פוילישע און רוסישע ייִדן, ס׳האָט אָנ־געהויבן אַריינדרינגען די חסידישע באַוועגונג קיין מאָלדאַווע און אין אַנדערע טיילן פון רומעניע, האָבן זיי אַריינגעבראַכט אַ וועזנט־לעכן פאַרשריט אין דער ייִדישער שפּראַך, וואָס קומט אַלץ קלאָרער צום אויסדרוק אין טאָג־טעגלעכן געברויך.

מיר ווילן דאָ ברענגען נאָך אַ ייִדיש גבֿיית־עדות פון אַן אַנדער זאַמלונג: שו״ת ב״ח הישנות, פּ ע״ן.

אין דער זאַמלונג פון שו״ת א. נ. „בית חדש״ (באַקאַנט מיטן צונאָמען ב״ח), פון ר׳ יואל סירקיש, געבוירן אין לובלין אין יאָר שכ״א (1561), נפטר געוואָרן אין יאָר ת׳ (1640) אין קראָקע.

„ואתא... כמ׳ יושיע בר יעקב והעיד על אחיו כמר יודא בר יעקב ז״ל וז״ל בל״א איצט איין יאר בין איך גוועזן אין דער וואליכייא מיט משה פלאצקר אוקסן צו קויפן אזו האב איך דר קענט איין יודן פון ווייסן בורק דען איך פון ט״ו שנים ניט גזעהן האב אזו האב איך גפרעגט אויף מיין ברודר יודא אוב ער אים קענט... דא האט ער מיר גיענטפרט... דיין ברודר איז גוועזט אויס קוימן... ער איז צו ווייסן בורק גוועזן אונ׳ איז אוש גיפארן אויס צו פרעגן וואו פולנישה שרים שבויים זיין אונ׳ איין ישמעאל איז מיט אים גפארן שבוים צו קויפן אונ׳ זיין געלט גיליגט אויף יודיש וואגן הנ״ל... אזוי האבן קדרים דעם יודא נאך גיאגט אונ׳ האבן אין דיהרגט...

מיר געפינען נאָך אין אַנדערע שאלות־ותשובות אייניקע גבֿיית־עדות אין ייִדיש. אין אַלגעמיין דאַרף מען צוגעבן, אַז אויף דעם געביט האָט רומעניע צו יענער צייט נישט פאַרנומען קיין צענטראַלן פּלאַץ. ס׳איז נאָך אָבער פאַראַן פיל מאַטעריאַל אויף דעם געביט וואָס איז נאָך נישט אויסגעפאָרשט געוואָרן. ערשט מיט 100 יאָר שפּעטער הויבן אָן אין רומעניע צו דערשיינען וויכ־טיקע רבנים, וועגן וועלכע מיר וועלן שרייבן אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלעך.

## פון וואַנען זענען געקומען די אשכּנזישע ייִדן?

### די אַנטשטייונג פון שטעטלעך

די אַנטשטייונג פון אַ גאַנצער ריי שטעטלעך, בעיקר אין מאָל־דאַווע אין 17טן און 18טן יאָרהונדערט, איז פאָרגעקומען אַ דאַנק דעם, וואָס די פּירשטן פון די פּראָווינצן האָבן איינגעלאַדן ייִדן פון פּוילן־גאַליציע, אַז זיי זאָלן קומען זיך באַזעצן מיט זייערע משפּחות, אויסבויען הייזער און קלייטן און אַנטוויקלען דעם מסחר. מען האָט זיי געמאַכט באַזונדערע פּאַרלייכטערונגען און באַפרייט פון שטייערן. ד״ר עליאַס שוואַרצפעלד האָט אין אַן אויספירלעכער אַרבעט באַשריבן די באַזונדערע תּנאים [13] פון דעם בוי פון די שטעטלעך. פאַר דעם גרעסטן טייל פון די פּוילישע, גאַליצישע און רוסישע ייִדן, וועלכע זענען אַריינגעקומען קיין רומעניע, זענען די שטעטלעך געווען גוטע נעסטן און פאַרשטענדלעך, אַז זיי האָבן אויך מיטגעבראַכט דאָס ייִדיש לשון, וואָס איז געווען זייער אומ־גאַנג־שפּראַך. ס׳איז אויך פאַרשטענדלעך אַז אין מאָלדאַווע זענען געווען אויטאָכטאָנע ייִדן (געבוירענע אין רומעניע), אָבער דער רוב ייִדן זענען געקומען פון אַנדערע לענדער. מען דאַרף דער־מאָנען נאָך אַ קאַטעגאָריע אַריינגעקומענע ייִדן: דאָס זענען גע־ווען יוגנטלעכע, כּמעט קינדער, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון די רוסישע געביטן, ראַטעווענדיק זיך פון די „כאַפּערס״, וועלכע פלעגן אויפכאַפּן ייִדישע קינדער פון אשכּנזישע עלטערן, וועלכע פלעגן רעדן ייִדיש און זיך אויסלעבן אין ייִדישקייט.

אין די דאָקומענטן פון 17טן, 18טן און טיילווייז 19טן יאָר־הונדערט איז בפירוש אונטערגעשטראָכן, אַז די אַלע פּריווילעגיעס און פּאַרלייכטערונגען זענען אויסשליסלעך פאַר אויסלענדער.

דער עלטסטער באַקאַנטער דאָקומענט, לויט וועלכן ייִדן פון

13. Din Istoria Evreilor: Impopularea, reimpopularea și intemeierea targa-rilor din Moldova פון ד״ר ע. שוואַרצפעלד, פאַרלאַג „אניוניא״ פימענ־טענילאר עוורעי״. בוקאַרעשט, 1914.

לעמבערג ווערן איינגעלאַדן צו קומען זיך באַזעצן אין רומעניע, איז פון יאָר 1612 און אונטערגעשריבן פונעם פירשט פון מאָל־דאַווע, שטעפאַן טאָמשאַ. די ווענדונג איז אויך צו אַנדערע איינ־ווינער פון לעמבערג, פוילישע, רוסישע, אַרמענער. גלייכצייטיק אַנטשולדיקט זיך דער פירשט פאַר וואָס מיט אַ שטיקל צייט פריער האָט מען די ייִדן פאַרטריבן פון די געגנטן.

מיט יאָרן שפּעטער, אין יאָר 1659, האָט דער פירשט גיאָרגע גיקאַ זיך געוואָנדן צו אַלע איינוווינער פון לעמבערג און אומ־געגנט, אַז זיי זאָלן קומען זיך באַזעצן אין די נייע שטעטלעך און אַנטוויקלען דאָרט דעם מסחר [14].

גראָד אין דער תּקופה האָבן פון פאַרשידענע געגנטן אין פּוילן, נאָך די גרויזאַמע פּאָגראָמען פון די קאָזאַקן מיט כמיעלניצקין בראָש, אָנגעהויבן צו פליסן ייִדן פּליטים קיין רומעניע און דאָס האָט זיך זייער גוט צוגעפּאַסט צום ווונטש פון די הערשער פון די צוויי פּראָווינצן.

די תּקופה פון כמיעלניצקין, ת״ח — ת״ט (1648), האָט גע־בראַכט ייִדן נישט נאָר אין די ניי־געגרינדעטע שטעטלעך, נאָר זיי האָבן אויך זיך צעשפּרייט אין אַנדערע טיילן פון רומעניע, אין שטעט און געגנטן ווו ס׳האָבן דאָרט געוווינט אויך ספרדישע ייִדן [15].

אין דער ערשטער תּקופה פון באַזעצן זיך האָבן די ייִדן לויט די „כריסאָווים״ (די דאָקומענטן), געהאַט רעכט צו בויען

---

14. דער דאָקומענט שטרייכט אונטער: „איר קענט קומען מיט דער גאַנצער זיכערקייט אַז ס׳וועלן נישט זיין קיין גוואַלדטאַטן. איר קענט ברענגען און פאַרקויפן אייער סחורה, און ס׳ווערט פאַרזיכערט אַז ביים קומען און פאַר־לאָזן וועלן נישט זיין קיין שום שוועריקייטן״.

15. ד״ר ע. שוואַרצפעלד ברענגט אַן אויספירלעכע באַשרייבונג פון 68 שטעט־לעך אין וועלכע ייִדן האָבן אויסגעפילט אַ צענטראַלע ראָל און וועלכע זענען געוואָרן דער יסוד פאַר מסחר, און ערלעכער אָנפירונג, פון אויפ־האַלטן די ליידיקע שטחים וואָס זענען געשטאַנען אין רשות פון די פירשטן אָדער מעטראָפּאָליטן אויף וועלכע דער פירשט איז געווען דער הערשער באַשטימט פון דער מדינה און ער האָט געקענט באַפעלן וואָס צו טאָן מיט דעם אָדער אַנדערן שטח.

אַ שול (פון האָלץ, נישט פון שטיינער), ווו עס איז אויך געווען דאָס בית־מדרש, די מקווה און אַ בית־עולם. ערשט אין אַ שפּעטערדיקער תּקופה האָבן די בירגערלעכע רעכט פון די ייִדן באַקומען אַ מער ממשותדיקן אויסזען. אין די שטעטלעך איז אויך געווען אַן אַנדער טייל פון דער באַפעלקערונג, פון אַנדערע אומות, מיט אַנדערע שפּראַכן. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז די ייִדן האָבן אָפּגעהיט זייער אומגאַנגשפּראַך צווישן זיך, די ייִדישע שפּראַך וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט פון פּוילן, גאַליציע און אַנדערע מקומות.

דאָס ייִדישע שטעטל אין מאָלדאַווע האָט אויסגעוואָרעמט ייִדיש אין רומעניע. מיר וועלן זיך נאָך באַקענען מיט דער לאַגע פון די גרויסע שטעט ווי: יאַס, בוקאַרעשט, אין די גרויסע צענטערס אין טראַנסילוואַניע, בעסאַראַביע, בוקאָווינע און מאַראַמאַרעש. אָבער וואָס שייך די ניי־געגרינדעטע שטעטלעך אין דער היסטאָרישער מאָלדאַווע, האָבן זיי זיך אַרויסגעוויזן אַלס אַ סטימולירנדיקער פאַקטאָר אינעם אויפהאַלטן ייִדיש [16]

אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז ווען ס'זענען דערשינען די צוויי בענדער אין דער ייִדישער שפּראַך פון יעקב פּסאַנטיר [17], דער ערשטער ערנסטער כראָניקער פון די ייִדן אין רומעניע, זענען ביים אָנהויב פון בוך, לויט די דאַמאָלסדיקע מנהגים, געווען אָפּגעדרוקט אייניקע הסכּמות צום ספר. איינע פון זיי איז די פון ר׳ יצחק אייזיק שור, ראבד״ק בוקאַרעשט:

---

16. פון די 68 שטעטלעך וואָס ד״ר שוואַרצפעלד ברענגט אין זיין באַשרייבונג, וועל איך דערמאָנען נאָר אייניקע: באַקעו, בעלץ, ביוואָלאַרי, באָטאָשאַן, בוהוש, פאַלטיטשען, פאַלעשט, פּרומאַשיקאַ, הערלעו, גערצען, מיהילען, מוינעשט, נעגרעשט, סעווען, סקולען, סערעט, סוטשעוואַ, פּאָקשאַן, פּאָדול־אילאָיע, פּאָדול־טורקולוי, ראַדעוץ, ראָגאָזשע, טערגו־פרומאָס א. אַנד. די גרויסע נעץ פון די שטעטלעך זענען געווען דער אויפנעמפּונקט פאַר די ניי־אָנגעקומענע ייִדן.

17. ספר „דברי הימים לארצות רומעניע״ פון יעקב בר׳ אשר זעליק פּסנטיר, ערשטער טייל — יאַסי, 1871, פאַרלאַג ה. גאָלדנער; צווייטער טייל פון בוך — לעמבערג, יאָר 1873, פאַרלאַג פון יעקב משולם ניק.

„וגם בכללות אחב״י נמצאים רבים אשר לא ידעו ולא יבינו זולת עברי־טייטש, וע״כ כתב הנ״ל את ספריו בלשון הזה וראיתי מלאכתו והנה טוב מאוד, וידעתי כי יצמח עי״כ תועלת רב״.

ווערט דערמיט באַשטעטיקט אַז צו יענער צייט איז די אומגאַנגשפּראַך צווישן די אַשכּנזישע ייִדן געווען ייִדיש (עברי־טייטש) און אַז נאָר אין דער שפּראַך פאַרשטייען זיי וועגן די אַרומיקע ענינים. איך באַמערק די זאַך, ווייל אין די ווייניקע קוועלן, געשריבן אין רומעניש, וועגן דער געשיכטע פון די דאָרטיקע ייִדן אין פריערדיקע יאָרהונדערטער איז זייער זעלטן צו געפינען ביים מחבר עפּעס בולטער און אויספירלעכער וועגן דער שפּראַך ביי ייִדן. דאָ און דאָרט קען מען צונויפזוכן באַמערקונגען וועגן דעם, ווי צעוואָרפענע קרעלן און פון דעם דאַרף מען ציען געוויסע מסקנות.

דער באַקאַנטער משׂכּיל און טוער ד״ר יוליוס באַראַש (בראָד 1815 — בוקאַרעשט 1863) האָט פיל בייגעטראָגן צו פאַרשטאַרקן דעם קולטור־ניוואָ פון די ייִדן אין רומעניע. ער איז געווען ווייט פון דערמוטיקן ייִדיש, אָבער ווען ער פלעגט באַשרייבן זיינע רייזעס אין די שטעטלעך פון מאָלדאַווע, בוקאָווינע, מונטעניע האָט ער אין די באַשרייבונגען זיינע אויך אַ ביסל באַרירט דאָס גייסטיקקולטורעלע אויסזען פון די ייִדן אין די ערטער. אין דער מאָלדאַווע האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף דער פולער הערשונג און השפּעה פון די חסידישע קרייזן. באַשרייבנדיק אייניקע אַספּעקטן פונעם לעבן פון די ייִדן אין מאָלדאַווע אין די שטעט און שטעטלעך, דערמאָנט ער אויך די ייִדישע שפּראַך און ער ברענגט (ציטירט אין ייִדיש) פאַלן וועגן אָרטיקע פעלדשערס (וואָס האָבן זיך גערופן: ראובן־דאָקטאָר, טובו־דאָקטאָר א. אַנד.) וואָס האָבן נישט געקענט קיין שום אַנדערע שפּראַך חוץ ייִדיש און זיי האָבן פאַרשריבן דעם רעצעפּט פאַר דעם חולה אין אַ ייִדישן נוסח. מיר ברענגען דאָ דעם ציטירטן נוסח: „אהובי דודי, האדון (דאָ קומט די פאַמיליע פונעם אַפּטייקער) צו נעמען דרייא לויט צענעס, פיל לויט

מאַנע, צו קאָכן אַ האַלבע שעה, דערנאָך אַ ביסעלע מענטע וואסער אראן צוא טוהן, אוף צושרייבן אַלע צוויי שעה אן לעפפעלע צו נעמען, הקטן טובו דאקטאר". דער געשריבענער רעצעפּט אין יידיש איז לייכט דעשיפרירט געוואָרן דורך די אַפּטייקערס.

דאָ דאַרף מען צוגעבן — באַמערקט ד״ר יוליוס באַראַש אין זיינע רייזע־איינדרוקן — אַז אין יאַס איז געווען פאַרהעלטניש־מעסיק אַ גרויסע צאָל יידישע דאָקטוירים, מערסטנטייל אָפּ־שטאַמיקע פון גאַליציע, אָבער זיי האָבן נישט געהאַט קיין באַזונדערע באַציונג צו זייערע יידישע פּאַציענטן. זיי פּלעגן גערן זיך אָפּזונ־דערן פון דער קאַטעגאָריע חולים אויב זיי האָבן באַקומען אַרבעט אין באָיאַרישע הייזער.

אין די דרייסיקער יאָרן פון דעם יאָרהונדערט האָט דער מיט־גליד פון דער רומענישער אַקאַדעמיע (היסטאָרישע סעקציע), אַלעקסאַנדערו לעפּאַדאַטו[18], מיטגעטיילט אויף דער זיצונג פון 22סטן יוני 1934, וועגן די רייזע־איינדרוקן פון די צוויי סקאָטישע מיסיאָנערן אין די רומענישע פּראָווינצן אין די דרייסיקער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט. די צוויי סקאָטישע באַזוכער האָבן געמאַכט אַ יסודותדיקע אַרבעט. זיי האָבן געפּרוווט געבן אַן אויספירלעך בילד פון דעם חסידישן שטייגער־לעבן פון די יידן בעיקר אין מאָלדאַווע. צווישן אַנדערע שטרייכן זיי אונטער אַז די יידן רעדן צווישן זיך אַ זשאַרגאָן וואָס איז אַ פאַרקריפּלטער דייטש און אַז די יידן זענען פאַרשידענע בעלי־מלאכות. די שולן זענען שוואַכע, אַזוי אַז פיל עלטערן באַזאָרגן דאָס לערנען פון זייערע קינדער דורך פּריוואַטע מלמדים.

אין יאַס, דערציילן זיי, אויף אַ באַפעלקערונג פון 25,000 יידן זענען פאַראַן קרוב צו 200 שולן און בתי־מדרשים, פון זיי 30 גרויסע שולן. די מיסיאָנערן האָבן אַריינגעקוקט ווי עס לעבן די יידן, געזען

18. Alex Lepadatu: „Evrei în Țările noaștre acum o Sută de ani" פאַרלאַג פון דער רומענישער אַקאַדעמיע, יאָר 1934, זייטן 12—16.

נישט נאָר די דרויסנדיקע אויפפירונג, נאָר אויך דעם אינערלעכן שטייגער, דאָס יום־טובדיקע און דאָס וואָכעדיקע לעבן, מיט אַלע ספּעציפישע מנהגים און פירונגען. זיי שטרייכן אונטער, אַז זייער ווייניק ייִדן האָבן פאַרשטאַנען דעם פּירוש־המילות פון די תּפילות. אַפילו צווישן די מלמדים זענען געווען זייער ווייניק וואָס האָבן געקענט איבערזעצן די תּפילות. זיי האָבן באַזוכט אַ גרעסערע צאָל ייִדישע קהילות אין: גאַלאַץ, בראַילאַ, בוקאַרעשט (7,000 ייִדן, 7 אַשכּנזישע שולן און אויך אַ שיינע ספרדישע שול), פּאַקשאַן, בערלאַד, וואַסלוי. דאָ דערציילן זיי, אַז זיי האָבן געזען אין אַן אָרע־מער ייִדישער שטוב אַ קליין קינד שלאָגן כּפּרות מיט אַ ווייסער הון און זיין מוטער די אַלמנה העלפט אים צו. אין די אויגן פון די סקאָ־טישע באַזוכער איז דאָס געווען אַן איבערראַשונג. זיי האָבן אויך געזען דעם „עירוב" אין פיל טיילן פון יאַס, אַ שטריק איבערגעצויגן פון איין הויז צום אַנדערן כּדי פעסטצושטעלן דעם תּחום אין וועלכן ייִדן מעגן גיין און טראָגן אין שבת.

ד"ר יוליוס באַראַש האָט אין אַן אויספירלעכער היסטאָריש־סאָציאַלער אַרבעט וועגן די ייִדן אין רומעניע נישט געשאָנעוועט, נאָר שאַרף אַטאַקירט דעם גייסטיקן מעמד פון דער חסידישער מחנה אין מאָלדאַווע. די סיבות פון דער שלעכט אַנטוויקלטער גייסטיקער אַטמאָספער זעט ער דער עיקר אין דער לאַנגער תּקופה פון דער טערקישער הערשאַפט אין משך פון יאָרהונדערטער, וואָס האָט געלייגט דעם חותם פון הינטערשטעליקייט. דעריבער האָט אַ פּוילישער ייִד זיך גערעכנט העכער און וויכטיקער פון אַ רומענישן ייִד. די אַלגעמיינע גייסטיקע הינטערשטעליקייט — באַהויפּט באַ־ראַש — האָט אויך משפּיע געווען אויפן כאַראַקטער פון היגן חסידיזם. באַראַש דערשיינט טאַקע ווי אַ פריידיקער און קעמפער פאַר אַ טיפער ענדערונג אינעם קולטור־לעבן פון די מאָלדאַווער און מונטעניער ייִדן. מען דאַרף דערמאָנען אַז דער משכּילישער שטראָם מיטן ד"ר באַראַש בראש, האָט זיך צונויפגעשטויסן מיטן גרויסן רב מלבי"ם. דער צוזאַמענשטויס צווישן די ביידע — ד"ר באַראַש און הרב מלבי"ם — האָט געהאַט זייער שאַרפע און אַנגע־

ווייטיקטע פּאָלגן, וואָס האָבן צערודערט די ייִדן אויפן אָרט און דערפירט צום פּאַרטרייבן דעם מלבי״ם פון בוקאַרעשט.

אין זיין אַרבעט דערציילט ד״ר באַראַש, אַז אויסער די ייִדן אין די שטעט און שטעטלעך, ווו דער רוב פון זיי זענען ייִדיש־רעדנדיקע, האָט ער באַמערקט אַ באַזונדערע דערשיינונג, וואָס אין די סאַמע פּאַרוואָרפנסטע ווינקלען פון מאָלדאַווע, אין די דערפער אָדער אין מיטן פון אַ וועג, געפינט זיך אַ קרעטשמע מיט אַן איינ־צלנעם ייִד און זיין משפּחה. באַראַש שטעלט זיך אָפּ אויף דער סכּנה וואָס עס נעמט אויף זיך אַזאַ ייִד אין אַ קרעטשמע אין אַ דאָרף אָדער אין מיטן וועג, ווו עס דראָט אים אַ שטענדיקע געפאַר, וואָס הענגט ממש איבער זיין קאָפּ ווי אַ דאַמאָקלעס־שווערד. די סכּנה איז פיל גרעסער פון דעם ריווח וואָס ער באַקומט פון די פּויערים. מען מוז צוגעבן, אַז ביי באַראַשן פעלט דאָס אינערלעכע ייִדישע לעבן, די נשמה־יתירה פון ייִדן וואָס האַלט אים אויף צו בלייבן אַ ייִד אויך אין דער סביבה פון פּחד און סכּנה.

ווען מען לייענט באַראַשס אַרבעט, שווימט אויך אויפן זכּרון דאָס געלונגענע בוך פון דעם שרייבער פון מאָלדאַווע, יצחק האָראָוויץ „מיין טאַטנס קרעטשמע״[19], אין וועלכן דער מחבר דערציילט די איבערלעבענישן פון זיין אייגענער משפּחה אין דער קרעטשמע אין אַ מאָלדאַווער דאָרף אין סוף פון 19טן יאָרהונדערט, ווו דער שבת איז געווען דער ליכטיקסטער שטראַל אין דעם לעבן פון דער קרעטשמע מיט די גוייִם און שקצים. די באַשרייבונג פון שבת איז אַ רירנדיק בילד.

## אין אַנדערע פּראָווינצן

**מונטעניע**

מונטעניע, די צווייטע גרויסע פּראָווינץ פון רומעניע, האָט גע־האָט אַ קלענערע ייִדישע באַפעלקערונג ווי מאָלדאַווע. די ערשטע

19. פּאַרלאַג „מתּנות״, ניו־יאָרק 1953.

גרופּעס ייִדן אין מונטעניע, בעיקר אין בוקאַרעשט און אין אַנדערע שטעט, זענען געווען די ספּרדישע ייִדן וואָס האָבן זיך באַזעצט און האָבן זיך פּאַרנומען מיט מסחר, מונטעניע האָט אויך נישט געהאַט די ניי־אויסגעבויטע שטעטלעך, אַזוי אַז דאָ האָט געפּעלט די אַט־מאָספער פאַר ייִדיש.

ערשט נאָך די כמיעלניצקי־פּאָגראָמען אין אוקראַינע און אין פּוילן, אין מיטן פון 17טן יאָרהונדערט, האָבן פון די פּאָגראָמירטע געביטן אָנגעהויבן שטראָמען ייִדיש־רעדנדיקע און די אַשכּנזישע מחנה האָט אָנגעהויבן וואַקסן. סוף פון 18טן יאָרהונדערט האָבן אויך אָנגעהויבן אָנצוקומען אַשכּנזישע רבנים. אָבער די אינערלעכע קריגערייען אַרום די אַשכּנזישע רבנים אין יענער צייט האָבן דער־פירט דערצו אַז די אַשכּנזישע רבנים זענען פאַרטריבן געוואָרן[20]. אַזוי איז געשען מיטן באַקאַנטן רב וואָס איז געקומען פון אונגאַרן און ער איז נאָך אַ קורצער צייט ממש פאַרטריבן געוואָרן, אַזוי אויך מיטן רב חיים האַלפּערן פון רוסלאַנד. אַפילו אַ באַקאַנטער רב פון פּאַקשאַן, ר׳ חיים, האָט נישט באַוויזן צו באַקומען די נויטיקע צאָל שטימען כּדי אויסגעוויילט צו ווערן אַלס רב אין בוקאַרעשט (אין יאָר 1823).

עס איז אויך אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז דער חסידיזם האָט זיך ווייניק פאַרשפּרייט אין מונטעניע, הגם די צאָל אַשכּנזישע ייִדן איז דאָרטן געוואַקסן. ביזן מיטן פון 19טן יאָרהונדערט האָט מען כּמעט ווי נישט אָנגעזען קיין חסידים אינעם קהילה־לעבן. פאַרשטענדלעך אַז דאָס האָט אויך געווירקט אויפן מעמד פון ייִדיש. ערשט אין מיטן 19טן יאָרהונדערט האָבן זיי אויפגעבויט עטלעכע שולן, תּלמוד־תּורהס און חדרים.

אין יאָר 1867 איז אין בוקאַרעשט, אונטערן דרוק פון די משׂכּילים, אויפגעבויט געוואָרן די גרויסע כאָראַל־שול מיט אַן אָרגל און כאָר, דאַקעגן די חרדים האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום דער שול

20. ד״ר מ. א. הלוי, בוך וועגן די „יאַסער און בוקאַרעשטער קהילות״ דער־שינען אין בוקאַרעשט, אין יאָר 1931, די זייטן 94—99.

פון הרב מלבי״ם און צווישן די צוויי מחנות איז אָנגעגאַנגען אַ גרויסער פּאַרמעסט.

די אומגאַנגשפּראַך צווישן די אַשכּנזישע ייִדן איז געווען ייִדיש, וועלכע מען האָט גענוצט אין גאַס און אין שטוב. ערשט סוף 19טן יאָרהונדערט ווערט ייִדיש אַ קולטור־פּאַקטאָר אויך אין מונטעניע.[21]

## טראַנסילוואַניע (זיבנבערגן)

די טראַנסילוואַנישע פּראָווינץ, וועלכע געפינט זיך איצט אין די גרענעצן פון רומעניע, האָט דורכגעמאַכט פאַרשידענע הערשער־ענדערונגען. די געשיכטע פון די ייִדן אין טראַנסילוואַניע איז גאָר אַלט, פאַראַן השערות, אַז פון חורבן בית־שני. אָבער די מאָדערנסטע געשיכטע ציילט זיך אַ דריי הונדערט יאָר. די תּקופֿה פון דער אונגאַרישער הערשונג איבער טראַנסילוואַניע האָט זיך אויך אויסגעווירקט אויפן ייִדישן לעבן. ביים אָנהייב פון 17טן יאָרהונדערט זענען דאָ געווען קליינע גרופּעס ספרדישע ייִדן, וועלכע זענען אָנגעקומען פון טערקיי. די ערשטע קהילה איז געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1623 אין אַלבאַ יוליאַ. זיי האָבן באַקומען דערמוטיקונג פונעם פירשט בעטלען גאַבער. אין מיטן פון 19טן יאָרהונדערט זענען די קליינע גרופּעס ספרדישע יידן פאַרפלייצט געוואָרן פון די אַריינגעקומענע אַשכּנזישע ייִדן, וועמענס שפּראַך איז געווען חוץ ייִדיש אויך אונגאַריש און דייטש, רומעניש איז גענוצט געוואָרן טיילווייז. כ׳וועל דאָ נישט אַריינגיין אין פּרטים וועגן געבוי פון די קהילות, כ׳וויל נאָר באַצייכענען, אַז די אַשכּנזישע ייִדן, וועלכע

21. כ׳וויל דאָ דערמאָנען אַן אינטערעסאַנטן פּאַל: דער באַקאַנטער פילאָלאָג און שרייבער לאַזאַר שעניאַנו, וועלכער איז געווען אַריינגעטאָן אין שטודירן די רומענישע שפּראַך און ליטעראַטור, דערציילט, אַז זײַן מוטער, וועלכע איז געשטאָרבן אין יאָר 1888, האָט ביזן לעצטן טאָג פון איר לעבן גערעדט פליסיק ייִדיש. דעריבער האָט ער טאַקע באַשלאָסן אָנצושרייבן פאַר איר זכּרון אַ גרויסן עסיי וועגן דער ייִדיש־דייטשער שפּראַך און דער עיקר וועגן דיאַלעקט אין וואַלאַכיע. דאָס איז אַן אויספירלעכער אַנאַליז פון דער ייִדישער שפּראַך פון אַלע אַספּעקטן. איך האָב דורך אַ צופאַל באַקומען דעם עסיי, וועלכער איז היינט אַ יקר־המציאות.

זענען אַריינגעקומען קיין טראַנסילוואַניע, זענען געקומען פון גאַ־ליציע, טשעכיע און אונגאַרן, דאַקעגן די ספרדישע ייִדן האָבן זיך געצויגן פון עטלעכע באַלקאַנישע לענדער. ס'איז באַקאַנט, אַז מיט דער אַנטשטייונג פון דער עסטרייך־אונגאַרישער אימפּעריע אין יאָר 1867, האָט טראַנסילוואַניע געהערט צו אונגאַרן. אין דער צייט פון דער אונגאַרישער הערשונג האָט זיך פאַרטיפט דער אַסימילאַציע־פּראָצעס פון די דאָרטיקע ייִדן און ייִדיש איז גע־שטעלט געוואָרן פאַר אַ שווערער לאַגע. אמת, אַז אין טראַנסיל־וואַניע זענען אויך געווען געגנטן ווי: מאַראַמאַרעש און באַנאַט א. אַנד. וווּ ייִדיש האָט געהאַט טיפע וואָרצלען.

טראַנסילוואַניע אַלס גאַנצע, איז נישט געווען עפּעס אַ פּראַ־ווינציעל ווינקל. דאָ האָט אין משך פון דורות געשפּרודלט אַ ייִדיש לעבן. געווען ערטער וווּ ס'זענען געווען וויכטיקע תּלמידי־חכמים, וויכטיקע רבנים, חסידישע באַוועגונגען. ס'האָט זיך אויך געפירט אַן אַסימילאַטאָרישע טעטיקייט. אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען וועל איך זיך אָפּשטעלן דערויף אויספירלעכער.

אין די צענדליקער ייִדישע קהילות אין דרום־ און אין צפון־טראַנסילוואַניע האָט זיך געפילט דער אָטעם פון ייִדישקייט. אין סיגעט, דעם צענטער פון מאַראַמאַרעשער געגנט, האָט ייִדיש גע־האַט די אויבערהאַנט אינעם ייִדישן לעבן, נאָר די שטאָט, ווי בכלל די גאַנצע מאַראַמאַרעשע געגנט האָט אויסגעוואָרעמט אין זיך די סאַמע עקסטרעמע שטראָמען פון חסידות, מ'קאָן דערמאָנען וויזש־ניץ און די משפּחה טייטלבוים פון סיגעט, וועלכע זענען אַריבער־געוואַקסן די גרענעצן פון זייער געגנט און זיך פאַרשפּרייט אין פאַרשידענע טיילן פון רומעניע און אַפילו אין אַנדערע טיילן פון דער וועלט.

### בעסאַראַביע

ווי ווייט ייִדישלעך ס'איז געווען בעסאַראַביע באַווייזט אַמ־בולטסטן די פאָלקסציילונג, וועלכע איז פאָרגעקומען אין רומעניע אין יאָר 1930. אויף דער רובריק גלויבנס־אָנגעהעריקייט האָבן 95

פּראָצענט יִידן אָנגעגעבן זיך אַלס יִידן, פון זיי האָבן 69 פּראָצענט אָנגעגעבן אַז זייער מוטערשפּראַך איז יִידיש. אין פּראָווינצן מיט אַ געדיכטער יִידישער באַפעלקערונג האָבן די יִידן אָנגעגעבן יִידיש אַלס זייער מוטערשפּראַך: אין בעסאַראַביע — 97%, אין מאַראַ־מאַרעש —97.6%, אין בוקאָווינע — 80%.

די געשיכטע פון בעסאַראַבער יִידן איז באַגלייט געווען מיט שוידערלעכע בלוט־געשעענישן. נאָכן טרויעריק־באַקאַנטן פּאָגראָם אין 1903 איז געקומען דער טרויעריקער פינאַל, די פאַרניכטונג פון 84% פון די בעסאַראַבער יִידן אין די טויט־לאַגערס פון טראַנס־ניסטריע און אין אַנדערע ערטער בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה. דעמאָלט איז אויסגעראָטן געוואָרן דער שבט בעסאַראַבער יִידן.

בעסאַראַביע איז געווען אַ באַשטאַנדטייל פון מאָלדאַווע, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן נאָך אין 14טן יאָרהונדערט, דאָ האָבן זיך אויסגעווירקט די השפּעה און דער וווּקס פון די אַשכּנזישע יִידן, וועלכע זענען אַהערגעקומען פון פּוילן, גאַליציע, רוסלאַנד און אַנדערע לענדער.

ביז סוף 18טן יאָרהונדערט האָבן זיך אין רוב בעסאַראַבער שטעט און שטעטלעך באַזעצט אין גרעסטן טייל יִידיש־רעדנדיקע. געווען אויך קליינע גרופּעס וועלכע זענען געקומען פון טערקיי. די אַלגעמיינע צאָל פון דער יִידישער באַפעלקערונג אין בעסאַ־ראַביע ביים סוף פון 18טן יאָרהונדערט, איז געווען בערך 20,000, פון זיי — 60% אין די שטעט און 40% אין די דערפער. די דאָרפישע יִידישע באַפעלקערונג האָט באַווירקט דעם יִידישן כאַראַקטער פון בעסאַראַביע. זייער ווייניק פון די דאָרפישע יִידן האָבן געאַרבעט אַליין ביי ערדאַרבעט, אין גרעסטן טייל זענען זיי געווען אַרענ־דאַרן ביי די פּריצים פון זייערע פעלדער, וועלדער, מילן, געווע־טענישן, פּרוכט־גערטנער א. אַנד., אַ טייל האָבן געהאַלטן קרעטש־מעס אין די דערפער. ביי דער צווייטער העלפט פון 18טן יאָר־הונדערט הייבן זיך אָן אין בעסאַראַביע צו מערן יִידישע בעלי־מלאכות.

אין צווייטן טייל פון 18טן און אָנהייב פון 19טן יאָרהונדערט האָט אָנגעהויבן אַריינצודרינגען פון דער פּאָדאָלער געגנט דער חסידישער שטראָם, וועלכער האָט מיטגעבראַכט אַ זייער בכּבודיקע צאָל וויכטיקע רביים ווי: ר׳ דוד שלמה בן אביגדור אייבשיץ אין סאָראָקע [22], ר׳ חיים טירער טשערנאָוויץ [23] אין באָטאָשאַן, קעשע־נעוו און מאָהליוו, ר׳ אריה פון לאַנצוט — אין קעשענעוו א. אַנד. זיי האָבן געהאַט אַ טיפע השפעה אויף דער ייִדישער באַפעלקערונג און אויך געהאַט אַ גוטע אויסווירקונג אויף ייִדיש אין דער בעסאַ־ראַבער געגנט.

אין 1812 איז בעסאַראַביע אַנעקסירט געוואָרן דורך רוסלאַנד. כּדי וואָס שנעלער צו רוסיפיצירן די געגנט האָט רוסלאַנד דער־מוטיקט אַן אימיגראַציע פון פאַרשידענע קרייזן און צווישן זיי זענען אויך אָנגעקומען אַ גרויסע צאָל רוסישע ייִדן, זיך צו באַזעצן אין אַלע טיילן פון בעסאַראַביע. היות ווי די דאָרפישע באַפעל־קערונג איז באַשטאַנען פון מאָלדאַוואַנער פּויערים און די רוסי־פיקאַציע האָט אויף זיי געהאַט אַ קנאַפּן איינפלוס, איז די טענדענץ פון דער רוסישער מאַכט געווען אַריינצוברענגען נייע קרייזן און באַפעלקערן בעיקר די שטאָטישע געגנטן. צוליב די קלאַנגען, אַז אין בעסאַראַביע קאָן מען לייכטער זיך איינאָרדענען און געפינען בעסערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, האָבן פיל ייִדן פון רוסלאַנד — אַפילו פון ליטע, ווייסרוסלאַנד, צפון־אוקראַינע — וועלכע האָבן זיך געפונען אין אַ שווערן מצב, געווענדט זייערע שריט קיין בעסאַ־ראַביע. דאָס האָט געבראַכט דערצו אַז אין משך פון די ערשטע 50 יאָר פון דער רוסישער הערשאַפט אין בעסאַראַביע איז די ייִדישע באַפעלקערונג פאַרטאָפּלט געוואָרן.

אין מיטן 19טן יאָרהונדערט איז שטאַרק געוואַקסן די אשכּנזישע באַפעלקערונג אין קעשענעוו, די הויפּטשטאָט פון דער גאַנצער

22. מחבר פון „ערבי נחל" און „לבוש שרד", געפּרעדיקט פאַר א״י, וווּ ער איז נפטר געוואָרן אין צפת (1810).

23. מחבר פון „באר מים חיים", נפטר געוואָרן אין צפת.

בעסאַראַבער פּראָווינץ. אין דער זעלבער תּקופה איז פּאַרלייכטערט געוואָרן פֿאַר ייִדן צו קאָנען אַרבעטן אין די דערפֿער ביי ערד־אַרבעט, ווי אויך דאָס אויפשטעלן נייע ייִדישע שטעטלעך. זענען טאַקע אין די 16 ייִדישע שטעטלעך דעמאָלט געווען טויזנטער ייִדישע ערד־אַרבעטער. דאָ האָט זיך טאַקע געשאַפֿן דער איינגעפונדעוועטער ייִדיש־נוסח.

אין דער זעלבער צייט האָט אויך דאָס חסידות פּאַרפעסטיקט זיין קיום און השפעה אויף די בעסאַראַבער ייִדן, אויסער די וויכטיקע חסידישע רביים וואָס זענען אַריינגעקומען פון דרויסן (אייניקע זענען שוין אויבן דערמאָנט געוואָרן), האָבן זיך אויך אַנטוויקלט די „דינאַסטיעס" אָדער הייף פון צדיקים. כ'וועל דאָ דערמאָנען די שושלת פון ראַשקאָוו, געגרינדעט פון ר' שבתאי (אַ תּלמיד פון מגיד פון מעזריטש) און די שושלת צדיקים לבית ווערטהיים מיטן זיצאָרט אין בענדערי. מ'דאַרף אויך דערמאָנען די גרויסע השפעה פון ר' ישראל מריזשין, בעיקר ווען ער האָט זיך באַזעצט אין יאָר 1840 אין שטעטל סאַדיגוראַ אין בוקאָווינע. ער האָט פאַרשפרייט זיין איינפלוס דורך דער גרויסער צאָל זין זיינע, אין גאַנץ מאָלדאַוועע און בעסאַראַביע.

אויך די משׂכּילים זענען נישט געבליבן הינטערשטעליק. זיי האָבן געאַרבעט כּדי צו פאַרשפרייטן אין בעסאַראַביע די השׂכּלה. כּדאַי צו פאַרצייכענען זייער דערפאָלג, עס איז זיי געלונגען צו גרינדן אין קעשענעוו די ערשטע ייִדישע וועלטלעכע שול, ענלעך צו דער שול אין אָדעס, וועמענס דירעקטאָר, בצלאל שטערן, האָט פיל מיטגעהאָלפן צו איר גרינדונג.

אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען וועלן מיר ברענגען ווי ס'האָט זיך אַנטוויקלט דאָס קולטור־לעבן אין בעסאַראַביע און די ראָל פון ייִדיש אין דאָרטיקן ייִדישן לעבן.

**בוקאָווינע**

בוקאָווינע האָט דורכגעמאַכט דעם וועג פון איבערגיין פון איין הערשאַפט צו דער צווייטער. בוקאָווינע געפינט זיך צפון־זייט

פון מאָלדאַווע און בעסאַראַביע און זי האָט זיך טאַקע אַנטוויקלט כּמעט אויפֿן זעלבן אופֿן ווי זיי. אין יאָר 1774 ווערט בוקאָווינע אַנעקסירט צו עסטרייך אונטער וועמענס הערשאַפֿט זי געפֿינט זיך ביז דער צעפֿאַלונג פֿון דער עסטרייך־אונגאַרישער מאָנאַרכיע, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין 1919 באַקומט רומעניע צוריק בוקאָווינע. אין דער צייט פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען סאָוויעט־רוסלאַנד איז אַריין אין דער בוקאָווינע, האָט זי צוריק אַנעקסירט דעם צפֿון־טייל. דער דרום־טייל איז פֿאַרבליבן אונטער דער הערשאַפֿט פֿון רומעניע. אָט דאָס איבערגיין פֿון איין הער־שאַפֿט צו דער צווייטער האָט זיך אויך אָפּגעשפּיגלט אויפֿן לעבן פֿון די בוקאָווינער ייִדן. אָבער טראָץ דעם וואָס דאָרט איז פֿאַר־שפּרייט געוואָרן די דייטשישע שפּראַך, איז דאָך ייִדיש פֿאַרבליבן דער צענטראַלער פֿאַקטאָר אין דער געגנט.

אין 18טן יאָרהונדערט האָבן זיך אַלס די וויכטיקסטע קהילות אין דער בוקאָווינער פּראָווינץ גערעכנט: טשערנאָוויץ, סוטשאַווע, קימפּולונג, סירעט און ראַדעוץ. די חסידישע קרייזן האָבן דאָ אַלץ געטאָן כּדי אויפֿצוהאַלטן דעם רעליגיעזן שטייגער. זיי האָבן אויפֿ־געשטעלט בתּי־מדרשים און חדרים. אָבער ווען בוקאָווינע איז געוואָרן אַ באַשטאַנדטייל פֿון גאַליציע־עסטרייך, פֿון 1786 ביז 1850, האָט אָנגעהויבן אַריינצודרינגען די השפּעה פֿון דער השׂכּלה. אין 1789 האָט דער עסטרייכישער קיסר יאָזעף דער צווייטער, אַרויס־געגעבן אַ באַפֿעל, אַז ייִדישע קינדער זענען פֿאַרפּליכטעט צו באַזוכן ייִדישע וועלטלעכע שולן, ווו די אונטעריכט־שפּראַך איז שוין געווען דייטש. די קהילות אין טשערנאָוויץ, סוטשאַווע און סאַדיגור זענען געווען געצוווּנגען צו גרינדן די דאָזיקע שולן. אין דער צייט האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן אַן אמתער „קולטור־קאַמף" צווישן דער וועלטלעכער טענדענץ אָנגעפֿירט דורך די משׂכּילים און די חסידישע קרייזן, וועלכע זענען געווען קעגן דער וועלט־לעכער דערציִונג. דער באַקאַנטער רב, ר' חיים טשערנאָוויץ, איז געשטאַנען אין שפּיץ פֿון דעם רעליגיעזן קאַמף. נאָך אַ לענ־גערער תּקופֿה איז געפֿונען געוואָרן אַ פּשרה. ס'איז דער־

לויבט געוואָרן אין בוקאָווינע צו עפענען אויך רעליגיעזע שולן.

ד״ר יוליוס באַראַש האָט אין זיינע רייזע־איינדרוקן (1840) געשריבן, אַז אין בוקאָווינע טראָגן די אָרטיקע ייִדן דעם זעלבן לבוש ווי אין די צייטן פון דער היסטאָרישער מאָלדאָווע. דאָס באַשטעטיקט די זעלישע פאַרבינדונג צווישן די דריי געגנטן: מאָלדאָווע, בעסאַראַביע און בוקאָווינע, וועגן וועלכע מיר האָבן געשריבן אין אָנהייב פון קאַפּיטל.

אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען וועלן מיר נאָך צוריקקומען צו דעם ייִדיש־צושטאַנד אין בוקאָווינע, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויפן ייִדישן לעבן און אויף דער ייִדישער באַפעלקערונג בכלל. דעריבער איז טאַקע פאַרשטענדלעך וואָס אין יאָר 1908 איז גערופן געוואָרן קיין טשערנאָוויץ די ערשטע ייִדיש־קאָנפערענץ צו באַהאַנדלען די לאַגע פון דער ייִדישער שפּראַך און ייִדישער קולטור בכלל.

### ייִדיש, חסידות און השׂכּלה אין רומעניע

אין די ערטער ווו ייִדיש איז נישט געקומען אין באַרירונג מיט חסידות איז ייִדיש כּמעט אַטראָפירט געוואָרן. טראָץ דעם וואָס אין יענער תּקופה איז נישט געווען קיין צוואַנג־רומאַניזאַציע אַזוי ווי אין די שפּעטערדיקע תּקופות, איז דער פּראָצעס פון רומאַניזאַציע אַריינגעדרונגען צווישן די דאָזיקע מאַסן. די אַטראָפירונג איז געווען פאַרשטענדלעך, ווייל חסידות אין יענער צייט האָט נישט נאָר באַרייכערט דעם אינהאַלט פון דער רעליגיעזער טעמאַטיק, נאָר האָט אויך, ווי שוין דערמאָנט, דערהויבן דעם יחיד, דעם פּשוטן האָרעפּאַשנעם ייִדן, וועלכער האָט זיך דערפילט חשיבותדיקער. פון דעם קאָן מען זען, אַז חסידות איז געווען אַ וויכטיקער אָנשפּאַר פאַר ייִדיש אין רומעניע. דאַקעגן די צווייטע באַוועגונג, די השׂכּלה, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן אין די 70ער יאָרן פון 18טן יאָרהונדערט און געדויערט נישט מער פון 100 יאָר, האָט ביי איר אָנהויב געהאַט אַ נעגאַטיווע, אַ קעגנערישע שטעלונג צו ייִדיש. זי האָט געפּריידיקט אַז מען דאַרף ייִדיש פאַרבייטן מיט

דער לאַנדשפּראַך כּדי צו שאַפן אַ מער נאָענטן קאָנטאַקט מיט דער לאָקאַלער באַפעלקערונג און אַז בכלל דאַרף מען ראַדיקאַל ענדערן די ייִדישע דערציִונג. ייִדיש און חסידות זענען געווען צוויי קעגנערישע לאַגערן צו דער השׂכּלה. אמת, ס׳זענען געווען פאַר־שידענע וואַריאַנטן אין דער השׂכּלה, אָבער אין 18טן און 19טן יאָרהונדערט האָט ייִדיש נישט געקאָנט האָבן קיין הילף פון דער השׂכּלה. אָביעקטיוו האָבן די געפירטע מחלוקתן און צוזאַמענ־שטויסן צווישן חסידות און השׂכּלה געהאַט אַן אויסווירקונג אויף ייִדיש.

דאָ שטעלט זיך אָבער די פראַגע: פאַר וואָס איז אין 18טן און אָנהויב 19טן יאָרהונדערט נישט אַנטשטאַנען אין מאָלדאַווע, בוקאָ־ווינע און בעסאַראַביע אַ באַוועגונג פון חסידות לויטן פאַרנעם און פאַרמעסט ווי אין פוילן אָדער גאַליציע? די פראַגע ווערט נאָך מער אויפפאַלנדיק, ווען מען נעמט אין באַטראַכט, אַז דער גרינדער פון חסידות, ר׳ ישראל בעל־שם־טוב, איז געבוירן געוואָרן אין שטעטל אוקופּ, נישט ווייט פון די קאַרפּאַטן־בערג אויפן גרענעץ פון גאַליציע און בוקאָווינע און אין די יאָרן פון זיין התבודדות און זיין וואַנדערונג האָט ער אויך באַזוכט פיל ערטער פון דער היסטאָרישער מאָלדאַווע און, ווי ס׳איז באַקאַנט, האָט ער אין דער הילצערנער שול אין פּיאַטראַ־ניאַמץ פיל מאָל זיך מתבודד געווען. דערצו דאַרף מען אויך צוגעבן, אַז מאָלדאַווע איז געווען אַ צוגענג־לעכער באָדן פאַר אַ מער ברייטער באַוועגונג פון חסידות. מען דאַרף דערמאָנען אַז אין יאָס איז איינגעלאַדן געוואָרן אין שפּיץ פון דעם רבנות אין יאָר תקס״ט (1809) רבי אברהם יהושע העשיל מאַפּטאַ, וועלכער איז געווען איינער פון די גרעסטע רבנים אין זיין צייט און פון די טרייע חסידים פון בעש״ט. אָבער צוליב קרי־גערייען איז ער געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן יאָס שפּעטער מיט 4 יאָר, אין תקע״ג. ס׳איז טאַקע נישט פאַרשטענדלעך, פאַר וואָס האָט דאָ חסידות נישט אויפגעבליט אין 18טן און אָנהייב 19טן יאָרהונדערט.

עס איז באַקאַנט אַז אין מאָלדאַווע און מונטעניע זענען נישט

געווען קיין סך ישיבות. ס׳האָבן געפעלט די געהעריקע לומדים און ראשי־ישיבות דערצו. דאָס האָט אויך זיך אָפּגעשפּיגלט אויף דער אַנטוויקלונג פון דעמאָלטיקן ייִדישן דור, ס׳איז נישט צוגעגרייט געוואָרן דער באָדן פאַר אַ פאַרמעסט פאַר אַ ברייטער חסידישער באַוועגונג און דאָס איז אויך אפשר די סיבה וואָס אין רומעניע האָט חסידות נישט געהאַט קיין טיפע וואָרצלען.

דעם מאַנגל אין אַ גרעסערער צאָל ישיבות קאָן מען אפשר אויסטייטשן דערמיט, וואָס דער רוב פון די אַשכּנזישע ייִדן איז באַשטאַנען פון פריש אַריינגעקומענע און זיי זענען געווען פאַר־נומען מיט אַנדערע דאגות. דאָס האָט גורם געווען דערצו אַז ס׳זאָל נישט געשאַפן געווען דער נויטיקער גײַסטיקער קלימאַט פאַר באַוועגונגען. דאָס האָט זיך אויסגעווירקט אויף פאַרשידענע אַס־פּעקטן ווי אויך אויף דער אַנטוויקלונג פון ייִדיש.

די דאָזיקע לאַגע אין חסידות האָט אויך נישט ווייניק צוגע־גרייט דעם באָדן פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון דער השׂכּלה אין רומעניע און צו די שאַרפע צוזאַמענשטויסן צווישן די חסידישע און השׂכּלה־קרייזן. ערשט אין סוף פון 19טן יאָרהונדערט, אָנהייב 20סטן יאָרהונדערט, שטייען מיר פאַר נייע אומשטאַנדן וואָס האָבן געווירקט אויף ייִדיש אין רומעניע, ווי מיר וועלן עס זען אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען.

## קאַפּיטל צוויי

# באַציונגען צווישן לשון־קודש און יידיש

אין 18טן יאָרהונדערט איז ייִדיש אין רומעניע נאָך געווען אין דער אָנהייב־פּאַזע פון איר אַנטוויקלונג. אָבער מען דאַרף אָנווייזן, אַז אין דער דאָזיקער תּקופה איז ייִדיש געווען די שפּראַך וואָס ייִדן האָבן גערעדט צווישן זיך אין דער היים, ביי דער אַרבעט און אויך אין גאַס.

מיר האָבן געבראַכט אין אונדזער אַריינפיר־קאַפּיטל אייניקע שאלות־ותשובות וואָס באַווייזן אַז אַ טייל ייִדן פון רומעניע האָבן זייערע דערקלערונגען אַלס עדות געגעבן אין ייִדיש און אַזוי איז עס פאַרצייכנט געוואָרן. דער שריפטלעכער אויסדרוק פון ייִדיש אין 17טן יאָרהונדערט איז געווען פּרימיטיוו און איז פאַר אונדז נישט לייכט צו פאַרשטיין.

אין 18טן, אָנהויב 19טן י. ה. באַמערקט זיך שוין אַ געוויסע אַנטוויקלונג פון ייִדיש־מצב. פון דער דאָזיקער תּקופה זענען נאָך פאַראַן ווייניק דאָקומענטן פון וועלכע מען זאָל קענען זען ווי אַזוי ייִדיש האָט זיך אַנטוויקלט. טיילווייז קען מען דאָס זען אין די זעלטענע פּנקסים פון „חברה קדישא“, אָדער פון פּנקסים פון בתּי־כּנסת און קהילות. אַן ערנסטע אַרבעט וועגן „פּנקס פון דער וויזשניצער חברה קדישא“ [1] האָט פאַרעפנטלעכט איציק שוואַרץ.

די 39 תּקנות פון דעם פּנקס זענען געשריבן געוואָרן אין

1. „דער פּנקס פון דער וויזשניצער חברה קדישא“ פון יאָר תּקב״ח (1768) פון איציק שוואַרץ, טשערנאָוויץ, געדרוקט אין „ייִוואָ־בלעטער“ באַנד 14, זומער 1939, ניו־יאָרק.

לשון־קודש און בלויז איייניקע צוגאָב־באַמערקונגען זענען געמאַכט אין ייִדיש. „דאָס רוב נאָטיצן פונעם פנקס — זאָגט איציק שוואַרץ — זענען געשריבן אין אַ מער ווייניק קאָרעקטן לשון־קודש. אַ סך נאָטיצן געשריבן אין ייִדיש. קיין גרייזן פעלן נישט. זיי שפּיגלען אָפּ דעם נידעריקן קולטור־ניוואָ פון די מאָלדאַווישע ייִדן אין 18טן יאָרהונדערט״.

ס׳איז אַ פאַקט, אַז לשון־קודש איז געווען אַנגעזען און האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן אין רוב קהלישע דאָקומענטן. מען קען טרעפן לשון־קודשדיקן נוסח אין פאַרשידענע תּקנות, אין די פנקסים פון קהילות, פון „חברה קדישא״ס ווי אויך פון פאַרשידענע בעל מלאכה־צעכן. אין די שפּעטערדיקע צייטן אויך אין דער פרעסע, ביי ייִדישע סופרים א.אז.וו. איז לשון־קודש געקניפּט און געבונדן מיט ייִדיש [2]

2. דאָס רוב סטאַטוטן פון ייִדישע בעל־מלאכות־צעכן זענען געשריבן אין לשון־קודש (זע דאָס בוך פון ד״ר אליהו פעלדמאַן: „בעלי מלאכה יהודים במולדביה״, „האוניברסיטה העברית״, ירושלים 1962. דאָס איז אין דער תּקופה פון 18טן יאָרהונדערט; כאָטש אין די דאָמינירנדיקע האַנטווערקער־פאַכן, גערעכנט אַלס ספּעציפיש ייִדישע ווי: שניידערס, היטל־מאַכערס, בעלי־עגלות, בלעכערס א.אַנד. וואָס האָבן צווישן זיך גערעדט אַ פּליסיקן ייִדיש, זענען אַלע תּקנות פון זייערע צעכן — אין לשון־קודש. די געציילטע פאַרבליבענע פנקסים פון די קהילות, חברה־קדישא, זענען געשריבן אין לשון־קודש. מיט זעלטענע באַמערקונגען אין ייִדיש. דאָס באַגרענעצט זיך נישט נאָר צו די פנקסים, אויך בײַם באַצייכענען די נעמען פון ייִדישע צייטונגען איז דער טיטל פון דער צייטשריפט אַ לשון־קודשדיקער בשעת די גאַנצע צייטונג איז אין ייִדיש. כּדאַי צו דערמאָנען אייניקע פון די ערשטע ווי: „קורות העתים״ (1855), „עדות העתים״ (1856), „היועץ לבית ישראל״ (1874), „שומר ישראל״ (1903), „המבשר״ (1903). ווען דער ערשטער כראָניקער פון דער געשיכטע פון די ייִדן אין רומעניע, יעקב פּסאַנטיר, האָט אָנגעשריבן זיינע 2 בענדער אין ייִדיש, האָט ער דעם טיטל פון די ביכער געגעבן אין לשון־קודש: א) „דברי הימים לארצות רומעניִע״, חלק א׳; ב) „קורות היהודים ברומניה מימי מלך שטעפאַן עד מלכות קאַרל הראשון״. מען קען אויך זען ביי פאַרשידענע דיכטערס און סופרים די זעלבע אויפפירונג לגבי לשון־קודש אין זייערע ייִדישע שאַפונגען. וועלוול זבאַרזשער האָט זיין ערשטע זאַמלונג פון די ייִדישע לידער אָפּגעדרוקט אונטערן העברעישן טיטל „מקל נועם״ (1858), אויך א. גאָלדפאַדען האָט זיך אין די טיטלען פון זיינע ביכער באַנוצט טיילווייז מיט לשון־קודש.

אין 18טן און 19טן יאָרהונדערט האָט געהערשט אַ פולע האַר־מאָניע צווישן לשון־קודש און יידיש. אין יענער צייט זענען לשון־קודש און יידיש אַריינגעדרונגען אין ייִדישן לעבן גייענדיק, אַזוי צו זאָגן, האַנט ביי האַנט. דאָס אַריינדרינגען פון לשון־קודש איז פאָרגעקומען דורכן חדר, בית־הכנסת, בית־המדרש און ישיבה. לאָמיר נישט פאַרגעסן, אַז לשון־קודש האָט ביי ייִדן תמיד פאַר־נומען אַ פּאַוואָריזירט אָרט.

ס'איז אויך וואַרשיינלעך, אַז נישט אַלע מיטגלידער פון דער חברה־קדישא, אָדער פון די ייִדישע בעל־מלאכה־צעכן האָבן גע־קענט לשון־קודש. מען האָט איינגעלאַדן אַ באַזונדערן קענער ער זאָל פאָרמולירן די פאַרשידענע תקנות און סטאַטוטן. די זאַך איז געווען אַקצעפּטירט פון דעם רוב פירנדיקע געזעלשאַפטלעכע קרייזן. דאָס איז געווען אַ דערפרייענדיקע דערשיינונג און האָט בולט באַוויזן דעם גייסטיקן מצב פון די ייִדן אין יענער תקופה.



אין דער דערמאָנטער אַרבעט וועגן דעם „פנקס פון דער וויזשניצער חברה־קדישא" פון איציק שוואַרץ געפינען מיר זייער אינטערעסאַנטן מאַטעריאַל, וואָס קלערט אויף די לשון־קודש־תקנות. שוואַרץ גיט דערביי צו זיינע באַמערקונגען. די „חברה־קדישא" האָט דעמאָלט אויסגעפילט אַ גאַר באַדייטנדיקע ראָלע אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון די ייִדן. די סטאַטוטן פון דער „חברה־קדישא" האָבן באַקומען די הסכמה פון חכם באַשאַ, וועל־כער איז געווען דער אָפיציעלער רב־הכולל. די אינסטאַנץ איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1719 אין דער צייט פון דער טערקי־שער הערשאַפט. דער חכם באַשאַ האָט באַקומען דורך דער מאַכט די אויבערהאַנט איבער די רעליגיעזע און געזעלשאַפטלעכע ענינים ביי די ייִדן. די ייִדישע אינסטאַנצן בראש מיט דער „חברה־קדישא" זענען אייגנטלעך געפירט געוואָרן לויט זיינע באַשלוסן.

די תקנות האָבן זיך נישט באַגרענעצט צו דער דירעקטער אויפגאַבע פון דער „חברה־קדישא", דאָס הייסט: צו „גמילת

חסדים לחיים ולמתים", צו וואַכן ביי מתעס, זיי מלווה און מקבר זיין. די אַנדערע אויפגאַבעס פון דער חברה־קדישא זענען געווען מבקר־חולה זיין, העלפן אָרעמע קראַנקע. גלייכצייטיק האָבן די תּקנות אַנטהאַלטן זייער פיל אָנווייזונגען וועגן דער פּאַרפליכטנדיקער אויפפירונג פון די מיטגלידער פון דער חברה, וועגן זייער אָרגאַניזאַציע, וועגן די פליכטן פון די מיטגלידער, ווי אַזוי מען ווײַלט אויס די אינסטאַנצן און אויך וועגן אָפּהיטן דעם מעמד און כּבוד פון די מיטגלידער פון דער חברה.

ליידער האָט איציק שוואַרץ נישט ציטירט מער אויסצוגן אין ייִדיש פון די וואָס האָבן זיך געפונען אין דעם פּנקס פון דער וויזשניצער חברה קדישא, ווייל ווען מען וואָלט געהאַט פאַר זיך אַ גרעסערע צאָל ייִדישע טעקסטן, וואָלט פאַר אונדז קלאָרער געוואָרן ווי ס'האָט אויסגעזען דאָס ייִדיש אין יענער תּקופה. אין צווישנצייט איז פאַרשוווּנדן דער „פּנקס פון דער וויזשניצער חברה־קדישא", וועלכער האָט געקאָנט זיין אַ באַלערנדיקער דאָקומענט וועגן ייִדיש אין 18טן יאָרהונדערט אין רומעניע.

מיר וועלן איצט ציטירן אייניקע פון די באַמערקונגען וואָס שוואַרץ ברענגט אין די פראַגעס פון דיסציפּלין פון די מיטגלידער: ס'איז למשל, באַטראַכט געוואָרן ווי אַ באַליידיקונג ווען אַ ייִנגערער חבר האָט גערייכערט אַן עלטערן אין די אויגן. דאָס איז אַן אום־כּבוד.

די ייִדישע נאָטיץ פון תּקנ"ח איז פאָלגנדיקע:

„באשר עס הוט זיך געטראָפין בו ביום איז גיקומין הבחור מענדיל ב"ר יצחק איז גיוועזין ביי די בוררים און האָט גינומין איין לילקי טיטין און האָט גערייכערט וגם ער האָט נאָך גירעט שלא כהוגן נגד הבוררים האָבין מיר בוררים גיוואָלט אַרויש געבין איין פסק האָט דער זיך תיכף מיישב גיוועזין און האָט מפייס גיוועזין כל הבוררים פר אלי זאַכן בפיוס גדול כנהוג".

אָט די ייִדישע ציטאַטע איז קלאָר און פאַר אונדז פאַרשטענדלעכער ווי די ייִדישע גביית־עדות וואָס מיר געפינען אין די אויבן־

דערמאָנטע שאלות־ותשובות פון 17טן י. ה. ס׳איז אויך זייער כאַראַקטעריסטיש אַז די ציטאַטע איז פול מיט לשון־קודש־אויסדרוקן. מען פילט געוויסע אָרגאַנישע צוזאַמענבונדן אינעם בוי פון דעם זאַץ צווישן ייִדיש און לשון־קודש. דאָס באַשטעטיקט ווידער אַ מאָל אַז אין צווייטן טייל פון 18טן יאָרהונדערט און אָנהויב 19טן יאָרהונדערט האָט געהערשט אַ פולע האַרמאָניע צווישן די צוויי שפּראַכן.



וואָס שייך דער פאָרשונג וועגן די באַציונגען צווישן לשון־קודש און ייִדיש, דאַרף מען דאָ דערמאָנען אַ זייער וויכטיקן דאָקומענט פון די האַנדלס־קאָרעספּאָנדענצן. י. קאַראַ [3] האָט געפונען אין מלוכה־אַרכיוו אין יאַס אַ צאָל האַנדלסבריוו אויף ייִדיש פון דער תקופה פון 1829 ביז 1842. אויפקלערנדיק די וויכטיקייט פון די דאָזיקע קאָמערציעלע בריוו, האָט י. קאַראַ געבראַכט אין טעקסט 30 בריוו אין ייִדיש. אַזאַ קאָרעספּאָנדענץ איז אַן אוניקום און עס איז אַ וויכטיקער וועג צו פאַרשטיין ווי עס האָט אויסגעזען דער אויסלייג און די שפּראַך־אַנטוויקלונג אין יענער תקופה.

די קאָרעספּאָנדענץ פירט זיך צווישן די ברידער ישראל און שמואל פאַקשאַנער פון פאַלטיטשען (אַ מאָלדאַווישע שטוט) מיט זייער פאָרשטייער חיים שיין פאַלטיטשענער ווי אויך מיט קונים פון פאַרשידענע שטעט. דער האַנדל נעמט אַרום פאַרשידענע סחורות, בעיקר האָזן־פעלעכלעך, וואָל און אימפּאָרטירטע פאַבריקע קליידער און מאַנופאַקטור. אַזוי ווי דעמאָלט האָט מאָלדאַווע נאָך נישט געהאַט איר אייגענע מטבע, פלעגן דאָרט צירקולירן טערקישע, רוסישע, עסטרייכישע, דייטשישע, האָלענדישע א. אַנד. מטבעות און מען האָט ספּעקולירט אויף די קורס־דיפערענצן. ס׳איז נישט געווען לייכט און פשוט אָנצוגיין מיטן דאָזיקן האַנדל.

3. „ייִדישע האַנדלס־קאָרעספּאָנדענץ פון מאָלדאַווע 1829—1942" פון י. קאַראַ, פאַרעפנטלעכט אין „ייִוואָ־בלעטער" באַנד 44, ניו־יאָרק.

לאָמיר ברענגען אויסצוגן פון אייניקע בריוו אין ייִדיש:

יום ג י״ב אדר שני תקפט פה פאלטיטשען

ידידי הרבני מ״ה חיים שיין אודיע האב דיר גישריבין יום ו׳ עש״ק העבור ח אדר שני צי באַצאָלין לקונים על איוו שלי סך 250 והיום בא בסדרה ואמר שיתן לו לפאקשאן רק על מאה רענדליך ומזומן נתתי לו בכאן ך״ה אדומים ופאליצע (וועקסל) ליאס לר׳ נחמן חלפן נתתי לו ע״ס כ״ה רענדליך. בכן איז גיבליבין הפאליצא סך על 100 פאסיר קירה. ע״כ בקשתי צי באַליבין אין צי באצאלין הסך מאה רענדלעך הנ״ל ויקבל הפאליצא הנ״ל ועם וועלע (?) אך (?) בל (?) ברש (?) בכא (?) הנ״ל צי צאלין מיט 2 טעג זיהט מיום שיבא הפאליצא לפאקשאן; ומחמת שבטיח במודתו (?) שבודי אין קונם עצרתי. — — — יותר שאת... הנ״ל ידידו ה״ק דובער במ׳ אברהם זצ״ל פאקאשניר, ויותר שאת... באתי גם אני על החותם ויקים כנ״ל הנ״ל הק׳ ישראל פאקשאניר.

גם אודיע שכתבתי לך אתמ׳ בריוויל ולתתי לר׳ זיסא שישלם למעלתו וכתבתי שיכתוב ליאן ויזראן מויען שישלח ההאזין ללייפסיג, כך אז איך וועל אים מלייפסיג שרייבן, מען קען זע לשם ניט ברענגען; דאן וועל איך אים שוין מלייפסיג שרייבן איך יתנהג. גם שמעתי ובא לי בכתב מר׳ צבי זאמיר ששמע אז מע האט פאקשאן ווידער געשפארט; אזוי האב ג״כ גישריבין בעסיר אין אזא אפלאדין הסחורה הנ״ל דובער הנ״ל.

מפאלטישען לק׳ פאקשאן שייך ליד הרבני מ״ה חיים שיין נ״י באלאסטעט מיט 1׳ א״י מסך 100 — צי צאלין מיט 2 טעג זיכט וכשיסלק תכיף בביאת האפאליצא אתן תשיאת חן.

ב״ה יום ג׳ מרחשוון תק״צדיק לפ״ק שלום וישע רב לידידי הנגיד והקצין המפורסם מיהר״ר ישראל פאקשאנער נ״י.

מעלד למעלתו בעט מיר צי שיקען עם מכ״ז ב׳ אקיס פאליר טוב, עוד אקי פאליר פין מייני קינדיר וועגין, סך ווערט ג׳ אקיס פאליר. גם מיר צי שיקן אקי באקאן טוב, א ליטרע ציקער לבן, גם חצי טיצץ פירטסאניס עם משי טונקלפיין. גם איך שיק אייך

20 פערציקיר עם מכ״ז. גם בעט מיר שיקן אַלע דיא זאַחין עם מכ״ז אין אי״ה בקרוב וועל איך אַליין קימין לק״ק. יותר אין לחדש רק חיים ושלום. נאום דובער בן שמואל סגל. (אדרעס) : פאלטישעז, שייך להנגיד והקצין המפורסם מהר״ר ישראל פאקשאנער (צו־שריפט פון אַ צווייטער האַנט) : מר׳ בערקיע קעניס מיניאמץ וישלוח (!) לו פאליר ופסיטראניס וצוקר ובאקאן. ושלחתי לו וכתבתי ברייסטר 3 דף 24.



27 כיסלו התר״צדיק פאקשאן להנגיד מ׳ ישראל פאקשאניר
האב למעלתו אַריין גישיקט אַ בריוו 2 כיסלו הנ״ל לראמאן לחתנכם הנגיד ר׳ מענדיל, זאמט אַ קוויט מסוחר אגאפ באראנטשע שסלקתי לו כפי הבריב (בריוו) ממעלתו רך שני מאות ועשרים אדומים, כזו 220 #, ולחוץ מזה הקוויט האב גישיקט רציף שם א פאליצע מיט אַ בריב לסוחר סימייאן ב (א) ראנטשע משאץ, שיסלק למעלתו מיט 6 טעג זיכט שני מאות וחמשים כזו 250 # ואני שני מאות אדומים ; מאה אדומים זאל מעלתו אן שרייבין על חשבוני, ומאה אדומים שייך לחתני לוי יצחק, ווייטיר האב מעלתו אלס בשם גישריבין באריכות. הוועקסלין מר׳ מרדכי בר״ל האב מקבל גיווען, ערך שני מאות אדומים האב שוין גינעמין והמותר וועט אוך קומען לידי יגיביינא, סוחר דיארדי קאלין האט גיצאהלט עפ״א ; וואלט גיווען הוועקסיל בפאקשאן מיט 3 חדשים פריר, וואלט ער גיווען גיצאהלט. הפאליצע מסך 400 ארי׳ מאדונית קאטינקע האב נאך נישט גינימען המעות. בעד האמאשיע שלה, הנקדה „באלטע ראצע״ עם הרחיום גיט מען לשנה ביז שני אלפים ארי׳ אין הסוחר האט אצלי גילאַזט אדערוף 30 קערבליך און ווארט על התשובה.



ר״ח שבט (תק) צדיק, פאקשאן להנגיד ר׳ ישראל פאקשאניר
היות כבר כתבתי תשובה על הבריוו מה שקבלתי ממעלתו ע״י

המשולחים ר׳ זוסיא ור׳ פייביש אונד האב נאך ניט קיין תשובה, גם מעלתו האט און מיר נישט גישריבין, על כבלת (!) השני פאליציס משאץ, זאמט המעות מזומן, וואש האָב איין געשיקט למעלתו, איז מיר כמה תמיות, והייני וויא זע האבין מיר גיגעבין הבריב, האב גיזעהן, אז מעלתו שרייבט, אפשר וועלין המשולחים בעצמו זאגין הגישעפט האָב זע תשובה גיגעבין אז כפי הבריב דארפן זע מיר זאגין, האבין זע מיר דרייא טעג אלס גיזאגט דעם אמת, אין עס איז אַלס שקר גיוועןן. אונד נאָך אלס האב מיך מיישב גיוועןן, אַז מעלתו שרייבט מיר ניט אונד שרייבט עש זאל מיר ניט קשה זיין, בכן זע גיגיבין 93 # אונד האב זע גיזאגט הובט אן צי האנדלען אונד נאך דען אז איר וועט קופין, וועל איך שוין מיזן מותר המעות צאלין, כפי הבריב ממעלתו, אז זיי וועלין קומין זאלין זע אן ווייזין צו מיר, אין דאס איז באמת רעחט, מטעם הידוע למעלתו, וועלין זע האַנדלין מיט איינע סוחרים וואס האב מיט זע א השבון און אן אנדירין עסק, אז ווען וועל גארניט האבין מיט אים, ניצט מיר נגד הסילוק מהמעות מהקארס (קורס), ווייל זע קענין פרעמדע אונד איך קאן אוף מיר איבירנעמין אין קאן מיט 14 טעג שפעטער צאלין ביז וועל האבין תשובה ממעלתו על הבריב שכתבתי, או מעלתו זאל שרייבין ליאס לר׳ נחמן.

*

אין דער דאָזיקער אייגנאַרטיקער האַנדלס־קאָרעספּאָנדענץ לאָזט זיך באַמערקן די פּינקטלעכקייט פונעם האַנדל און ס׳ווערט בולט, אַז טראָץ דעם וואָס אין רומעניע איז דעמאָלט קיין אייגענע מטבע נישט געווען, האָבן די ייִדן דאָך געוווּסט זיך צו אָריענטירן, ווי דאָס קומט צום אויסדרוק אין די פּרטימדיקע אָנווייזונגען פון די ברידער פּאַקשאַנער צו זייער האַנדלס־פאָרשטייער שיין אָדער צו די קונים אין פאַרשידענע ערטער.

דער אויסלייג פון זאַץ אין די דאָזיקע בריוו, טראָץ דעם געמיש פון לשון־קודש און ייִדיש, איז אַ קלאָרער. דאָס איז אַ טראַדיציאָ־

נעלער שטייגער, וועלכער האָט אויך, אין אַ גרויסער מאָס, באַגלייט די האַנדלס־קאָרעספּאָנדענץ.

די געציילטע רומענישע ווערטער און אויסדרוקן (ווי למשל דאָס וואָרט „פּאליצא" (אַ וועקסל) זענען אַריינגעקומען צו באַצייכענען אַ האַנדלס־ענין. זיי זענען אָבער נישט קיין אָפּטע דערשיינונג.



די ענגע פאַרבינדונג צווישן לשון־קודש און ייִדיש אין רומעניע איז געווען אַ באַקאַנטער פענאָמען אין יענער תּקופה. מאַקס ווײַנרייך [4] אין זיין גרויס ווערק „געשיכטע פון דער ייִדישער שפּראַך", האָט אָנגעוויזן אַז אין משך פון דורות האָבן די אשכּנזישע ייִדן, אין דער רעליגיעזער תּקופה, איינגעפונדעוועט און דערנענטערט לשון־קודש צו ייִדיש. דאָס איז געווען אָרגאַניש אין דעם רוב מזרח־אייראָפּעיִשע לענדער. מיר זעען עס ביי פיל איינגעזעסענע ייִדישע ישובים אין מערב־ און אין מזרח־אייראָפּע. אויך אין דעם פאַרהעלטנישמעסיק יונגן ייִדישן ישוב אין רומעניע זענען מיר עדות פון דער זעלבער נאָענטקייט צווישן לשון־קודש און ייִדיש. אין די טיילן פון ייִדישן רומעניע ווו ס'האָבן זיך ביים אָנהויב פון זייער אַנטשטייונג אַנטוויקלט רעליגיעזע אַנשטאַלטן: חדר, בית־הכנסת, בית־מדרש, ישיבות. אָט די אַנשטאַלטן האָבן אויסגעפּלאַסטערט דעם וועג פון דעם רעליגיעזן אַשכּנזישן נוסח געבונדן מיט לשון־קודש און ייִדיש. מיט דער צייט זענען אויך פעסטגעשטעלט געוואָרן די פאַרשידענע פונקציעס פון די צוויי שפּראַכן: ייִדיש — איז געווען די בעל־פּה־שפּראַך און לשון־קודש בעיקר — די בכתב־שפּראַך. מאַקס ווײַנרייך [5] מאַכט אַן אייגנאַרטיקע באַמערקונג לגבי די באַציונגען צווישן די צוויי שפּראַכן: „ר' נחמן בראַסלאַווער קען

4. „געשיכטע פון דער ייִדישער שפּראַך" פון מאַקס־ווײַנרייך. קאַפּיטל „אינע־ווייניקסטע ייִדישע צווייִשפּראַכיקייט", זייטן 251—320.

5. מאַקס ווײַנרייך — דאָרטן, זייט 2.63

אַ זאָג טאָן צו זיינע חסידים, אַז דאַווענען זאָל מען נאָר אין ייִדיש; אָבער ווען ער הייסט דעם גבאי פאַרשרייבן די סיפורי־מעשיות, ווייסט ר׳ נחמן, ווי אַזוי די וועלט פירט זיך און ער שאַפט אַ לשון־קודשדיקע ווערסיע פונעם טעקסט״.

טראָץ דער דעמאָלטיקער קלאָרער פונקציע פון יעדער שפּראַך — לשון־קודש און ייִדיש — איז אָבער אין דער פּראַקטיק באַוויזן געוואָרן, אַז ווען צוויי שפּראַכן פונקציאָנירן אַקטיוו אויפן זעלבן שטח, שטרעבט יעדע שפּראַך צו דערגרייכן צו זיין אי אַ רעדשפּראַך אי אַ שרייבשפּראַך.

אין דער זעלבער תּקופה — ווייזט אָן מ. וויינרייך — האָט זיך אויך אַנטוויקלט ביי די אַשכּנזישע ייִדן אַ באַזונדערער זשאַנער פון תּפילות אין ייִדיש — די תּחינות. דאָס איז געווען אַן אויסדרוק פון פּערזענלעכן געבעט. די תּחינות האָבן שנעל פאַרמירט אַן אייגענעם ליטעראַרישן זשאַנער אין פּרט פון סטיל און סטרוקטור. די ערשטע תּחינות פון אָנהויב 18טן יאָרהונדערט זענען פאַרלוירן געגאַנגען, אַזוי אַז מיר מעגן זיך משער זיין, אַז צווישן זיי זענען געווען אויך עלטערע תּחינות. איך דערמאָן די זאַך, ווייל ס׳איז באַקאַנט אַז אויך אין די פאַרשידענע פּראָווינצן אין רומעניע האָט מען גענוצט תּחינות, בעיקר די פרויען. אייניקע פון די זקנות־העדה דערמאַנען זיך, אַז מיט 70 יאָר צוריק האָט מען גענוצט תּחינות אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך, אָבער מען קען זיי איצט נישט געפינען, די מערסטע זענען פאַרפאַלן געוואָרן. אין די תּחינות האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דער ספּעציעלער נוסח פון מאָלדאַוועע, בעסאַראַביע, בוקאָווינע, מאַראַמורעש א. אַנד., ווי אויך די פאַר־שידענע לאָקאַליזמען כאַראַקטעריסטישע פאַר די געגנטן. אין די תּחינות זענען פאַרזיגלט זעלטענע שפּראַך־ און שטייגער־אוצרות פון דעם ייִדישן שבט וואָס איז געווען צעשפּרייט ביים דניעסטער, פּרוט, דונאַי און די קאַרפּאַטן־בערג.

ס׳איז וויכטיק צו באַצייכענען אַז אין 17טן און 18טן יאָר־הונדערט און אפשר נאָך פריער זענען געווען פרוּוון צו ברענגען דערצו, אַז מען זאָל דאַווענען אין ייִדיש. נישט דאָ איז דער פּלאַץ

צו דערציילן די פּרטים ווי אַזוי די רבנים האָבן זיך קעגנגעשטעלט די דאָזיקע פּרוּוון פון פאַרבייטן די תּפילות פון לשון־־קודש אויף ייִדיש. די זאַך האָט אַרויסגערופן אַ קעגנערשאַפט, ווייל מען האָט געזען אין דעם אַ פאַרלעצונג פון לשון־קודש.

מען דאַרף אויך דערמאָנען, אַז אַ סך בייגעטראָגן צו פאַר־פעסטיקן ייִדיש האָבן די ייִדישע פרויען. זיי איז שווער געווען צו פאַרשטיין לשון־קודש, האָבן די פרויען גענוצט ייִדיש און דאָס האָט אויך געפירט צום אַרויסגעבן דעם חומש אין ייִדיש, די אַזוי גערופענע „צאינה וראינה״ [6] באַגלייך מיט די תּפילות אין ייִדיש — די תּחינות. אַזוי אַרום פאַרנעמט די ייִדישע פרוי אַ בכּבודיקן פּלאַץ אין פאַרשפּרייטן ייִדיש. דערמיט האָט זי געהאַט אַ פּאָזיטיוון איינ־פלוס אין דער אייגענער משפּחה, ביי זיך אין דער היים און מיט דער צייט אויך אויסער דעם ענגן קרייז.

אין די צעוואָרפענע קליינע שטעטלעך אין רומעניע, ווו די ייִדישע פרויען האָבן מיט אַזוי פיל התלהבות און ברען, פאַרגיסנדיק דערביי הייסע טרערן, געזאָגט די פאַרשידענע תּחינות און שבת־צו־נאַכט — דעם „גאָט פון אברהם״ פאַר הבדלה — און דאָס אַלץ אין ייִדיש, האָט עס אויך געהאַט אַ באַדייטנדיקע השפּעה אויף די קינדער.

## לאַזאַר שיינעאַנוס בייטראָג צו דער ייִדיש־מערכה

ווען מען שטודירט די פאַרשידענע אַספּעקטן פון ייִדיש אין רומעניע דאַרף מען זיך אויך אָפּשטעלן אויף דעם וויכטיקן בייטראָג פון לאַזאַר שיינעאַנו (1859—1934) און דער פאַרשאַרבעט זיינער וועגן ייִדיש. שיינעאַנו איז געווען איינער פון די גרעסטע לינגוויסטן פון דער רומענישער שפּראַך, וועלכער האָט אַנטדעקט אייגנאַרטיקע האָריזאָנטן אויפן געביט פון שפּראַכפאָרשונג און האָט זיך אויך

6. מאַקס עריק — „די געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור״. ערשטער קאַפּיטל, זייטן 223—229, וועגן אויפגאַנג פון „צאינה וראינה״, אַרויסגעגעבן פון אַלוועלטלעכן ייִדישן קולטור־קאָנגרעס, ניו־יאָרק 1979.

פּאַרמאַסטן אויפן געביט פון שטודירן דעם ייִדיש־דיאַלעקט. ער
האָט פאַרעפנטלעכט זיין שטודיע אין בוקאַרעשט אין יאָר
1889 אונטערן טיטל : Studio Dialectologic Graiului Evreo-German
און אין יאָר 1902 איז די שטודיע אַרויס אין פּאַריז אין אַ פראַנצוי־
זישער איבערזעצונג : „Essai sur le Judeo-Allemand et spécialement sur le dialect parlé en Valahie”.

שיינעאַנוס עסיי וועגן ייִדיש איז אויפגענומען געוואָרן מיט
גרויס אָפּשאַצונג. בער באָראָכאָוו אין זיין „שפּראַך־פאָרשונג” [7]
שרייבט : „שיינעאַנו איז אַ רומענישער ייִד. ער איז היינט צו טאָג
דער בעסטער פאָרשער אויפן פעלד פון ייִדיש־טייטשער שפּראַך.
זיין ביכל איז אַזוי רייך אין אינהאַלט, ווי קליין אין אומפאַנג, און
דער אינהאַלט איז דורכאויס גרינטלעך, וויסנשאַפטלעך, אינטע־
רעסאַנט. איין חסרון איז פאַר אונדז פאַראַן — וואָס שיינעאַנו איז
מער באַקאַנט מיט דעם וואַלאַכישן דיאַלעקט פון ייִדיש, איידער מיט
די איבעריקע דיאַלעקטן, וואָס שטייען אונדז נענטער”. שיינעאַנו
האָט געמאַכט אַ גרינטלעכע אַרבעט וועגן ייִדיש, באַזירנדיק זיך
אויף זיין פערזענלעכער אָבסערוואַציע און דערפאַרונג וואָס ער
האָט געהאַט פון דעם ייִדיש אין וואַלאַכיע מיט זיינע ספּעציפישע
עלעמענטן. ער איז זיכער געווען אַ גרויסער שפּראַכפאָרשער. ליי־
דער האָט ער, ווי מיר וועלן עס זען ווייטער, נישט געהאַט קיין גלויבן
אין דעם קיום פון דער ייִדישער שפּראַך, אייגנטלעך איז זיין ייִדיש־
עסיי געווען נאָר דער ערשטער טייל פון אַ גרעסערער פאָרשונג
אָבער קיין המשך איז נישט געקומען. זעט אויס אַז שיינעאַנו איז
געווען ווי אַ מעטעאָר אין די הימלען פון ייִדיש־פאָרשונג, אָבער
נישט געקוקט אויף זיינע גרויסע קענטענישן און פעיִקייטן האָט מען
אים זייער שנעל כמעט ווי פאַרגעסן און פאַרשטויסן. שיינעאַנו
האָט געהאַט אין זיין אַרבעט אויך שאָטנס, אָבער מען קען נישט

7. זע בער באָראָכאָוו : „שפּראַך־פאָרשונג און ליטעראַטור־געשיכטע”, קאַפּיטל „די ביבליאָטעק פונעם ייִדישן פילאָלאָג” (400 יאָר ייִדישע שפּראַך־פאָרשונג) זייט 94. פאַרלאַג י. ל. פּרץ, ת״א, 1966.

און מען טאָר נישט פאַרגעסן אַז זיין בייטראַג האָט געבראַכט פיל נוצלעכקייט און גרויסן פרעסטיזש פאַר ייִדיש און פאַר די ייִדן אין רומעניע.

דער באַקאַנטער שפּראַכפאָרשער און לינגוויסט חיים גינינגער[8] פון טשערנאָוויץ, וועלכער איז נאָך יאָרן פאָרשן ייִדיש, אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק ווו ער האָט פאַרגעזעצט זיינע פאָרשונגען, האָט זיך אויסגעדריקט מיט פיל אָנערקענונג וועגן לאַזאַר שיינעאַנוס ייִדיש־ווערק. ער האַלט אַז שיינעאַנו האָט אָפּגעגעבן פיל מי דער ייִדיש־פאָרשאַרבעט און איז געוואָרן אַ וויכטיקער פּיאָנער אויף דעם גע־ביט. שיינעאַנו האָט שוין דאַן, אין דער צווייטער טייל פון 19טן יאָרהונדערט, געשטרעבט אַריינצוברענגען אין דער ייִדיש־פאָרשונג נייע מעטאָדן. ער האָט פּלאַנירט צו שאַפן אין רומעניע אַ וויכטיקן ייִדיש־פאָרשצענטער, מיט אַ גרופּע פאָרשערס וואָס זאָלן קענען די זאַך אַדורכפירן. זיין פּלאַן האָט געזאָלט רעאַליזירט ווערן ווען ס'זענען אין בוקאַרעשט ביי דער „יוליוס באַראַש היסטאָרישער גע־זעלשאַפט" קאָנצענטרירט געוואָרן אייניקע גאָר וויכטיקע ייִדיש־פאָרשערס, ווי: ד"ר משה גאַסטער (1856—1939), לאַזאַר שיינעאַנו (1859—1934), ד"ר עליאַס שוואַרצפעלד (1855—1915) א. אַנד. וועלכע האָבן געדאַרפט דערהויבן זייער טעטיקייט צו אַ הויכער מדרגה. אַ גרויסער קלאַפּ איז געווען פאַר דער איניציאַטיוו דאָס פאַרטרייבן פון רומעניע, אין יאָר 1885, דעם ד"ר משה גאַסטער, וועלכער האָט שוין דעמאָלט געהאַט גרויסע פאַרדינסטן אויפן געביט פון ייִדיש־פאָרשונג, פאָלקלאָר און היסטאָריע. דאָך איז שיינעאַנו ווייטער אָנגעגאַנגען מיט דער אַרבעט און אין יאָר 1889 איז דערשינער זיין ייִדיש־פאָרשונג.

חיים גינינגער האָט באַוויזן אַז שיינעאַנו האָט געשטרעבט גרינגזלעך אויפצוקלערן די נאַטור פון דער שפּראַך־אויסטייטשונג, ווייל פאַר ייִדיש איז עס געווען אַ לעבנס־פראַגע. שיינעאַנו האָט

8. Saineanus acomplishments in Yiddish Lingvistica, אין פאַרלאַג Field of Yiddish, ערשטער באַנד, 1954, ניו־יאָרק, זייטן 78—147.

דערמיט אַליין אַריינגעבראַכט זיין יִידיש־פאָרשונג פון אָנהויב אָן אין צענטער פון די פּראָבלעמען פון דער אַלגעמיינער לינגוויסטיק. ער איז געווען פון די הויפּטקענערס פון דעם גערמאַנישן טייל אין יִידיש און איז אין דעם זין געווען אַ באַנייער פון גרויסן פאַר־מעסט.

אין זיין אַרבעט וועגן דער „קאָרעספּאָנדענץ א. לאַנדוי — ל. שיינעאַנו",[9] ווייז אָן חיים גינינגער „...שיינעאַנו האָט דער ער־שטער אַריינגעבראַכט מעטאָדישקייט אין דער יִידישער שפּראַך־פאָרשונג און דערמיט זי אַ הייב געטאָן מיט אַ מאָל אויף דער אַלגעמיינער וויסנשאַפטלעכער הייך — — — צום ערשטן מאָל געוויזן אַז אַלע זייטן פון דער יִידישער שפּראַך זענען לינגוויסטיש אַ המשך, אַן עוואָלוציע פון פריערדיקע פאַקטן. אויך האָט ער דער ערשטער געגעבן אַ קלאַסיפיקאַציע פון די יִידישע דיאַלעקטן".

אין זיין עסיי וועגן וואַלאַכישן דיאַלעקט (לויטן פּראָנצוויזישן נוסח), ווייזט אָן לאַזאַר שיינעאַנו, אַז אין 15טן יאָרהונדערט, ווען יִידן פון רוסלאַנד און פּוילן האָבן אָנגעהויבן צו עמיגרירן קיין רומעניע צוליב די דעמאָלטיקע רדיפות, האָבן זיי מיטגעבראַכט אין זייער שפּראַך די פּויליש־רוטענישע עלעמענטן. דאָ אין רומעניע זענען צוגעקומען אַ באַדייטנדיקע צאָל רומענישע ווערטער. צוליב דער גרויסער באַטייליקונג פון העברעיִשע עלעמענטן אין דער יִידישער שפּראַך, האָט דער באַקאַנטער שפּראַכקענער און לינג־וויסט פּאָט געזאָגט אַז יִידיש מוז גערעכנט ווערן אַלס אַ געמישטע שפּראַך.

שיינעאַנו באַטאָנט, אַז אין זיין תּקופה (ד. ה. ענדע 19טן יאָר־הונדערט) האָט נאָך געפעלט אַן ערנסטע פאָרשאַרבעט פון די יִידיש־טייטשע דיאַלעקטן און זיינע סוב־דיאַלעקטן. אים איז גע־לונגען, דורך אייניקע פון זיינע פריינד, וועלכע האָבן זיך דאַן געפונען אין בוקאַרעשט, אין יאָר 1889, צו באַקומען פאַרטרווילעכע

9. חיים גינינגער: „די קאָרעספּאָנדענץ א. לאַנדוי — ל. שיינעאַנו, געדרוקט אין „יִיוואָ־בלעטער", באַנד 13, זייטן 275—300, יאָר 1938 — ניו־יאָרק.

אינפאָרמאַציעס און פּרטים וועגן ייִדיש־טייטשן דיאַלעקט אין אונ־גאַרן, גאַליציע, רוסלאַנד, פּוילן און ליטע. דעם דיאַלעקט אין רומעניע, ספּעציעל אין וואַלאַכיע, האָט ער אַליין אָבסערווירט און געמאַכט זיינע אויספירן, אָנווייזנדיק, אַז דער רומענישער דיאַלעקט האָט זיך אויסגעצייכנט דורך זיין וואָקאַליזם אין פאַרגלייך מיטן וואָקאַליזם פון מיטל־הויך־דייטש. ער ברענגט אַלס אילוסטראַציע אַ רייע ווערטער וואָס באַשטעטיקן זיין טעזע.

שיינעאַנו שענקט אויך פיל אויפמערקזאַמקייט דער אינטער־פּרעטאַציע פון תנ"ך, אָנווייזנדיק, אַז ס'איז אויף דעם געביט דער־שינען פאַר די ייִדישע פרויען און טעכטער אַ רייכע ליטעראַטור און ער שטעלט זיך ספּעציעל אָפּ אויף דער גרויסער ראָל וואָס דאָס ספר „צאינה וראינה" האָט אויסגעפילט אינעם פאַרשפּרייטן ייִדיש. דאָס ספר צאינה וראינה, געשריבן און צוזאַמענגעשטעלט פון יעקב בן יצחק יאַנאָווער, איז אין משך פון דער תּקופה פון 1622 ביז 1722 דערשינען אין 22 אויסגאַבעס און אין משך פון הונדערטער יאָרן איז עס געוואָרן דאָס אַממייסטן געוווּנטשענע ספר צווישן די ייִדישע פרויען. אין רומעניע האָט דאָס ספר געהאַט אַן ערשט־ראַנגיקע השפּעה.

ס'איז נישט דאָ דער פּלאַץ אַריינצוברענגען מערערע פּרטים פון שיינעאַנוס טיפער און ערנסטער ייִדיש־פאָרשונג, כ'וויל נאָר באַמערקן, אַז כאָטש ער איז געווען געניגט בעיקר צו ריין טעאָ־רעטישער ייִדיש־פאָרשונג, האָט ער אין אַ גרויסער מאָס געהאַט אַן אַסימילאַטאָרישן צוגאַנג, פּריידיקנדיק משה מענדעלסאָנס לערע[10] וועגן אויפנעמען די לאַנדשפּראַך אַלס וועגווייזער פאַר דער ייִדישער אינטעליגענץ און יוגנט. דאָס האָט אַנטהאַלטן נישט נאָר אַסימילאַציע־טענדענצן, נאָר אין אַ גרויסער מאָס געשטערט די יסודות פון שטאַרקן ייִדיש אַלס רעדשפּראַך. דאָך וואָלט געווען אַן אומרעכט נישט צו אָנערקענען אַז לאַזאַר שיינעאַנו האָט ליב

10. לאַזאַר שיין (דער פריערדיקער נאָמען פון לאַזאַר שיינעאַנו): „משה מענ־דעלסאָן, זיין לעבן און אַקטיוויטעט" (אין רומעניש), בוקאַרעשט, 1880.

געהאַט יִדיש אין רומעניע אַלס דיאַלעקט און ער האָט אין זיין יִדיש־פּאָרשונג אַלץ געטאָן צו דערהייבן די לינגוויסטישע קאָמפּאָ־נענטן אין יִדיש, צווישן זיי די ראָמאַנישע עלעמענטן, די פּוילישע, העברעיִשע און רומענישע עלעמענטן. ווען ער באַהאַנדלט די העברעיִשע עלעמענטן, גיט ער צו, אַז זיי פאַרנעמען פּראָפּאָר־ציאָנעל גאָר אַ גרויסן פּלאַץ אין יִדיש. דאָס שטאַמט פון דעם רעליגיעזן קולט און די מנהגים אין יִדישן לעבנס־שטייגער, אין וועלכע דאָס העברעישע וואָרט און אויסדרוק האָבן דאָמינירט. די לערע פון תּנ״ך און תּלמוד האָט אַריינגעבראַכט העברעיִשע עלע־מענטן אין יִדיש. אַ פאַקט איז, אַז הגם ער האָט זיך געפונען אין וואַלאַכיע ווו יִדיש האָט נישט געשפּרודלט מיט וואַרעמער יִדיש־קייט ווי אין מאָלדאַווע, האָט ער דאָך געברענגט אין זיין עסיי הונדערטער העברעיִשע ווערטער און אויסדרוקן.

שיינעאַנו האָט אויך פעסטגעשטעלט אַז פון אַלע ראָמאַנישע שפּראַכן אין דער דונאַי־זאָנע האָט די רומענישע אַריינגעפירט אין יִדיש אַ סך ווערטער. שיינעאַנו ברענגט ווי אַ באַווייז אַ גרויסע צאָל רומענישע ווערטער ווי למשל: „סקאַפּען״ Scàpa, וואָס איז זייער אָנגענומען אין פּליסיקן יִדיש אין רומעניע; „טאָמנע״ toamna — האַרבסט; „נעפּאָטיקאַל״ Nepot — אייניקל; „דער צעראַן״ taran, פּויער; „מאַסלינע״ maslina, „קאַנטער״ càntar — וואָג; „האַן״ han — אַ שטאַל; פּאָדקאָווע potcoavá און זייער פיל אַנדערע ביישפּילן. ער האָט אין זיינע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען באַוויזן אַ גרויסע באַהאַוונקייט אין יִדישן לשון.

מיט מער ווי 50 יאָר צוריק איז שיינעאַנו געשטאָרבן. זיין גרויסער אויפטו פאַר יִדיש דאַרף נישט דורכגיין אומבאַמערקט. ס׳איז דאָ פּלאַץ פאַר אַ ברייטער שטודיע וועגן דעם וואָס שיינעאַנו האָט געגעבן דורך זיין פאָרשאַרבעט פון וואַלאַכישן יִדיש־דיאַלעקט.

אין זיין אַרבעט וועגן יִדיש איז פאַראַן אַ גרויסער אוצר פון קענטעניש און אַ קוואַל פון וויסן וואָס איז עלול צו פאַרטיפן אונ־דזער יִדיש־פאָרשונג להבא.

קאַפּיטל דריי

# אַ קריסט דרוקט די ערשטע סעריע ספרים אין העברעיִש און ייִדיש

ס'איז ווייניק באַוווּסט, אַז דער וועלכער האָט אָפּגעדרוקט די ערשטע 12 ספרים אין לשון־קודש און ייִדיש, צו הונדערטער עקזעמפּלאַרן פון יעדן ספר אין ביידע שפּראַכן, איז געווען געאָרגי אַסאַקי [1], אַ באַקאַנטער קריסטלעכער אינטעלעקטואַל און קולטור־מענטש. מיט אָט דעם שריט זיינעם האָט ער זייער אַ סך צוגע־האָלפן צו דער פאַרשפּרייטונג פון ייִדיש צווישן ייִדן אין רומעניע און בעיקר אין מאָלדאַווע און אין די נאָענטע פּראָווינצן אין רומעניע.

אין דער ערשטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט האָבן די ייִדן פון רומעניע אימפּאָרטירט באַדייטנדיקע צאָלן ספרים אין ייִדיש און אין לשון־קודש פון אויסלאַנד. איז געקומען געאָרגי אַסאַקי מיט אַ פאָרשלאָג צום פירשט מיכאל גריגאָרי סטורזאַ, אַז אַזוי ווי ער האָט אַ דרוקעריי „אַלבינאַ" און האָט ייִדישע שריפט, קען ער דרוקן אַלע נויטיקע ספרים פאַר די ייִדן און דערמיט אויסמיידן

---

1. געאָרגי אַסאַקי, געבוירן אין הערצע־חוטין אין יאָר 1788 און געשטאָרבן אין 1869 אין יאַסי. ער האָט באַקומען אַ ברייטערע דערציונג אין רומעניע און דערנאָך אין ווין, לעמבערג און רוים. זיין עיקר־השפּעה איז געווען אין איניצירן וויכטיקע קולטור־טעטיקייטן און ער איז געווען זייער אָנגעזען אין זיין תּקופה.
ער האָט זיך נישט אויסגעצייכנט מיט זיינע ליטעראַרישע שאַפונגען. ער האָט אָבער מיט דערפאָלג דורכגעפירט פאַרשידענע פאַרלעגערישע אַרבעטן, אַרויסגעגעבן ליטעראַרישע פּובליקאַציעס. ער איז געווען, אין זיין צייט, דער באַזיצער פון דער גרעסטער דרוקעריי אין יאַס.

דעם אימפּאָרט פון אויסלאַנד. אַסאַקי איז געווען פּאַראינטערע־סירט אין דעם פּראָיעקט ווי אין אַ גוטן מקור פון הכנסה פאַר זיך. אַסאַקי האָט אָבער נישט פאָרויסגעזען אַז מיט זיין דרוקן אַ סעריע לשון־קודשדיקע און ייִדישע ביכער וועט ער ווערן אַ וויכטיקער גורם צו דער פאַרשפּרייטונג פון דער ייִדישער שפּראַך, ווייל מיטן אַריינקומען פון די ספרים אין אַ גרויסער צאָל ייִדישע היימען איז אויך פאַרשפּרייט געוואָרן די ייִדישע שפּראַך.

די ייִדישע שפּראַך וואָס איז גענוצט געוואָרן אין דער ספרים־סעריע פון אַסאַקי איז נישט געווען באַאיינפלוסט פון לאָקאַלן ייִדיש־רומענישן דיאַלעקט, אַזוי אַז די ספרים זענען אויך געוואָרן אַ גרויסער קאָלעקטיווער לערן־מיטל פון אַ מער מאָדערנעם ייִדיש צווישן דער ייִדישער מאַסע אין רומעניע.

מיט אַ צייט צוריק איז מיר אויסגעקומען צו באַזוכן דעם ייִדישן שרייבער און פאָרשער י. קאַראָ אין זיין הויז אין יאַס. ביי דער געלעגנהייט האָט ער מיר געוויזן פאַרשידענע זעלטענע דאָקומענטן פון דער ייִדישער קולטור אין רומעניע. מער פון אַלץ האָט מיך געריירט, ווען י. קאַראָ האָט מיר געוויזן די גאַנצע סעריע פון די ספרים אין לשון־קודש און ייִדיש, וואָס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין דער דרוקעריי „אַלבינאַ" אין יאַס אין די יאָרן 1842—1843. אין אָנהויב פון יעדן ספר איז אָפּגעדרוקט אין דער רומענישער שפּראַך, אָבער מיט ייִדישע אותיות פאָלגנדיקע אָפיציעלע מיט־טיילונג:

„סאַפּט א אוספּיציעלע פּרע אין נאַלצאַטול שע פּרע־לומינאַטו דאמנו מיכאל גריגאָרי סטרוזא, וואיעוואד צעריי מאלדאוואָ, אין אל נאהליע אן דאמניעד מ׳סאלע, טיפּעריט אין אהאריש יעזשי, לא אינסטיטולטא אלבינא 1843. קאוויא צענזור".

אין אַ פרייער איבערזעצונג מיינט עס צו זאָגן:

„אונטער דעם פּאַטראָנאַט פון דערהויבענעם און באַ־לויכטנדיקן הערשער מיכאל גריגאָרי סטרוזאַ, דער פירשט

פון מאָלדאַווע אין 9טן יאָר פון זיין הערשאַפט. געדרוקט אין דער שטאָט יאַס, יאָר 1843 אין אינסטיטוט פון אַלבינאַ מיט דער הסכמה פון צענזאָר".

די דאָזיקע מערקווערדיקע ספרים־סעריע, מיט לשון־קודש און ייִדישן טעקסט זענען אַן אוניקום אין דער ייִדישער וועלט. מ'קען זיי נישט געפינען נישט אין אָריגינאַל און נישט אין פאָטאָקאָפּיעס.

פון דער דאָזיקער סעריע ספרים וועל איך דערמאָנען נאָר איינע :

א) „ספר שערי ציון" — דער מחבר איז נתן נטע האַנאָווער, וועלכער איז געווען רב אין יאַס אין די יאָרן 1659—1670.

ב) ספר סליחות לכל השנה.

ג) ספר תהילים.

ד) ספר ברכת המזון וקריאת שמע.

ה) ספר מגילת אסתר.

ו) ספר שולחן ערוך חלק א'.

ז) ספר „שיח ספונים", פרוש אויף די פינף מגילות, פון ר' אליעזר בר' ראובן כהנא.[2]

ח) ספר שבחי בעל שם טוב.[3]

די ערשטע סעריע ספרים אין לשון־קודש און ייִדיש האָט, ווי געזאָגט, געהאַט אַ וויכטיקן איינפלוס אויף דער תורה שבעל־פה פון ייִדיש אין רומעניע ווי מיר וועלן עס זען אין די ווייטער־

---

2. דאָס בלעטערן דעם „ספר שיח ספונים" אין אַ געלונגענער ייִדיש־איבער־זעצונג האָט מיר גורם געווען אַ באַזונדערע עמאָציע. כ'האָב זיך דערמאָנט וואָס ס'האָט מיר דערציילט מיין פאָטער ר' אברהם קאָרן ז"ל, אַז אונדזער משפחה האָט אַ קרובהשאַפט מיטן פאַרפאַסער פון „שיח ספונים". אויך הרב י. ל. מימון ז"ל האָט מיר דערציילט, אַז ר' אליעזר בר' ראובן כהנא איז געווען אַ באַקאַנטער קבלה־קענער אין בעסאַראַביע אין 19טן יאָרהונדערט.

3. אויף דער ערשטער זייט ווערט באַמערקט: „ספר שבחי הבעש"ט וואָס מיר האָבן מעתיק געווזין אויף לשון אשכנז דש איז גרושי זאַך צו דר ציילן מגודל מעלות ומדות הרב הקדוש, מהור"ר ישראל בעשט ממעזיבוז ניסים נוראות וואָס עש איז געטאָן געוואָרען דורך אים אויף דער וועלט..."

דיקע עטאַפּן פון דער ייִדיש־אַנטוויקלונג אין דעם דאָזיקן לאַנד. דער אַזוי גערופענער „אימיגראַנטישער ייִדיש" האָט געפונען אַ פּרוקטבאַרן באָדן אינעם העלפן שאַפן אַן אייגענעם דיאַלעקט, אַן אייגענעם קאָלאָריט פון דער ייִדישער שפּראַך אין רומעניע. עס שיינט מיר אַז אויף דער אויסבילדונג פון דער ייִדיש־שפּראַך אין רומעניע האָט געווירקט די סימביאָזע פון פאַרשידענע פּירות, השפּעות וועלכע האָבן געבראַכט צו אַ נייער פלאַנצונג. מיר וועלן אויספירלעכער זיך אָפּשטעלן אויף דעם אין די ווייטערדיקע טיילן פון דער דאָזיקער אַרבעט.

## אַנטוויקלונגס־שטאַפּלען פון דער ייִדישער שפּראַך אין רומעניע

פון די אַלטע פאַרשטויבטע ספרים און ביכער וועלכע מען געפינט אין די פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך אין רומעניע קען מען זיך שאַפן אַ פאָרשטעלונג וועגן די שטאַפּלען וואָס די ייִדישע שפּראַך האָט דורכגעמאַכט אין רומעניע. פאַרשטענדלעך אַז מיר וועלן נישט און קענען נישט ברענגען און אויסשעפּן אַלע קוועלן און מקורות און דאָס איז אויך נישט דער צוועק פון אונ־דזער אַרבעט. ס'איז אָבער וויכטיק צו ברענגען אייניקע שפּראַך־אויסצוגן כדי צו אילוסטרירן די עטאַפּן, די שטאַפּלען וואָס האָבן צוגעגרייט דעם באָדן פאַר דער בלי־תּקופה פון ייִדיש אין רומעניע, ווען ס'איז אַנטשטאַנען אַ פאַרצווייגטע ייִדיש־פּרעסע, ייִדיש טעאַ־טער, ווען ס'האָבן זיך באַוויזן די ערשטע שפּראָצונגען פון דער דאָרטיקער ייִדישער ליטעראַטור.

ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אין די פריערדיקע קאַפּיטלעך, זענען די תּקנות און פאַרשידענע סטאַטוטן פון די בתּי־כנסת, בתּי־מדרשים, פאַרשידענע בעלי־מלאכה־צעכן, חברה־קדישא א. אַנד. געווען געשריבן על פּי רוב אין לשון־קודש מיט אייניקע ייִדישע צוגאָבן אָדער באַמערקונגען. אויף אַזאַ מין תּקנה שטויסן מיר זיך אָן אין פּנקס פון בית־הכּנסת פּועלי־צדק פון די שניידער אין בו־קאַרעשט 1836—1905. די תּקנה איז געשריבן אין לשון־קודש און מיט דער זעלבער שריפט אין אַ ייִדישער איבערזעצונג:

„מיר בעלי בתים מבהכ״נ של חייטים הגדולה וועלכס
מיר האָבן געקויפטע פלעצער אין שיהל זענין מיר מסכים
אַז דער יעניגער וועלכער האָט ניט קיין געקויפטעס פּלאַץ
אין שיהל דאַרף זיך ניט מישען אין שיהל־איינגעלעגנהייט.
וויא אויך דער יעניגער וועלכס עס איז אים געבליבין איין
קנין אויף אַ פּלאַץ פאן זיינע עלטערן איז ער מחויב צי
רעגעליערן דעם קנין אויף זיין נאמען, איז אַז ניט האָט
ער קיין שום רעכט זיך צי מישען אין שיהל זאכין.
והשומע תבוא עליו ברכות טוב!״

די תּקנה איז געחתמעט דורך 20 בעלי־בתּים, פון זיי 12 אין יידיש און 8 אין רומעניש.



אין פּנקס פון דער חברה־קדישא פונעם שטעטל ראָמאַן (מאָלדאָווע) פון יאָר תּק״ן (1790) געפינען מיר אַ ליד וועגן לעבן און טויט, וואָס איז געשריבן אין אַ בעסערן סטיל אין יידיש און רופט אַרויס נישט ווייניק באַוווּנדערונג, וואָס מיט אַן ערך 200 יאָר צוריק איז אין אַ פאַרוואָרפן יידיש שטעטל אָנגעשריבן געוואָרן אַ ליד אין אַזאַ פיינעם יידישן נוסח. דאָס זאָגט עדות אַז יידיש אין רומעניע האָט זיך פאַרשפּרייט אַפילו אין אַזעלכע פאַר־וואָרפענע פלעצער און געפונען דאָרט אַ זייער איינדרוקספולן אויסקלאַנג.

קרוב צו 100 יאָר שפּעטער (אין יאָר תּרמ״ו — 1886), האָט דער פּאָרזיצער פון דער חברה־קדישא, מר וואָלף דאַווידאָוויטש, געלאָזט דאָס דאָזיקע ליד פון פּנקס פאַרצייכענען אויף פאַרמעט און אויפגעהאָנגען עס אויף דער וואַנט אין צערעמאָניאַל־זאַל פון ראָמאַנער בית־עלמין.

אינטערעסאַנט אויך צו פאַרצייכענען, אַז אויפן שער־בלאַט פון דעם ראָמאַנער חברה־קדישא־פּנקס איז געווען איבערגעשריבן די תּוכחה פון שלמה איבן גבירול „שוכני בתי חומר״.

דער דאָזיקער זעלטענער דאָקומענט וואַרפט אַ באַזונדער

ליכט, ווען מיר זוכן קוועלן פון ייִדיש אין רומעניע. מיר דאַרפן צוגעבן, אַז אויף דער זעלבער זייט פון ייִדישן טעקסט געפינט זיך אויך אַ העברעיִשע איבערזעצונג פון דעם דאָזיקן ליד.

מיר ברענגען דאָ דאָס ליד אין זיין אָריגינעלער ייִדישער טראַנסקריפּציע:

„עס געבירט איין גרויסע לאב צו געבען
דעם דער מיט חסד של אמת מיט זיך בעגעבן.
ערום (א) אין רייך קאָן קיין לעזונג העלפען
פין דעם טויט זיך אויס צי קויפען,
הער נאַר, מענטש, געדענק דאָס גיט,
פון דעם גראָבען ענטגעהסט דוא ניט.
אויך דאָס מיסטי, מענש, פאַרשטעהן,
אַז דיין ענדע זענען דיא ווערים אַליין.
זא באלד דיא זעלע געהט צי איר היים
בלייבט דער קערפּער וויא אַ שטיק ליים.
וואָס האָט דער מענש פאַרטהייל פון זיין וועלט,
אַז דער גראָבען איז זיין געצעלט ?
אָט לעבט ער היינט און איז זאָ אינטים (ב)
פּלוצים מאָרגען איז אויס מיט אים.
אין גדלות און כבוד טיט ער גלעבען
אין דאָס שטערט אים זיין גאַנץ לעבען.
זיין זעלע ווערט ערשראָקען באַלד,
ווען עס קומט איהם פאַר דעם טויטס געשטאַלט.
זיין פאַרמעגען בלייבט פרעמדע אָהנע אַ צוועק
אין ער געהט לעהר און ערום אוועק.
אַז ער האָט צו ערשט נישט גיט געמאַכט
איז זיין ענדע זייער שלאַכט.

---

(א) ערום = אָרעם.
(ב) דער אויסדרוק איז פון רומעניש.

ער דאַריף אימער דענקען פון דעם טויט
פאַן וואָהער ער קומט און וויא אַהין ער געהט.
אַצינד שטעל דיר פאָר די גאַנצע פלאָגע
פון דער גישיכטע אין דער לאַגע.
די גאַנצע טעג מיט קרענקונג פאַרבראַכט
אין האָט מיט זיך גאָר נישט מיט געבראַכט,
ער זאָל אויך זאָרגען פיר זיין זעעלע,
אום צו רוהען מיט פרידען אין דער העהלה.

און איצט קומט די העברעישע איבערזעצונג:

„שבת גדול למי שעוסק / בחסד של אמת. // דעו נא כי מיום הכליון / לעשיר ואביון אין פדיון. // זכור זאת עצל, עצל, / כי מן השאול לא תנצל. // בן אדם יש לך לדעת // כי סופך אך תולעת. / כי בכלות הנפש / הגוו נשאר טיט ורפש. // מה יתרון לגבר / אם אחריתו לקבר? // שבין לילה היה / ועד בקר לא חיה. // גדולה אך מבקש / והוא לו למוקש. // נפשו מאד נבהלה / ביום מלאכי חבלה. // לזרים חילי יקום / והוא ילך ריקם. // אם לא ייטוב ראשיתו / צרה לו באחריתו. // יזכור יום מותו מאין ביאתו / ולפני מי עמידתו. // זכור את כל התלאה / מזאת המעשה הנפלאה. // כל ימיו מהומה / ולא יקח בידו מאומה, / לרחם על נשמתו, / לבוא בשלום על מנוחתו״.



ס'איז כּדאַי צו דערמאַנען דאָס ייִדיש־לשון אין דעם פּנקס פון בית־הכּנסת הגדול אין בוקאַרעשט פון די יאָרן 1843—1860 (אַ באַנד פון אַ גרויסן גמרא־פאָרמאַט). אין דעם פּנקס זענען די פאַר־צייכענונגען וועגן פאַרשידענע געשעענישן סיי אַלגעמיינע און סיי פּריוואַטע געשריבן אין ייִדיש. מיר געפינען אין די ייִדישע פאַר־צייכענונגען פיל לשון־קודש־אויסדרוקן. מיר ברענגען דאָ איי־ניקע קורצע ציטאַטן פון אָט דעם פּנקס כּדי צו אילוסטרירן דעם גרויסן אונטערשייד אין ייִדיש־אויסדרוק. מיט אַ צייט צוריק האָב

איך דעם פּנקס געבלעטערט און אַרויסגענומען אייניקע פּאַרציי־כענונגען און דערביי געטראַכט, פאַר וואָס דער דאָזיקער פּנקס, פון פריער מיט 140 יאָר, געפינט זיך נאָך אין אַזאַ גוטן צושטאַנד. כ׳האָב גלייכצייטיק געהאַט אַ געוויסן פאַרדרוס פאַר דער פאַר־נאַכלעסיקונג לגבי די אוצרות פון דער יִדיש־קולטור אין רומעניע, כאבן שאין לה הופכין, פאַר וואָס האָט מען ביז היינט נישט ערנסט שטודירט זיין אינהאַלט, וועלכער פאַרמאָגט נישט נאָר אינטערע־סאַנטע שפּראַכלעכע אויסדרוקן נאָר אויך וויכטיקע פאַקטן פון ייִדישן שטייגער אין רומעניע.

ד״ר מאיר הלוי האָט אין זיין אויסגאַבע [4] אין בוקאַרעשט פאַר־עפנטלעכט אַן אַרטיקל א. נ. „מתוך פנקסה של קהילת בוקרשט״. ער שטרייכט אונטער אַז ס׳איז אַ וויכטיקער פּנקס. אָבער מיר ברענ־גען נאָר אַ ריי ציטאַטן. אָן ספק איז דער פּנקס פון דער בוקאַרעש־טער קהילה אַ דאָקומענט וואָס מאָנט אַז מען זאָל אים ווידמען אַ באַזונדערע אויספאָרשונג און באַהאַנדלונג.

כ׳וויל דאָ ברענגען אייניקע באַמערקונגען פון אַלטן בוקאַ־רעשטער ייִדישן פּנקס אין וועלכן מיר געפינען אַ באַדייטנדיקע צאָל רומענישע אויסדרוקן ווייל דער אינהאַלט פון די באַמערקונגען איז פאַרבונדן מיט די דאַן עקזיסטירנדיקע אָפיציעלע אינסטאַנצן. אוי־סער מיט די אַרכאַישע רומענישע ווערטער אין די יאָרן 1843—1860 האָבן זיך די בוקאַרעשטער ייִדן אויך באַנוצט מיט דייטשמערישע אויסדרוקן.

אָט זענען אייניקע פון די באַמערקונגען, פאַרשריבענע אין אַלטן פּנקס פון דער גרויסער שול אין בוקאַרעשט :

1843, חשון, 14 דער נומער פון רשימה 106 :
„יהודה הירש מלמד גישריבן אַז וויע ער האָט גע־
פעלט (א), וועט ער מהיום ודומה קיין קינד מער ניט

4. „סיני יאָרבוך פאַר ייִדישע שטודיעס״, רעדאַגירט פון ד״ר מ. א. הלוי, בוקאַ־רעשט, 1929.

שלאָגן אַז ער זאָל איהם לאָזן אנ־צייכן. מחמת סזענען געווען פילל מאל אַז מעגליך באשטויפט ווערדען״.
**צבי בן יעקב**

אין יאָר 1845 געפינען מיר אַן אייגנארטיקע שריפטלעכע דער־קלערונג פון הירש בן מענדל וועגן תשובה טאָן: נומער 461, מארס 6, אדר שני 9:

„כמו כמה מענער זענען געקומען לא הומזיסט און האָבן אויף מיר געזוגט אז איך גיי ניט בדרך הישר ושלא כדת, לכן גיב איך געשריבן אַז מהיום והלאה וועל איך מיך פירן בדרך הישר וכדת יהודית, ובאם לא זאָל מין מיך באַשטרופין במיליציע (ב) מיט 25 שטעקליך ועוד דאַרף איך ניט גיין בקאמפאניס (ג) וקראטשמעס״.
**הירש בן מענדל**

אין בלאַט מספר 58, פעברואַר 17, שבט 21, 1845 געפינען מיר אַ פאַרפליכטונג פון דעם שניידער וועלמיר צו אַרבעטן קליידער פאַר דער מיליציע:

„לייב וועלמיר, חייט, האָט געגעבן אַ כתב בער קיום אַז ער דאַרף מיט איהם פארען אין גיודעץ (ד) אַרבייטן מיליציע קליידער אז ער דארף ארבייטן עד ארבעים גיזעלין ושכירתו יהיו חמשה אדומים (ה) לחודש״.

דאָ געפינען מיר אויך ווי מען אַנגאַזשירט אַ כּלי־קודש, אַ שטאָט־חזן און אַלע באַדינגונגען:

נומער 991, 8 דעצעמבער 1847

---

(א) געפעלט — געמאַכט אַ פעלער.
(ב) מיליציע — פּאָליציי.
(ג) בקאַמפּאַניס — מיט חברים.
(ד) גיודעץ — דיסטריקט.
(ה) אדומים — מטבעות.

„לפי רוב דעות מהפארשטעהער אמט האבין גינעמין אג ר׳ צבי בער עבור שטאט חזין על שני שנים, לויט זארנאל מן 23 נאוועמבער 1847, נומער 16 ואמט ראפאר־טירט לכבוד ווארניטישע (1) ומשם בא פקודה נומער 5275, אז גם כבוד ווארניטישע פאראייניגט זיך עס האמט און ער זאל האבין געהאלט כפי הזארנאל הנ״ל 50 (א׳) מגאבעלי וגם 50 (א׳) מן הב״ב הבהכ״נ החדשה שעולה על כל שנה מאה אדומים, חוץ וואס עס גיהער צי איין שטאט חזן לוט זארנאל הנ״ל, און ער דארף מתפלל זיין בבהכ״נ החדשה כל יו״ט ושבתות טובה וימים נוראים עם חמשה משוררים הכל לוט זארנאל הנ״ל.

אין די פאַרצייכענונגען 422, 24 פעבער, 25 כסלו, געפינען מיר פרטים פון אַ משפט צווישן צוויי משפחות, וועלכע זענען געקומען צו אַ הסכם צווישן זיך כדי אויסצומיידן אַן אָפיציעלן משפט.

„...ר׳ ישעיו אברהם ווייזער ור׳ ברוך בן דוד האָבן גע־האַט עסק משפט ווענן שותפות מפלאעשט, האָט מען די צדדים געשיקט להרב דפ״פ. ר׳ ברוך הנ״ל איז יא באַשטאַנען על הפסק מהרב, האָט ער געגיבין אַ בקשה לכבוד דחמרוסציע, איז געקומען פון דער רחמרוס־ציע (?) 6־טן נומר 306 — דען 23 נאוועמבער אַז מען זאָל הצדדים איבערשיקן לכבוד דחמרוסציע. היום האבן זיך הצדדים מרצונם הטוב פערגלייכט. ברוך דארף צואלען לר׳ ישעיו אברהם סך שלשה אדומים קירה עד טערמין בחמשה חדשים און האט אויך געגעבן א וועק־סעל. חוץ הוועקסעל האט אויך קיין פראטענציע אחד על חברו ולכן באו הצדדים עה״ח.

ישעיו אברהם ווייזער
ברוך בן דוד

(1) ווארניטישע — אויף רומעניש, די לייטונג פון שטאָט.

אין נומער 429 פון בוקאַרעשטער פנקס פון 17 מאַרץ, 19 שבט 1844, געפינען מיר פאָלגנדיקע פאַרצייכענונג:

„...כמה ב״ב זענען געקימען און האָבן עדות געזאָגט אַז ר׳ יוסף הירש חייט עוד עם כמה מענשין האבן בשבת געשפילט אין קארטין וואָס עס איז אַ חילל השם. אז יוסף הירש האט פארגערופן געוואָרן האָט ער געזאגט אז ער איז געוועזן בערוישט מיין (א) לכן בעקענט ער דעם עון און נעמט אויף זיך מהיום והלאה בשבת בשום אופן אין קיין קאפינע (ב) צו גיין על אחת כמה וכמה צו שפילן אין קארטין. אין אז עס וועט זיך נאך איינמאל בעווייזן על פי שני עדים זאל מען אים דאס לאנד אויסווייזן (ג) אין חתמעט זיך דערויף עם בחמת יד.

אין נומער 444 פון 21 מאַרץ, 21 שבט 1844 ווערט באַמערקט:

„אזוי וויא עס איז געבליבן שני ילדים בלי אב ואם, אחד שמו יידל מבן שיבעה שנים והשני הירש מבן חמשה שנים ושני ילדים הנ״ל נשארו יתומים מאביהם פייוויל והאמה שרה וואס איז געווארען דעם פארגאנגענעם זימער והיתומים הנ״ל האט ציא גענעמען אשה משכנות אשת ר׳ אייזיק דרייאש זיי צו דערציען על הוצאות שלה.

— — — פערגלייכט מען וועט איהר געהבן ששת אדומים מהגאבעלי בעד מזונות וכך שאשה הנ״ל איז מחויבת להשגיח עליהם ועוד דארפען מיר צו צוהלען עבור רפאית.

צבי בן משה
מרדכי הערש בן יוסף
יידן וועזער
יעקב בר׳ מאיר

---

(א) שכּור; (ב) „קאַפּינע״ — רומעניש: קאַפּעטעריע; (ג) אַרויסשיקן. דאָ דאַרף מען צוגעבן אַז די באַמערקונג באַציט זיך צו יעדן ייִד, וועלכער האָט געהאַט אַ פרעמדע בירגערשאַפט און די קהילה האָט גאַראַנטירט פאַר אים ביי דער פּאָליציי פאַר זיין מאָראַלישער אויפפירונג.



אין פנקס פון דער גרויסער שול אין בוקאַרעשט געפינען מיר אַ יִידיש פון מיטן 19טן יאָרהונדערט וועלכער איז נאָך אַ צעקאַליע־טשעטער, אַ דעפאָרמירטער מיט נישט דערזאָגטע פראַזן און מיט אַ בולטן געמיש מיט לשון־קודש. דאַקעגן ווען מיר לייענען דעם דריטן בוך פון יעקב פסנתיר[5] דערשינען מיט אַ צייט שפּעטער, אויך אין בוקאַרעשט, וועגן דעם מושב־זקנים מיט די ביאָגראַפיעס פון די אַלטע לייט וואָס זענען דאָרט געווען (דער דריטער באַנד „ספר זכרונות״ פון יעקב פסנתיר, דער מחבר פון די צוויי בענד אין יִדיש: „דברי הימים״ און „קורות היהודים ברומניה״ איז ווייניק באַקאַנט), געפינען מיר שוין אין אים די לעבנס־באַשרייבונגען פון די פאַרשידענע יִידן וואָס האָבן דאָרט געפונען אַ פּלאַץ, באַשריבן אין אַ פליסיקן יִדיש. מיר וועלן ברענגען אייניקע אויס־צוגן פון דער באַשרייבונג. אָבער קודם־כּל וועלן מיר עפּעס ציטירן פון דער לאַנגער הקדמה פון יעקב פסנתיר, וועגן דעם געזעגל־שאַפטלעכן און מענטשלעכן ווערט פון אַ בית־מחסה לזקנים:

„איז די פראַגע, אַז דער אַלטער מאנן קומט יא אין דער נאטור פון אַ קליין קינד אין אז עס טרעפט זיך איהם אויך אז ער מאכט דיא קונצן וואָס א קליין קינד מאכט; פאר וואָס האָט מען דאָס קליינע קינד ליעב און מען קישט עס תאטש עס איז אומריין אינ דער אלטער ווערד פון א יעדן, אינ זאגאר פון זיינע אייגענע קינדער, פאריאגט ווי א באנדיט? דא זעהט מען אַ געטלעכע השגחה אדער דיא וועלטלעכע נאַטור: דאס קינד איז ערשט געבוירן הייסט ער א דור בא, ער דארף ערשט דיא וועלט

---

5. יעקב פסנתיר — „ספר זכרונות״ אָדער ביאָגראַפיע באַשרייבונג פון די אַלטע לייט, וואָס זענען אויפגענומען געוואָרן אין בוקאַרעשטער אַזיל (בית מחסה לזקנים) פאַר די יאָרן פון 1880 ביז סוף יאָר 1890, געדרוקט אין בוקאַ־רעשט 1889.

בעשטייגען, אינ דער אלטער מאנן הייסט אַ דור הולך, ער דארף זיך שוין פון דער וועלט שיידען. דארום ציעהט דיא נאטור דיא ליעבשאפט אויף דעם יונגען קינד אונ דיא פיינדשאפט אויף דעם אלטען מאנן איז טאקע כדי דער יונגער מענש זאלל צופריעדען זיין וואָס דער אלטער טראגט זיך שוין איבער״.

„דארום מיינע ליעבע לעזער האב איך פאראייניגט דאס בתי מחסה לזקנים צו דיא צוויי הייליגע מאנומענטע, אזוי וויא עס איז נעטהיג איינע שולע אונ איין שפיטאָל אזוי איז נעטהיג איין הויז פאר אלטע לייט״.

נאָך דעם ווי יעקב פסנתּיר מאָטיווירט אין זיין הקדמה די אַל־געמיינע אַספעקטן, ברענגט ער אַ רעאַליסטישע באַשרייבונג פון די אַלטע לייט, וואָס לעבן אויס די לעצטע יאָרן זייערע אין דעם אַזיל. דאָ, אין דער באַשרייבונג, געפינען מיר אויך אַ געוויסע השפעה פון רומענישע שפּראַך־אויסדרוקן.

יעדן איינעם וואָס איז אַריינגעטרעטן אין דעם אַזיל — מושב־זקנים — האָט יעקב פסנתּיר געווידמעט אַ קורצע באַשרייבונג. אַזוי לייענען מיר (זייט 105):

„...ר׳ איציק פיקעווער איז געוועהן פין דיא ערשטע מענשן וואס מען האט אויפגענעמען אין אזיל אין יאָהר 80. ער איז דאמאלס שוין געוועהן א מענטש פון אַ יאָהר 70 פון מיר בערעכנט. איז נאָך געוועהן א מענש פון א יאָהר 70 פון מיר בערעכענט. איז נאָך געוועהן א מאלער אָנשטרייכער, פּלעג ער נאָך געהן אַרבייטען די מלאכה אינ זיך שעהן פארדיענען זיין גרייצער. ער איז תמיד גע־גאַנגען שעהן געקליידעט אינ איז גיוועהן דער רייכסטער מענש אינטער די אלטע לייט, אינ אזוי האָט ער ציגע־בראַכט ביז אין איין טיעפער עלטער״. (נפטר געווארען יום שבת קודש ד׳ אלול תרמ״ט, 20 אויגוסט 1889).

„...הזקן ר׳ דוד חשמל (עקיבא חשמל׳ס פאטער) איז א מאנן פון 78 יאהר, איין פאמיליען־פאטער פון א טאָכ־טער און 10 אייניקלעך, 5 פון עקיבא חשמל און 5 פון זיין טאכטער אינ 2 איר אייניקליך. דער דוד חשמל איז איין הארפאשנע מענש פון דער נידריגסטע קלאססע. ער איז נאָך היינט ביי די קרעפטען מעהר ווי איין אנדע־רער אלטער מאנן. ער טראָגט נאָך היינט דעם גרויסן קויש מיט פלייש און מיט ביינער פאר דעם אזיל. ער געהט פון איין העקער צו אנדערן אין נעמט מן הבא לידו״.

וועגן מיכל גאזניק (זייט 130) פאַרצייכנט ער:

„...איין מאנן פין 60 יאהר, איין קליינער פאמיליען־פאטער פון איין טאכטער, איין אייניקל. ער פלעג זיך געגערן מיט גאז ארים טראגן, ער איז א פראסטער מענש אינ פאסט מאנטאג און דאנערשטאג. ווען מען האט אים אריינגעמען האט ער קיין פלייש נישט גיגעסן. ער האט געזאגט עס איז טריפה, האָט ער נאָר גיגעסן פאַסאָליס, ער האט דאס ניט געקענט אויסהאַלטן, עסט ער שוין פלייש נאר פאסטן האלט ער אלץ מאנטאג אינ דאנער־שטאג״.



ס׳איז כדאי צו ברענגען נאָך אייניקע ביישפילן פון די שטאַפּ־לען וואָס די ייִדישע שפּראַך אין די פאַרשידענע געביטן פון רומעניע האָט דורכגעמאַכט. דאָ קען מען אָנצייכענען צוויי תּקופות: איינע איז די 80ער יאָרן פון פריערדיקן יאָרהונדערט, ווען ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די ערשטע שפּראָצן פון ציוניסטישער אָרגאַניזירונג און די מאָלדאַווישע קהילות זענען געוואָרן דורכגעדרונגען מיטן באַ־גער און ווילן צו באַזעצן ארץ־ישראל און ווען ס׳האָט זיך אַנט־וויקלט אַ פאַרצווייגטע ליטעראַטור אין ייִדיש, רומעניש און העברעיִש.

אַלס אינטערעסאַנטער מאַטעריאַל קען אויך דינען דער ער־

שטער אויפרוף אין ייִדיש נאָך דער פאַקשאַנער קאָנפערענץ, פון וועלכן מיר ברענגען דאָ אויסצוגן:

„אין דער פאקשאנער גענעראל פערזאמלונג פאם 30־31 דעצעמבער 1881 פאן אללען דעלעגאטן מחברות ישוב אה״ק וואורדען וויר אונטערצייכנעטע אלס מיט־גליעדער דעס צענטראל קאמיטעט געוועהלט. וויר דאנקען היעמיט זאוואהל דעם הערריין דעלעגירטען, אלס אויך דעניעניגען אין דערען נאמען זיא האנדלעטען, פיר דיא עהרע אונד דאס פערטרויען, דאס זיא אונס שענקטע. (וו)יר ערקלעהרין היעמיט אונזער אמט אנצונעהמען, אונד פערזיכערן וויר, דאס ווי(ר) (ג)עוויס נאך בעסטעס וויסטען אונד געוויסטען אללעס טוהן ווערדען, לטובת הכלל.

„— — — — פערלאנגען וויר פאן אייך אויך, דאס יעדער פאן אייך זאל אויך זיינע שולדיקייט טוהן, איעדער אין זיין פאך, אונד נישט קיין מיהי אונד נישט קיין צייט, אונד נישט קיין געלד שפארען אונס צוא אונטערשטיצען: איין איינצעלנער קען צוואר נישט ווירקען, דאפיר אבער דארף ער נישט גלויבין, דאסס אהנע זיינער אונטערשטי־צונג ווירד עס אויך געשעהן...

„— — — — אחינו ב״י! (ווי)ר וואללען אויך אונ־זערע לאגע פארבעסירן, וויר קעננען אויך מיט גאטס הילף הונדערטע פאמיליען יעהרליך גליקליך מאכען, אבער לא בחיל ולא בכח וויר וואללען נור לחיים ולא למות, לשובע ולא לרזון, וויר וואללען ניעמאנדען ח״ו בעריהרען אונד ניעמאנדען וועהע טוהן אונד ביטטען נור איינע קליינעביישטייער פון יעדין פון עטליכע פראנקס יערליך...״

אין יאָר תרמ״ז, ערב יום־כּיפּור, האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט מישוב אה״ק (ארץ הקודש) אַרויסגעלאָזט אַ קול־קורא צו דער ייִדישער באַפעלקערונג. דער ייִדיש פון דעם קול־קורא איז ענלעך

צום פריערדיקן, פול מיט דייטשמערישע אויסדרוקן, אָבער בדרך־כלל איז דער יידיש דאָ שוין קלאָר און פּרעציז. מיר ברענגען דאָ אייניקע פּונקטן פון זייער פּראָגראַם.[6]

א. מיר וועלין אין ערגיץ נישט קיין ערד קויפין, נור אין אה״ק אדער אין סיריע, וואָס איז בייא דער גרעניץ פון אה״ק. די געגענד מיז זיין אין געזונדער פּאזיציע, גוטע קלימא, ווי ווייט מעגליך נאהע (נאהנט) ביים מעער, אדער מיט גוטע קאמוניקאציאן. מיר אונטערהאנדלען יעצט מיט גרויסע מעננער פין יענע געגענדען דארט צו קויפען אזא גרונדשטיק (מאָשיע) (א), אין מיר האפפען בקרב אי״ה עס אויסציפיהרען.

ב. ווער קענען באין אופן נישט דולדען מאן זאל שיקין איינצלנע עמיגראנטן... אז 40 ביז 50 פאמיליען פארען צוזאממען, קאסטעט אללעס פיעל בילליגער, אין עס קאנווענירט איין אדמיניסטראציאן צו שיקען, אויף אללעמען משגיח צו זיין, עס זאָל זיין אין ארדענונג.״

אַזוי אויך אין די ווייטעריקע פּאַראַגראַפן און אויספירלעכע פּרטים ווי אַזוי ס׳וועלן געבויט ווערן די קאָלאָניעס פון די רומענישע ייִדן אין אה״ק.

פון דער דאָזיקער באַוועגונג זענען טאַקע אַנטשטאַנען, אין יאָר 1882, עטלעכע קאָלאָניעס מיט ראש־פּינה און זכרון־יעקב אין שפּיץ.

מיר איז אויסגעקומען נאָכצופאָלגן אַ פאָרשונג פון די ערשטע עטלעכע קאָלאָניעס אין צפון פון ארץ־ישראל און כ׳האָב זיך אָנגעשטויסן אַז די מתישבים פון זכרון־יעקב האָבן געפירט די פּראָ־

6. ד״ר י. קלויזנר „חיבת ציון ברומניה״, הספריה הציונית ירושלים, תשי״ח (1958), זייטן 237—355.

(א) מאָשיע — ערדשטיק, ווירטשאַפט — אין רומעניש.

טאָקאָלן פון דער קאָלאָניע אין ייִדיש, מיט דער שפּראַך און קענ־טעניש וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט פון זייער אַלטער היים און האָבן דעם ייִדיש שנעל צוגעפּאַסט צום נייעם לעבן, צום קלימאַט, ווי אויך באַנוצט פּראַקטישע אויסדרוקן פון זייער קאָלאָניזאַציע.

אָט ליגט פאַר מיר דער גרויסער פּראָטאָקאָלן־בוך פון וועלכן איך ברענג דאָ אַן אויסצוג פון אַ פּראָטאָקאָל, געשריבן אין ייִדיש, מיט דעם ייִדיש וואָס האָט זיי באַגלייט פון די מאָלדאַווישע שטעט־לעך ביז זכרון־יעקב.

פּראָטאָקאָל 264

די ארדיאנאהרע (א) זיצונג מיטוואך אם 9טן אפריל 1902,

„די זיצונג איז ערעפענט פון פארזיצער אנוועזענד 11 קאמיטעטס מיטגלידער אבוועזענט יוסף גראף. דאס קא־מיסיאן וועלכע גיוועזן בעאויפטראגט איבערצוברענגען דעם קאסאבאשטאנד ברענגען איבער פאָלגענדען (בא־שטאנד) רעפארט". (דאָ קומען אויספירלעכע ציפערן פון דער געלטלאַגע אין קאַסע).

די זיצונג באַהאַנדלט יעדע הוצאה פון דער קאָלאָניע, דער קאַסירער איז מסביר די פּרטים און די מיטגלידער פון קאָמיטעט געבן צו פאַרשידענע באַמערקונגען. די זיצונג ווערט, פאַרשטענד־לעך, געפירט אין ייִדיש און אין דער שפּראַך ווערן באַהאַנדלט אַלעווירטשאַפטלעכע פראַגעס אין דער קאָלאָניע זכרון־יעקב.



גאָר אַן אַנדערע פאָרם פון ייִדיש־אויסדרוק געפינען מיר אי־נעם אַזוי גערופענעם „פוס־גייערמאַרש", אין אַלט־רומעניע.

אין יאָר 1900 האָט אַ גרופּע ייִדן פון באַרלאַד (מאָלדאַווע),

(א) אין רומעניש „אָרדינאַרע" — די געוויינלעכע, די לויפנדיקע.

אַלס פּראָטעסט קעגן די אַנטיסעמיטישע אויסברוכן און שווערער עקאָנאָמישער לאַגע, באַשלאָסן צו גיין צו פוס ביז האַמבורג כּדי פון דאָרט אָנצוקומען קיין צפון־אַמעריקע. צו זיי האָבן זיך פאַר־אייניקט גרופּעס פון פאַרשידענע שטעט אין אַלט־רומעניע. אין דער פּרעסע פון די פאַרשידענע שטעט זענען דאָן דערשינען אויפ־רופן פאַר דעם מאַרש. מיר ברענגען אַ טייל פון אַ ליד־אויפרוף א. נ. „ליעד פון די אָרמע פיעס הויזוואָנדערער", געשריבן פון איציק כהן, אוזירער, געדרוקט אין דער דרוקעריי „קאָנקורענט", בוקאַרעשט 1900 :

„...דער פאַר נעמט אייך ליבע ברידער אַללע צוזאַממען
אז אינץ זאללען מיט הילפע גאטטעס קענען געהין מיט
אונזערע פרויען אונד קינדער צוזאממען
דער פאַר נעמט אייך אַלע יודין דיא מיה און שווערט מיר
דוא אללע צי
דורך דעם וועט אייך גאטט געבען
איין גיבענטשט אונד אויך איין גליקלעך לעבען.
אין נאָך מעהרער וועט ער אייך געבען,
אַז איר זאָלט קיין נויט אונד קיין יסורים נישט דערלעבן,
גאָטט דער היטער, גאָטט דער באשיצער
דער זאָלל אייך באשיצען
וויא איהר זאלט געהן
אין וויא איהר וועט שטעהן,
זאלל ער אייך בעהיטן
ווייל איהר זענט נעביך אומשולדיגע יודען
פין דיא אוזירערס צי שרייבען איז גאר אונמעהגליך
ווארין די ארמע אוזירערס האבען שוין נישט צו עססען
אפילו איין שטיקעל ברויט טעגליך,
דער פאר מאכט אייך אללע יודען איין האנד
און לאָזט שוין דיר ווייל נישט פאללען אייערע ברידער
דוא אין לאנד.



מיר האָבן דאָ געבראַכט נאָר קליינע ביישפּילן צו באַצייכענען די פאַרשידענע שטאַפּלען פון ייִדיש אין רומעניע. מיר האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט אויספירלעכער אויף די אַנטוויקלונג־שטאַפּלען פון ייִדיש אינעם רעליגיעזן שטייגער. אויסער די פאַרשידענע ספרים, סדורים, מחזורים אין לשון־קודש זענען אין אַ גרויסער צאָל הייזער אַריינגעקומען פאַרשידענע ספרים אין אַ ייִדישער איבערזעצונג. געוווג צו דערמאָנען די „שבחי בעש״ט״, געדרוקט אין יאַס (1843) אין דרוק „אַלבינאַ״, דעם „ספר מקור הברכה״, וואָס איז דערשינען אין מונקאַטש אין יאָר תרנ״ה (1895), אויסער פאַרשידענע סליחות, תּחינות פאַר פרויען און אַנדערע פאַרשידענע ספרים. דאָס אַלץ האָט געהאַט אַ באַדייטנדיקע השפעה אויף דער אַנטוויקלונג און אויפהאַלטונג פון ייִדיש מיט לשון־קודש אין רומעניע. די הויפּט־ייִדיש־צענטערס אין רומעניע זענען געווען: יאַס, קעשענעוו, טשערנאָוויץ, סיגעט און טיילווייז בוקאַרעשט, אָבער דאָס מיינט נישט, אַז אין דער געגעבענער געגנט האָט זיך בלויז אויסגעצייכנט די קרוינשטאָט, דער צענטער. אויך אין דער פּראָווינץ איז געווען אַ וואַרעמע און באַגייסטערטע פּעריפעריע, וועלכע האָט געשפּילט אויפן געביט פון אַנטוויקלען ייִדיש אַ באַדייטנדיקע ראָל.

אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלעך וועלן מיר פּרוּוון ברענגען אויסצוגן וועגן ייִדישן הומאָר, געזאַנג, פאָלקלאָר אין די פאַרשידענע פּראָווינצן פון רומעניע, וועלכע גיבן צו אַ באַזונדערן קאָלאָריט דער דאָרטיקער ייִדישער שפּראַך.

נישט אַלץ איז געווען אַזוי פולשטענדיק גלאַטיק, ווי עס קען זיך אויסווייזן פון די געבראַכטע מאַטעריאַלן. עס האָבן נישט געפעלט אויך קיין שאַטנזייטן. מען קען אָבער פעסטשטעלן מיט דער גאַנצער זיכערקייט, אַז אויסגעטראָגן און אויסגעלעבט זיך אין דער ייִדישער שפּראַך האָבן בעיקר די פאָלקסמענטשן.

## יִדיש מיט לאַטיינישע אותיות

ביים סוף פון 19טן יאָרהונדערט שטויסן מיר זיך אָן אויף אַן אינטערעסאַנטער דערשיינונג. דאָס איז דער באַגאַבטער פילאָלאָג י. סאַטעק־לעטעאַנו, געבוירן אין בראַילאַ אין י. 1860, מיטן נאָמען יעקב ראָזענצווייג. ווען ער האָט אָנגעהויבן זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט האָט ער געענדערט זיין נאָמען אויף י. סאַטעק. ביים לערנען מעדיצין האָט ער זיך אויך פאַרטיפט אין לינגוויסטיק. די שפראַך־קענטעניש האָבן אים געבראַכט צו שרייבן יִדיש מיט לאַטיינישע אותיות. ער האָט דאָס געטאָן נישט ווייל ער איז געווען אַ קעגנער פון די העברעיִשע אותיות, נאָר מחמת פאַר אים איז געשטאַנען די פראַגע ווי אַזוי צו דערמעגלעכן דער יִדישער אינטעליגענץ און יוגנט, זיי זאָלן קענען לייענען יִדיש. ער האָט געהאַלטן, אַז אַפילו צווישן די וואָס רעדן יִדיש קען בלויז אַ טייל לייענען די העברעיִשע אותיות און דאָס איז אַ גרויסער שטער ביים פאַרשפרייטן אין ברייטע קרייזן דאָס לייענען יִדיש. כּדי צו פאַרלייכטערן האָט ער געשאַפן אַ סיסטעם פון שרייבן יִדיש מיט לאַטיינישע אותיות, וואָס קען זיין אַ וויכטיקער שריט צו לייזן די שוועריקייט. ער האָט דערביי אָנגעוויזן אַז אויך רומעניע האָט געביטן די אַלט־רומענישע שריפט אויף לאַטיינישע אותיות. אייניקע יוגנטלעכע האָבן געשטיצט די פאַרגעלייגטע ענדערונג. זיי האָבן געגלויבט, אַז זיי וועלן קענען דערנענטערן די יִדישע קולטור צו דער אוניווערסאַלער קולטור דורך נוצן די לאַטיינישע שריפט.

י. סאַטעק איז געווען אַ גרויסער אָנהענגער פון דער יִדישער שפראַך. אין דער זעלבער צייט ווען ער האָט אַזוי וואַרעם געקעמפט פאַר זיין טעאָריע אַריינצופירן די לאַטיינישע שריפט, האָט ער געהאַלטן אַן אינטערעסאַנטן רעפעראַט וועגן דער יִדישער עטימאָלאָגיע אין וועלכן ער האָט אַרויסגעוויזן גרויס קענטעניש ביים אויסגעפינען דעם אָפּשטאַם פון פאַרשידענע יִדישע ווערטער און אויסדרוקן. מיר וועלן דאָ ברענגען עטלעכע פון זיינע ווערטער־אויספאָרשונגען; מיר גיבן זיי איבער לויט זיין אָרטאָגראַפיע און סטיל:

**אַנבוקרן** — אין רומעניען הערט מען צומאהל זאגען: מ׳האָט אים „אנגעבוקרט״ דאָס הייסט מ׳האָט איהם „גע־שלאָגען״. פון וואַנען שטאַמט דאָס פריקרע וואָרט? זאל איך זאגען ס׳שטאַמט פון בקר — מאָרגען? אָדער פון בקר — רינד, צי ס׳שטאַמט פון „ביקור״ (חולים)? איך מיין אַז ס׳שטאַמט פון „בקרת״ ווייל רש״י זאָגט אַז „בקרת״ הייסט „מלקות״. אַ פנים פון לאנגטיקע יאהרען האָט מען אויך געוואוסט אז דיע בעסטער סגולה צו איין אויס־פארשונג איז א גראָבער שטעקען. אזוי קאן מען פאר־שטעהען דאס מחותנות־שאפט צווישן „אנבוקרן״ און „בקרת״.

**געניעה׳ט** — דאָס וואָרט הייסט „בקי״ — בעוואנדערט. ס׳שטאמט אַ פנים פון דעם העברייישען **נע(ונד)** = „וואנ־דערער״, געמאכט איז עס פון׳ם שם „ניעה״ = גע־ניעהיט, אזוי פון „טענה״ איז געווארן גע־טענה׳ט.

**בעלן** — ער איז א בעלן אויף אלעמען, דאָס הייסט ער האָט חשק צו אַלעמען. מ׳האָט געמיינט אז דאָס ווארט גע־הער זיך אָן מיט בעל, מיר ווייסן אבער אז תמיד קומט נאך בעל נאך א ווארט: בעל־תשובה, בעל־צדקה, בעל־דקדוק, בעל־תפילה, בעל־עגלה, בעל־בית, בעל־מלאכה, בעל־תוקע, בעל־קורא, בעל־שם, בעל־טובה. אפשר קומט דאס ווארט פון **בלע** = איינשלינגען, דאָס הייסט, גרויס גלוסטונג, גרויס חשק.

**זשויבען** — דאָס הייסט ער האָט גרויסע „שפע״. דאָס ווארט ווייזט אויס צו זיין רוטעניש „זשאלאב״ דיע רינע, קאנאל, אבפלוס, **צופלוס**. „זשויבען״ הייסט האָבן „צו־פלוס״ = שפע. אַ פנים דיע „ל״ ווערט נישט אויסגערעדט אזוי וויע: סטאלב = „סטויב״, אזוי „זשאליב״ = „זשויב״.

כ׳האָב דאָ געבראַכט אייניקע מוסטערן פון י. סאָטעקס ייִדי־שער עטימאָלאָגיע. טראָץ דעם וואָס ער האָט פראָפּאַגאַנדירט

ייִדיש מיט לאַטײנישער שריפט, האָט ער זײנע פאָרשונגען ס׳רוב געשריבן מיט ייִדישע אותיות. ער האָט לײדער נישט באַוויזן אָפּ־צודרוקן, כאָטש טײלווײז, זײנע װיכטיקע לינגוויסטישע אַרבעטן און צווישן זײ וועגן די אײגנאַרטיקע אַספּעקטן פון ייִדיש אין רומעניע. נאָך זײן טויט — אין 1933 — האָט ער איבערגעלאָזט קאַסטנס מיט מאַנוסקריפּטן און וויכטיקע דאָקומענטן, אָבער נישט זײן משפחה און נישט די ייִדישע אינסטיטוציעס האָבן נישט גענומען אויף זיך די טרחה צו סעלעקציאָנירן דעם מאַטעריאַל, וועלכער האָט זיך געוואַלגערט אין די קעלערן און וועלכער איז פון גרויסער וויכטיקייט פאַר דער ייִדישער קולטור אין רומעניע.

ד״ר י. סאָטעק־לעטעאַנו האָט מיט גרויס התלהבות ממשיך געווען זײן טעטיקייט צו פאַרווירקלעכן זײן טעאָריע פון ייִדיש מיט לאַטײנישער שריפט. ער האָט פאַרעפנטלעכט אין פאַרשידענע ייִדיש רומענישע צײטונגען שאַפונגען אין ייִדיש מיט לאַטײ־נישער שריפט. ער האָט געמאַכט פּלענער פון אַ גרעסערן פאַרמעסט, אַרויסצוגעבן מיט דער זעלבער שריפט אַ סעריע זאַמל־העפטן. אין 1902 איז אין די ראַמען פון דער „ציוניסטישער ביבליאָ־טעק״ דערשינען דער ערשטער זאַמלהעפט אין לאַטײנישער שריפט, דאָס איז געווען „מקל נועם״, וואָלף זבאַרזשערס פאָלקסלידער. די ווײטערדיקע פּלענער זענען נישט רעאַליזירט געוואָרן. ער אַלײן אָבער זעצט פאָר צו פּובליצירן זײנע פּעליעטאָנען און לינגוויסטישע עסייען אין דער פרעסע מיט לאַטײנישער שריפט. טראָץ דעם וואָס ער האָט געהאַט אָנהענגערס אין געוויסע קרײזן פאַר זײן טעאָריע, טראָץ דעם וואָס עס זענען דערשינען עטלעכע אַזעלכע ביכלעך, איז אָבער אין גרונט זײן טעאָריע נישט אָנגענומען געוואָרן. ייִדן האָבן זיך קעגנגעשטעלט, ווײל ייִדישע אותיות זענען נישט סתם אַן אײנ־פאַכער וואָקאַבולאַר, זײ זענען פאַרבונדן מיט אונדזער ספּעציפי־שער נאַציאָנאַלער אײגנאַרט. בײ די ייִדן גילט אַ פאַרקערטע דער־שײנונג: אין משך פון די אַלע דורות, זײענדיק אין פאַרשידענע גלות־לענדער, ווו נאָר זײ האָבן צוגעאײגנט אַ לאַנדשפּראַך, האָבן זײ איר באַלד אָנגעטאָן דעם לבוש פון ייִדישע אותיות. אָט דאָס

האַלטן זיך ביים ייִדישן אות איז אויך געווען אַפילו אין די שטורעמדיקע צייטן דער פאַרטיידיקונג־פּאַנצער קעגן דער אַסימילאַציע און קעגן דער אָפּפרעמדונג פון ייִדישן שטאַם.

אויף דער ערשטער ייִדישער שפּראַך־קאָנפערענץ אין טשערנאָוויץ אין יאָר 1908, האָט ד״ר י. סאָטעק, וועלכער איז איינגעלאַדן געוואָרן דורך זיין פריינד ד״ר נתן בירנבוים, אויסגענוצט די בינע פאַר אויפקלערן די וויכטיקייט און נוצלעכקייט פון שרייבן ייִדיש מיט לאַטיינישער שריפט. פונעם זאַמלהעפט באַריכטן פון דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ [7] אַ ציטאַטע פון ד״ר י. סאָטעקס רעפעראַט וועגן דעם ענין:

„צו פאַרשפּרייטן אין געוויסע האַלב־אַסימילירטע ספערעס די ייִדישע ליטעראַטור אין לאַטיינישן שריפט, דערמיט וועט מען צוציען אַן אינטעליגענץ וואָס קען ניט לייענען דעם ייִדישן אַלף־בית. לויט פּערזענלעכע דערפאַרונג האָט דער מיטל געבראַכט צום צוציען 3000 נייע לייענער פאַר דער ייִדישער ליטעראַטור אין רומעניע. עס לעגט זיך ערנסט צו באַשעפטיקן מיט דער פראַגע וועגן דער לאַטיינישער טראַנסקריפּציע״.

ד״ר י. סאָטעק־לעטעאַנוס פאָרשלאַג וועגן ייִדיש אין לאַטיינישער שריפט איז אָפיציעל נישט אָנגענומען געוואָרן דורך דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ, אָבער אים אַליין האָט מען זייער אָפּגעשאַצט פאַר זיין איבערגעגעבנקייט צו דער ייִדישער קולטור און ער איז אויסגעוויילט געוואָרן אין דער עקזעקוטיווע פון דער קאָנפערענץ: ד״ר נתן בירנבוים אַלס פּרעזידענט (אין קליינעם ביוראָ פון מיטגלידער פון טשערנאָוויץ זענען נאָך געווען: דוד טוביביש און ל. כאַזאַנאָוויטש־כתריאל), ד״ר חיים זשיטלאָווסקי (ניו־יאָרק), ד״ר י. סאָטעק (בראַילאַ — רומעניע), א. ווייטער (ווילנע), סטודענט זינגער (ווין) און לעאָן וועקסלער (לעמבערג).

7. די ערשטע ייִדישע שפּראַך־קאָנפערענץ אין טשערנאָוויץ, פון יאָר 1908, אַרויסגעגעבן פון דער ביבליאָטעק פון „ייִוואָ״, ווילנע 1931, זייט 93.

ד״ר י. סאָטעק איז צוריקגעקומען פון דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ אַ צופרידענער, טראָץ דעם וואָס זיין טעאָריע איז נישט אָנגענומען געוואָרן. אין אַלגעמיין האָט זיין טעאָריע געהאַט אַן אָפקלאַנג נאָר אין מאָלדאַווע, וואַלאַכיע (מונטעניע) און בוקאָווינע. אין יאָר 1934 איז אין טשערנאָוויץ דערשינען אין לאַטיינישער שריפט אַ קליינע אַנטאָלאָגיע א. נ. „די נייע יידיש דיכטונג״, אַרויס־געגעבן דורכן „סעמינאַר פאַר יידישער ליטעראַטור און שפּראַכ־קענטעניש״, אונטער דער רעדאַקציע פון: חיים גינינגער, נטע העלפער (איציק מאַנגערס ברודער), הערש סעגאַל און יצחק שוואַרץ (פון 1950 י. קאַראַ), מיט לאַטיינישע אותיות.

אין יאָר 1938 איז דערשינען: „12 סאַטירעס״ פון סאָלאָמאָן (1848—1864).

אין יאָר 1945, נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז אין יאַס דערשינען אַן אַנטאָלאָגיע פון דער יידישער ליטעראַטור, מיט לאַ־טיינישער שריפט, אונטער דער רעדאַקציע פון יצחק פאַגער און אליעזר פרענקעל. מיר געפינען אויך פאַרעפנטלעכט אין דער פּרע־סע פאַרשידענע שאַפונגען און אַרטיקלען אויף יידיש מיט לאַטיי־נישע אותיות. די טעאָריע איז אָבער נישט געוואָרן קיין וויכטיקער באַשטאַנדטייל אין דער יידישער שאַפונג אין רומעניע. ד״ר י. סאָטעק־לעטעאַנו פאַרנעמט אָבער אַ זייער בכבודיק אָרט אינעם געראַנגל פאַר יידיש־קולטור, פאַר זיין טיפער ליבע צו דער יידישער שפּראַך.

## דער מלבי״ם און ד״ר יוליוס באַראַש

אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל פון אונדזער אַרבעט האָבן מיר שוין געשריבן וועגן דעם ביטערן קאַמף וואָס האָט זיך צעפלאַקערט אין די רומענישע שטעט און שטעטלעך צווישן די חסידיש־רבנישע קרייזן און דער השכלה־באַוועגונג.

אין 19טן יאָרהונדערט האָבן דער רוב יידן אין רומעניע גע־רעדט אַ פּליסיקן יידיש. די חסידישע רבנים האָבן אין דעם געזען אַ וויכטיק מיטל אויפצוהאַלטן די גאַנצקייט פונעם פאָלק און אויך

אָפּצוהיטן דעם רעליגיעזן שטייגער. פון דער אַנדערער זייט אָבער האָבן אַ טייל אימיגראַנטן, בעיקר פון גאַליציע, אָנגעהויבן אַריינ־צוברענגען די השׂכּלה־אידעען און האָבן אָנגעהויבן צו באַקעמפן דעם ביז דעמאָלט עקזיסטירנדיקן שטייגער אין רוב פראָווינצן פון רומעניע. אונטערגעשטיצט האָט זיי אַ טייל פון דער אָרטיקער יידישער אינטעליגענץ און אויך די גבירים, וועלכע האָבן שוין באַ־וויזן צו באַזוכן פאַרשידענע לענדער אין מערב־אייראָפּע און האָבן דאָרט דערשפּירט די נייע ווינטן פון דער השׂכּלה און זיי האָבן זיי געפּרוווט אַריינברענגען צו די יידן אין רומעניע.

דער דאָזיקער קאַמף צווישן חסידיזם און השׂכּלה צוזאַמען מיט די געדאַנקען פון מענדעלסאָנס לערע האָבן צעשטערט די יסודות פון דעם ביז איצטיקן יידישן שטייגער־לעבן אויף די ערטער און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן אַריינצורייסן שטראָמען פון אַסימילאַציע. מיט רעכט האָט באַמערקט דער באַקאַנטער שרייבער און עסייִסט שלמה ביקל ז"ל [8]: „עס איז געווען אַ טרויעריקער זיג. וואָרעם דער נצחון פון דער השׂכּלה האָט אין אַלט־רומעניע מער ווי אין די שכנותדיקע לענדער אָוועקגעפירט די יידישע יוגנט אַ מוראדיק שטיק וועג צו דער יידישער קולטור־פרעמדקייט, צו עם־הארצות און צו אידעיִשער אַסימילאַציע". ווייל די השׂכּלה האָט געפּרעדיקט אַז מען דאַרף לערנען די רומענישע לאַנדשפּראַך, אַרויסנעמען די יידישע שפּראַך פון די לימודים און אויף איר אָרט אַריינעמען די דייטשישע שפּראַך. עס האָט זיך באַקומען אַז אין דעם דאָזיקן קאַמף צווישן חסידיזם און השׂכּלה איז יידיש געווען דער דירעקטער קרבן.

נישט אין אַלע רומענישע פּראָווינצן איז דאָס געראַנגל צווישן די ביידע כּוחות אָנגעגאַנגען אין די זעלבע פאָרמען און אין דער זעלבער מאָס. אין מאָלדאַווע, וווּ די יידן האָבן פאַרמאָגט פעס־טערע יידישע וואָרצלען, איז דער קאַמף געווען אַ מעסיקער; אין

8. שלמה ביקל: „עסייען פון יידישן טרויער", אַרויסגעגעבן דורך ר. י. נאָוואַק, ניו־יאָרק, יאָר 1948, זייטן 235—246.

בעסאַראַביע, ווו דאָס ייִדיש־חסידישע שטייגער־לעבן איז געווען טיף פאַרשפּרייט, איז נישט געקומען צו קיין גרויסע צוזאַמענשטויסן, דאָס זעלבע אויך אין בוקאָווינע, שוין אָפּגערעדט פון מאַראַמאַרעש, ווו די השׂכּלה איז אין 19טן יאָרהונדערט נישט דערגאַנגען צו קיין וועזנטלעכן מעמד. אויב אין סיגעט און מאַראַמאַרעש זענען געווען סכסוכים, זענען דאָס געווען אינערלעכע חסידישע רייבונגען. דאָרט האָט ייִדיש דאָמינירט מיטן פולן שוווּנג. אויך אין טראַנסילוואַניע האָבן די סכסוכים נישט פאַרנומען דעם אויבנאָן.

אַמבולטסטן און אַמשאַרפסטן איז דער קאָנפליקט צווישן דער השׂכּלה און די חסידישע רבנים געקומען צום אויסדרוק גראָד אין וואַלאַכיע (מונטעניע), אין איר הויפּטשטאָט בוקאַרעשט. דאָ איז די ייִדישע באַפעלקערונג געווען אַ קלענערע ווי אין מאָלדאַווע און ייִדיש האָט אויך נישט פאַרנומען דעם עיקר־פּלאַץ ביים הויפּט־טיש פון דער ייִדישער געזעלשאַפט.

די סיבה פון דעם אַזוי שאַרפן קאַמף צווישן די ביידע צדדים אין יענער צייט, אין מיטן 19טן יאָרהונדערט, איז זיכער געווען אויך דאָס, וואָס אין שפּיץ פון ביידע מחנות זענען געשטאַנען צוויי שטאַרקע און איינפלוסרייכע פּערזענלעכקייטן. אין שפּיץ פון דער חסידיש־רבנישער מחנה איז געווען דער רב מאיר לייביש בן יחיאל מעכל, באַקאַנט אונטערן נאָמען — מלבי״ם (געבוירן אין יאָר תקס״ט — 1810, געשטאָרבן תר״ם — 1879), וואָס איז אויסגע־ווײלט געוואָרן אַלס רב הראשי אין בוקאַרעשט אין יאָר 1850. אין שפּיץ פון דער השׂכּלה־מחנה איז געשטאַנען ד״ר יוליוס באַראַש, באַקאַנט אַלס דער „מענדעלסאָן פון רומעניע״ (געבוירן אין בראָד 1815, געשטאָרבן אין יאַס 1863).

ס׳איז כּדאַי כאָטש מיט אייניקע שטריכן צו כאַראַקטעריזירן אָט די צוויי פּערזענלעכקייטן: דער מלבי״ם איז נישט נאָר געווען אַ גאון אין הלכה, וועלכער האָט פאַרפאַסט פיל ווערטפולע ספרים, צווישן זיי 5 בענד מיט אַ פּירוש אויף תּורה, נביאים און כתובים, נאָר אויך אַ גרויסער שפּראַכן־קענער, אַ דענקער און אַ גלענצנ־

דיקער בעל־דרשן. וועל כּולם — ער איז נישט געווען אָפּגעשלאָסן אין זיינע ד׳ אמות. ער האָט ליב געהאַט די ייִדישע מאַסן און אַ דאַנק זיין הומאַניסטישער שטעלונג איז ער שטענדיק געווען אויף דער זייט פון די אָרעמע און געררודפטע. אין זיינע דרשות האָט ער שטענדיק מיט שטאַרקע שטראָפרייד אָנגעגריפן די גבירים, פאַר זייער עקספּלואַטירן די אָרעמע. די פירונג זיינע האָט געבראַכט צוויי רעאַקציעס: די גבירים האָבן אים גענומען פיינט קריגן, ווייל ער האָט אויפגעדעקט זייערע שענדלעכע האַנדלונגען; ביי די אָרעמע פאָלקסמאַסן האָט ער דאַקעגן אַרויסגערופן גרויס ענטוזיאַזם. צו זיינע דרשות פלעגן שטענדיק קומען גרויסע מאַסן, כּדי צו הערן זיין וואָרט. דערצו האָט ער אויך גערעדט אַז די מאַסן זאָלן אים פאַרשטיין. זיין וואָלינער ייִדיש (ער איז געבוירן אין שטעטל וואָלאָציסק) האָט זיך זייער צוגעפּאַסט צום ייִדישן מענטשן אין רומעניע. די שׂנאה פון די גבירים צו אים איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן זיך נישט באַנוגנט מיט דער גראָבער און אומגעהערטער חוצפּהדיקער האַלטונג לגבי אים, נאָר זיי האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַנוצן מיט מסירות צו די פאַרשטייערס פון דער מאַכט[9]. דער מלבי״ם האָט זיך אָבער פון דעם אַלעמען נישט

9. זע הרב איסר פרנקל: „יחידי סגולה״, הוצאת „סיני״, תּל־אביב 1969, ווו ער באַשרייבט אויספירלעך וואָס דער מלבי״ם האָט געהאַט אויסצושטיין פאַר זיינע הומאַניטאַרע מידות. די גבירים פלעגן זוכן ביי יעדער געלעגנהייט צו פאַרשעמען דעם רב הראשי. גענוג צו דערמאָנען אַ פּאָר פאַלן כּדי צו כאַראַקטעריזירן זיינע קעגנערס. איינער פון די גבירים האָט געשיקט דעם רב אַ פּעקל שלח־מנות. ווען מען האָט דאָס פּעקל געעפנט, האָט מען געפונען אַ געבעקס אין דער פאָרעם פון אַ קליין חזירל. דער רב האָט זיך נישט פאַרלוירן און געזאָגט צו זיין פרוי: „זע ווי די גבירים האַלטן פון מיר, זיי האָבן אָפּגעריסן פון זייער אייגן מויל און מיר געשיקט שלח־מנות״. אָבער ער האָט אויך נישט פאַרשווייגן די מיאוסע מעשה, און ער האָט צוריקגעשיקט דעם גביר אַ שיין בילד פון זיך מיט אַ צושריפט: „איר האָט מיר געשיקט אייער בילד, שיק איך אייך צוריק מיין בילד״. אַ צווייטער פאַל: נאָך אַ גלענצנדיקער דרשה זיינער אין שול וועגן דער באַדייטונג פון שבת, הויבט זיך אויף אַ ייִד און גיט אַ פרעג דעם רב: „זאָגט מיר ווי אַזוי רויכערט מען אין שבת אַ ציגאַר?״ דער מלבי״ם האָט רויִק אים געענטפערט: „ס׳איז זייער איינפאַך, מען רויכערט פאַרקערט, דאָס הייסט מיטן פייער אין מויל״.

איינגעבראָכן און ממשיך געווען צו פאַרטיידיקן די אָרעמע פאָלקס־מאַסן.

דער צווייטער פראָנט וואָס דער מלבי״ם האָט געהאַט קעגן זיך איז געווען מצד די השׂכּלה־קרייזן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן צו באַקומען אַ השפעה צווישן די ייִדישע מאַסן. זיי האָבן געפּרעדיקט אַריינצופירן רעפאָרמען אין דער ייִדישער דערציִונג, ענדערן דאָס ייִדישע שטייגער־לעבן, אַרויסשטויסן ייִדיש און לערנען די לאַנד־שפּראַך, ד. ה. אָננעמען מענדעלסאָנס לערע, וואָס דער סוף איז געווען אַז די יוגנט איז געוואָרן עם־האָרציש און דערפירט געוואָרן צו אַסימילאַציע. זיי זענען אויך געקומען מיט אַ פּלאַן צו בויען אין בוקאַרעשט אַ טעמפּל מיט אַן אָרגל און אַ חזן, ווי אויך מיט תּפילות אין אַ נייעם נוסח.

דער מלבי״ם האָט אין די אַלע פּלענער געזען דעם אָנהויב פון אַ ווענדונג וואָס וועט אַריינדרינגען און פאַרסמען די ייִדישע מאַסן און וועט צעשטערן דעם ייִדישן שטייגער. די שאַרפע שטעלונג פונעם מלבי״ם האָט אויף אַ צייט אָפּגעשריגן דאָס אויספירן די פּלענער. יוליוס באַראַש איז געווען דער אַנימאַטאָר פון די השׂכּלה־פּלענער.

יוליוס באַראַש איז געבוירן געוואָרן אין בראָד, גאַליציע, אין יאָר 1815 אין אַ פרומער משפּחה. ער האָט שטודירט אין בערלין און אין לייפּציק און געענדיקט מעדיצין. אין יאָר 1841 קומט ער קיין רומעניע און אין משך פון אַ קורצער צייט ווערט ער איינער פון די צענטראַלע פיגורן אין אַלגעמיינעם רומענישן און ייִדישן לעבן. וועגן באַראַשס השׂכּלה־פּראָגראַם איז זיינער צייט געשריבן געוואָרן:

„קאַמף קעגן אַלטן חינוך־סיסטעם, קעגן פּילפּול און לעבנס־אָפּגעריסנקייט, קעגן יחוס, געלט־שידוכים, באַקעמפט די צדיקים און די פּאָליטישע רעכטלאָזיקייט פון ייִדן. דער פּראָדוקטיווער פּראָגראַם: לערנען דייטש איז אויך געווען אַ מיטל צו פאַרטרייבן ייִדיש, פּראָדוקטיוויזאַציע דורך מלאכה, ערדאַרבעט, ערלעכן מסחר, זיי האָבן פּראָפּאַגירט היגיענע, אַ דערנענטערונג צום אַרום דורך

מאָדערנער הלבשה, לערנען רומעניש, רעפאָרמירן דעם ריטואַל (אַ כּאָרשול), בכלל אויסקעמפן ציווילע און פּאָליטישע גלייכבאַ־רעכטיקונג".

בּאַראָש האָט דורכגעזעצט, פאַר יעדן פּרייז, געוואָלט דורכפירן די רעפאָרם אין דער כאָרשול און באַווייזן, אַז דער מענדעלסאָניזם אין רומעניע ווערט אַ ווירקלעכקייט.

וואָלטן נאָר די ביידע פאַראינטערעסירטע צדדים געפירט דעם קאַמף אָן דער אַריינמישונג פון אַ דריטן צד, וואָלט מען דעם מלבי"ם זיכער נישט געקענט איינברעכן. אָבער אַז עס האָבן זיך אָנגעהויבן די מסירות ביי די מאַכט־אָרגאַנען קעגן דעם רב הראשי, וועלכע האָבן געבראַכט דערצו אַז פון אָנהויב האָט אים די פּאָליציי פאַרבאָטן צו דרשענען אין שול און דערנאָך האָט מען אים בכלל אַרויסגעשיקט פון לאַנד — איז עס געוועזן אַ נצחון פון דער השכּלה איבער דער אַלטער ייִדישקייט. אָבער דער נצחון האָט געשאַפן אויך אַ יאָמערטאָל פון טיפן טרויער פאַר די ייִדישע פאָלקסמענטשן, וועלכע האָבן זיך דערפילט עלנט און דעפרימירט. דער נצחון האָט אויך געבראַכט אַ שווערע תּקופה פאַר ייִדיש.

קאַפּיטל פיר

# פון בראָדער זינגער, וועלוול זבאַרזשער ביז איציק מאַנגער

**אַ דור וואָס האָט פאַרנאַכלעסיקט זיין שליחות**

אין פריערדיקן קאַפּיטל האָב איך שוין באַמערקט, אַז די אַרבעט וועגן „ייִדיש אין רומעניע" האָב איך נישט געשריבן ווי אַ פאָרשער אָדער פילאָלאָג. מיין כּוונה איז אויפצווייזן אַז דער שטח איז אַ פאַרלאָזטער און מיין שטרעבונג איז אויפצוועקן און צו דערמוטיקן מען זאָל זיך פאַרנעמען מיט אַזאַ פאָרשונג. איך אַליין באַמי זיך צו זוכן און צו געפינען מאַטעריאַל וואָס זאָל אָנצייכענען כאָטש די עיקר־עטאַפּן פון דעם לאַנגן אַנטוויקלונג־וועג וואָס ייִדיש איז דורכגעגאַנגען אין רומעניע.

דאָ נישט לאַנג איז געבראַכט געוואָרן צו מיין שרייבטיש אַ לאַנגער אַרטיקל פון דעם באַקאַנטן דיכטער יעקב גראָפּער. אין דעם אַרטיקל וואָס איז ביז היינט נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן, דריקט גראָפּער אויס זיין פאַרדרוס וועגן דעם וואָס די ייִדישע פענמענטשן פון רומעניע האָבן נישט געזאָרגט צו פאַרצייכענען אין שריפט די פאָלקס־שאַפונגען אין ייִדיש. צוליב דעם זענען פאַרלוירן געגאַנגען גרויסע אוצרות פון רומענישן ייִדנטום, וועלכע האָבן אונדז געקענט העלפן פאַרשטיין זייער אייגנאַרטיקייט.

אין דעם אויבנדערמאָנטן אַרטיקל שרייבט גראָפּער:

„ס'איז אי בושה אי ווייטיק, אַז ביי אַן עם־הספר זאָל דאָס האָבן פּאַסירט. אי דאָס מיט דער גרעסטער מיטשולד פון אונדזערע גדולים, געלערנטע, פילאָלאָגן, אַ לעגיאָן

משׂכּילים און פֿאָלקס־דערציִערס; ווי זיי האָבן זיך ליב געהאַט צו באַטראַכטן און אָפּט מאָל אויף פֿרעמדע גע־ביטן נאָר זייער טעטיק געווען אין די לעצטע דורות. קיין שום וואָרט און פֿאָרוואורף קאָן אין דעם פֿאַל נישט צו שווער זיין, ווייל דאָס איז דווקא ביים ייִדישן, אַ שטעטיש און אַלט־קולטורעל פֿאָלק געשען, אַ פֿאָלק וואָס טוט דווקא זאָנסט דאָך יאָ מצוות און מעשׂים טובים, פֿאַר שפּיטעלער, פֿאַר שולן, פֿאַר וווילטאַטן יאָ, און גראָד פֿאַר אַזעלכע עסענציִעלע, נאַציאָנאַלע פֿאָלקסווערטיקע, דעם כּבֿוד שוינענדיקע און איידעלע ענינים — דערפֿאַר גאָר נישט געטאָן".

„אַ בושה שבבושה אין פֿאַרגלייך אַפילו צו קוים וואָס אויפֿדערוואַכטע יונגע פֿעלקער וואָס זיי האָבן אָט דעם קאַפּיטל געשענקט די גרעסטע אויפֿמערקזאַמקייט און רעספּעקט. מיט ליבע און וויסנשאַפֿטלעכן ערנסט האָבן זיי דעם נשמה־אויסברוך זייערן באַהאַנדלט און מחבב געווען על הבריות, אַפילו אַזעלכע יונגע קולטור־פֿעלקער ווי אוקראַינער, רומענער, סלאָוואַקן, סלאָווענער וכדומה".

יעקב גראָפּער באַנוגנט זיך נישט נאָר מיט שטראָפֿרייד. ער פּרוּווט אויך אָנצייכענען איינציקע הויפּטשטריכן פֿון געוויסע שאַ־פֿונגס־געביטן וואָס האָבן נאָך אין סוף 18טן יאָרהונדערט און דער־נאָך אין אָנהויב 19טן יאָרהונדערט געדינט אַלס וויכטיקער יסוד פֿאַר דער וואַקסנדיקער ייִדישער קולטור אין רומעניע.

זייער איינדרוקספֿול זענען גראָפּערס זכרונות אין וועלכע ער דערציילט ווי אַזוי ער האָט נאָך אין זיין פֿריסטער יוגנט דורך זיין מוטער עטל בת צבי (1926—1857) און זיין פֿאָטער מאָטי גראָפּער (1927—1850) פֿון שטעטל מוהילען, איינגעזאַפּט די גייסטיקע שטראָמען פֿון יונגן ייִד אין רומעניע. ער דערציילט, אַז זיין פֿאָטער פֿלעג אים „נעמען אויף די קני און ער פֿלעג אים פֿאַרטייטשן טייל תּפֿילות ווי „כּחומר ביד היוצר", אָט דעם כּל־נדרי־אויפֿדערנאַכטיקן

דערהויבענעם פּזמון, וואָס דערמאָנט אַזוי זייער אָן דעם באַרימטן פּערסישן מיטלאַרטערלעכן דיכטער אָמאַר באַנואַד; דער טאַטע האָט דערציילט אַז זייער רבי, ר׳ אבנר כתבן (באַקאַנט אין די שפּעטערדיקע יידישע קולטור־ און אידעאַליסטישע באַוועגונגען אין רומעניע), פלעגט מיט זיי פאַר די ימים־טובים לערנען און פאַרטייטשן אויך פּזמונים און יוצרות.

גראָפּער דערמאָנט אַז די קליינע יידישע קיבוצים אין רומעניע האָבן געהאַט זייער אַ באַשיידן אָבער אייגן לעבן און אייגענעם פּרצוף. מען דאַרף דאָס נישט פאַרטוישן מיט דעם אויסזען פון אַנדערע יידישע, אַפילו שכנותדיקע יידישע ישובים אין עסטרייך, רוסלאַנד, פּוילן מיט זייער לעבנסגאַנג. דאָס זענען געווען זייער ליבע און וואַרעמע יידן, מיט ליבשאַפט און אינטערעס צו יידן פון אומעטום, נאָר אינטים־זעליש — אַ דאַנק היסטאָרישע סיבות — אַנדערש ניואַנסירט. „דער חוט המשולש: פרומקייט, טראַדיציע, חסידות — האָט זיי געהאַלטן נאָענט צו יידן פון ערגעץ אַנדערש, פאַר אַלעמען נאָענט צו גאַליציע, בוקאָווינע מיט די רבישע הויפן. שפּעטער זענען אויך אין רומעניע אַזעלכע הויפן באַקאַנט. אָבער זייער געמיטמעסיקייט און מענטאַליטעט איז אַן אייגענע געווען, און אייגענע ניואַנסן אויסגעפורעמטע אין לויף פון דורות אַ סך, אַ פּונקט אויף וועלכן ס׳לוינט זיך אָפּצושטעלן און אים נעמען אין באַטראַכט״.

יעקב גראָפּער באַטאָנט: „אַז דער פאַרלוירענער דור האָט גע־צויגן די גייסטיקע יניקה פון רעליגיעזע און טראַדיציאָנעלע לעבנס־פאָרמען: דער חדר, דער בית־המדרש, דאָס קאָלעקטיווע צוזאַמענ־לעבן, שול, יריד, אַרום רבינס הויז, שבתדיקער טיש, דאָס שבת־דיקע בית־מדרש־לעבן, בעל־מלאכישע געדולדיקייט, אַרבעטנדיק אין די שפּעטע ווינטערנעכט״.

די תקופה נעמט אַרום בעיקר דאָס 18טע יאָרהונדערט. אין דער צייט פאָרמירן זיך די אייגנאַרטיקע שטריכן פון די רומענישע יידן. די יידישע שפּראַך איז נאָך אין אַ פּרימיטיוון צושטאַנד, ווי

שוין פריער דערמאָנט, די אַנטשיידנדיקע ראָל אין דער אַנטוויקלונג האָט געהאַט דאָס חסידות.

וואָלט געווען אַן ערנסטע אַרבעט וועגן צושטאַנד פון ייִדיש אין רומעניע פון סוף 17טן און אָנהייב 18טן יאָרהונדערט, וואָלטן מיר געקענט קלאָרער פאַרשטיין דעם פאָלקסטימלעכן הינטער־גרונט פון ייִדיש אין רומעניע אין יענער תּקופה.

עס זענען פאַראַן אייניקע קוועלן וואָס ברענגען געוויסע ידי־עות פון קלעזמער און בדחנים וואָס האָבן אויסגעפילט אַ צענ־טראַלע ראָל אין ייִדישן קולטור־לעבן אין דער אויבנדערמאָנטער תּקופה. דער ייִדישער שריפטשטעלער יוליאַן שוואַרץ, פון בוקאַ־רעשט, וועלכער איז יונג נפטר געוואָרן, ברענגט אין זיינע שריפטן,[1] אַז אין מיטן 18טן יאָרהונדערט, אין יאָר 1744, איז געגעבן געוואָרן אַ „כתב מלכות״ (קאַרטע דאָמנעאָסקאָ) דעם יאַסער קלעזמער, שלמה צימבלער. עס ווערט אויך דאָרט דערמאָנט אַז אין יאָר 1835 האָט עקזיסטירט אין יאַס אַ קלעזמערצעך און איר פאָרשטייער איז פיל יאָרן געווען איציק צימבלער, וועלכער האָט זיך אויס־געצייכנט ווי אַן אמתער טרובאַדור.

גראָפער איז געוועכט ווען ער שרייבט, אַז מען האָט אַפילו זיך נישט באַמיט צונויפזאַמלען די שברי־לוחות פון די גייסטיקע שאַפונגען פון יענער צייט ווען ס'האָבן אָנגעהויבן צו דערשיינען אויף דער ייִדישער גאַס די פאָלקסזינגער, וועלכע האָבן אָנגעזאָגט אַ נייע תּקופה, אָנגעהויבן אַ ניי קאַפּיטל אין ייִדישן לעבן. דעמאָלט איז געקומען אַ ווענדפּונקט, ווייל די אַנטוויקלונג פון די פאָלקס־זינגער און דיכטער ביי די רומענישע ייִדן אין מאָלדאַווע, בוקאָ־ווינע, בעסאַראַביע און מאַראַמאָרעש האָט פּאַמעלעך אָפּגעשאַפט דעם רעליגיעזן מאָנאָפּאָל אויפן ייִדישן קולטור־לעבן.

אין דער שטרענג־רעליגיעזער תּקופה האָבן די פאָלקסמאַסן

1. יוליאַן שוואַרץ: „ליטעראַרישע דערמאָנונגען״, פאַרלאַג „קריטעריאָן״, בוק־קאַרעשט 1975, זייטן 71—77, דער עסיי „פראָפילן פון ייִדישע קלעזמער פון אַמאָליקן רומעניע״.

זיך פאַרוויילט מיט בדחנות אָדער מיט ספּעציפישן געזאַנג אויף חתונות ווי אויך אין די ימים־טובים. ערשט אין מיטן פון 19טן יאָר־הונדערט האָבן אָנגעהויבן צו דערשיינען די וועלטלעכע פאָלקס־זינגער, מיט זייערע אייגנאַרטיקע לידער־געזאַנגען, וואָס האָבן אַרויסגערופן ענטוזיאַזם און פרייד ביי די פאָלקסמאַסן, אויך אין מיטן דער וואָך.

די פאָלקסזינגער זענען טיילווייז געקומען פון גאַליציע, פּוילן און רוסלאַנד און טיילווייז זענען זיי געווען אָרטיקע. צו די ערשטע האָבן געהערט די בראָדער זינגער, וועלוועלע זבאַרזשער, אברהם גאָלדפאַדען; צו די אָרטיקע — זעליק באַרדיטשעווער, הערש לייב גאָטליב (דער סיגעטער), שמעון פערשט, זיידל יהודה העלמאַן, ליפּאַלע רועסקי און אַנדערע. זיי האָבן צוגעגרייט דעם פאָלקס־טימלעכן באָדן פאַרן אָנהויב פון ייִדישן טעאַטער.

אין דער תּקופה פון 1750 ביז 1850 האָט דער דאָמינירנדיקער רעליגיעזער פאַקטאָר געשאַפן דעם גייסטיקן ניוואָ פון די ייִדן אין רומעניע. די פאָלקסדיכטער פון דער שפּעטערדיקער תּקופה האָבן אויסגעפּלאַסטערט די וועגן פאַר דער אַנטוויקלונג פון ייִדישן פאָלק־לאָר, וואָס האָט געטראָגן אַ מער וועלטלעכן כאַראַקטער.

די גערעכטע טענה פון יעקב גראָפּער, אַז דער פריערדיקער דור האָט פאַרנאַכלעסיקט אַ גרויסע נאַציאָנאַלע שליחות ווערט נאָך בולטער, ווען מען וויל רעקאָנסטרויִרן די אַנטוויקלונגען פון די עטאַפּן פון ייִדיש אין רומעניע.



ס'איז נויטיק אויפצוהויבן דעם פאָרהאַנג פונעם ייִדישן לעבן אין רומעניע אין דער תּקופה פון 1750—1850. דאָס איז אַ יאָר־הונדערט וואָס האָט נישט געשטורעמט מיט אַ גייסטיקן לעבן, עס זענען אָבער זיכער געווען אין אים וויכטיקע עטאַפּן אין דער פאָרמירונג פון די עמבריאָנען פון דער ייִדישער רומענישער אייגנ־אַרטיקייט. איך זאָג, אַז מען דאַרף אויפהויבן דעם פאָרהאַנג, ווייל די דאָזיקע תּקופה איז אין אַ גרויסער מאָס פאַרנאַכלעסיקט גע־

וואָרן, אַזוי אַז מען מוז בויען אויף השערות מער ווי אויף קאָנ־קרעטע פאַקטן. מען קען אָבער אָן צווייפל זאָגן, אַז אָט די תּקופה איז געווען דורכויס דורכגעדרונגען מיט אַ רעליגיעזער און טראַ־דיציאָנעלער איינשטעלונג. דעם רעליגיעזן קלימאַט האָט געשאַפן דער חדר, דער בית־מדרש, דעם רבינס הויף, די ייִדישע דאָרפס־אכסניות, די ייִדישע חתונות און ימים־טובים א. אַנד. די רעליגיעזע מנהגים און אויפפירונגען צוזאַמען מיטן חסידישן נוסח, וואָס איז אַריינגעדרונגען אין אַלע ווינקלען פון ייִדישן לעבן אין רומעניע, האָבן געשאַפן דעם ספּעציעלן קלימאַט. אין אָט דעם פאַרמאַכטן רעליגיעזן קרייז זענען די איינציקע אויסדרוק־פאָרמען פון פאָלקס־טימלעכקייט געווען דער קלעזמער, דער בדחן, די פּורים־שפּילער און ענלעכע.

אין דער דאָזיקער תּקופה זענען אויסער סידורים, חסידישע ספרים און „צאינה וראינה" זייער פאַרשפּרייט געווען צווישן דער ייִדישער מאַסע אין רומעניע די פאָלקסטימלעכע אינטערפּרעטאַצ־יעס פון תּנ"כישע געשעענישן וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסן איינ־פלוס אויף די פרויען. ס'איז אויך געווען שטאַרק פאַרשפּרייט דאָס „מעשׂה־בוך" וואָס האָט געהאַט אַ דורכויס רעליגיעזן אינהאַלט.

ד"ר משה גאסטער (1856—1939), אַ געבוירענער אין בוקאַ־רעשט, וואָס רעכנט זיך פאַר איינעם פון די ערנסטע ייִדישע וויסנ־שאַפטלער אין רומעניע, האָט פון דער פריסטער תּקופה פון זיין רייכער שעפערישקייט, צווישן אַנדערן, אויך געפאָרשט דעם אַלגע־מיינעם ווי אויך דעם ייִדישן פאָלקלאָר. ער איז טיף אַריינגעדרונגען אויך אין די פאַרשידענע קולטור־אַספּעקטן פון די ייִדן אין רומעניע. מ'דאַרף דערמאָנען זיין עסיי „ייִדישע מעשהלעך",[2] ווו ער שטעלט אַוועק אויפן סדר־היום די נויטווענדיקייט צו שטודירן די ייִדישע מעשהלעך, ווייל דאָס איז אַ טיפער מקור צו פאַרשטיין די פאַר־

---

2. ד"ר משה גאַסטער, „ייִווא־בלעטער", חודש־שריפט, יאַנואַר 1931, ווילנע, באַנד 1, נומער 1, פון זייט 24.
ס'איז באַקאַנט, אַז משה גאַסטער האָט ביז 1885 פיל בייגעטראָגן צו דער ייִדיש־פאָרשונג צוזאַמען מיטן פילאָלאָג: ל. שיינעאַנו.

שידענע השפּעות אויפן לעבן פון ייִדישן פאָלק. גאַסטער האָט צווישן אַנדערן אויך דערמאָנט: „אין דעם ,מעשה־בוך' האָב איך געפונען נאָר גאַנץ ווייניק וואָס איך זאָל צו דעם ניט קענען אויפווייזן דעם העברעיִשן מקור. הייסט עס, אַז דאָס וואָס דער עולם איז זיך נוהג צו רופן מעשיות, איז גאָר גיכער אַ מסורה און אַ לעגענדע".

די דאָזיקע באַהויפּטונג איז וויכטיק, ווייל דאָס „מעשה־בוך" איז געווען זייער פאַרשפּרייט אין רומעניע, אַזוי אַז אומדירעקט האָט משה גאַסטער דערוויזן, אַז די גייסטיקע יניקה וואָס די ייִדן האָבן איינגעזאַפּט דורך דעם „מעשה־בוך" איז געווען אַ מסורה און לעגענדע און דאָס כאַראַקטעריזירט טאַקע די דאָזיקע תּקופה. מען דאַרף אויך צוגעבן אַז דער רוב מעשיות פון דעם „מעשה־בוך" זענען פאַרבונדן געווען מיט די וויכטיקע ייִדישע פּערזענלעכקייטן פון די אַמאָליקע צייטן, פון דער תּנ"כישער און תּלמודישער תּקופה. שפּעטער זענען אויך געשאַפן געוואָרן לעגענדעס וועגן רמב"ם, אבן־עזרא, רש"י, יהודה החסיד א. אַנד. גאַסטער ווייזט אויך אָן אַז אין די שפּעטערע צייטן זענען איינגעשלאָסן געוואָרן אינעם קרייז פון די מסורות אויך דער אר"י, דער בעש"ט און אַ גרויסע צאָל חסידישע רביים. אָט די דאָזיקע ייִדישע מעשיות וועגן חסידישע פיגורן זענען דורכן רומענישן ייִד אויפגענומען געוואָרן מיט אַ באַזונדערן יראת־הכּבוד.



ווי דאָס זאָל נישט זיין אויסטערליש, טאָר מען אָבער אויך נישט פאַרלייקענען דעם פאַקט, אַז גלייכצייטיק מיט דעם עקסקלוסיוון חסידיש־רעליגיעזן פאַקטאָר אין ייִדישן לעבן אין רומעניע (ביז 1830—40) האָט זיך אויך אויסגעווירקט אַ צווייטער פאַקטאָר — די רומענישע פאָלקסשאַפונג, וועלכע האָט געהאַט אַ באַדייטנדיקן איינפלוס אויף ייִדן און ייִדיש. דאָס זענען געווען די „דאָינעס", די עלעגישע פאַסטעך־לידער, וועלכע האָבן נישט נאָר פיקסירט דעם כאַראַקטער פון די רומענער נאָר האָבן זיך אויך אויסגעווירקט אויף זיין שפּעטערדיקער אַנטוויקלונג. די „דאָינע" האָט אויסגע־

דריקט נישט נאָר טרויער און פרייד ביי פאַרשידענע אומשטענדן, נאָר האָט אויך געשאַפן אַן אייגנאַרטיקן באַנעם און אויפפירונג ביים פאָלקסמענטש. די „דאָינע" איז אַ טיף עמאָציאָנעלע פאָלקס־שאַפונג, וואָס איז אַריינגעדרונגען דורכן פאַסטעכס פייפל אין דער נשמה פון רומענער. מיט רעכט באַמערקט איציק מאַנגער[3] אַז דאָס רומענישע פאָלקסליד איז איינס פון די שענסטע און מערקווירדיק־סטע אין דער וועלט. „דער וויכטיקסטער אימפּראָוויזאַטאָר פון רומענישן פאָלקסליד איז דער פאַסטעך; ער האָט אין זיין פייפל אַריינגעכאַפּט דעם דינעם זיידענעם ציטער פונעם אָוונט־ווינט, דעם הייסן ליידנשאַפטלעכן טרעל פון דער נאַכטיגאַל און דעם זילבער־נעם ריטם פון די וואָלקנס, וואָס הענגען איבער זיין כאַטע, איבער זיינע בערג און איבער זיין סטעפּ".

די „דאָינע" מיט איר מעלאָדישקייט איז אויסגעוואַקסן אין לאַנד צווישן די קאַרפּאַטן. כּדי צו כאַראַקטעריזירן די השפּעה וואָס די „דאָינע" האָט געהאַט אין 18טן יאָרהונדערט מיט איר אַריינדרינגען צווישן די ייִדישע מאַסן, איז גענוג צו דערמאָנען די פאַרשידענע מעשׂיות וואָס זענען אַרומגעגאַנגען צווישן די ייִדן, אַז די חסידישע רביים פון רומעניע זענען אין יענער צייט באַשטאַ־נען דערויף אַז אין די חסידישע געזאַנגען זאָלן אַריינגעפלאָכטן ווערן אויך די דאָזיקע ניגונים, ווייל זיי האָבן האַרמאָניזירט מיטן געמיט און טעמפּעראַמענט פון די דעמאָלטיקע ייִדן. מען דאַרף צוגעבן אַז ביזן יאָר 1850, ווען ס'האָט נאָך דאָמינירט דער רעליגיעזער שטייגער צווישן די ייִדן אין רומעניע, זענען שוין די דאָינע־לידער געהאַט אַריינגעדרונגען אין ייִדישן לעבן. די צוויי פאַקטאָרן וואָס האָבן זיך באַגעגנט אויף דער רומענישער ערד האָבן דערפירט צו אַ מערקווירדיקן רעזולטאַט, וועלכער איז נאָך ביז היינט נישט אויסגעפאָרשט געוואָרן, כּדי פעסטצושטעלן זייער קעגנזייטיקע השפּעה.

3. איציק מאַנגער: „שריפטן אין פּראָזע", אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג י.ל. פּרץ, תּל־אביב 1980. עסיי — „דאָס רומענישע פאָלקסליד", זייט 289.

וועגן דעם רעליגיעזן תּחום, וואָס מיר דערמאָנען, די תּפילות, דעם תּנ״כישן מענטשן־באַנעם, די פאַרשידענע חסידישע יצירות — האָבן מיר אַ געניע פאַרשטעלונג. כ׳בין אָבער מסופּק צי דער היינטיקער לייענער קען דעם יאָרהונדערטער־אַלטן דאָינע־אויס־דרוק. איז דעריבער געוווּנטשן אַז מיר זאָלן ברענגען אייניקע אויס־צוגן פון דעם פּאַסטעכס גרויסער יצירה, וועלכע האָט זיך אַנטוויקלט אין האַרץ פון דער נאַטור. דער טיטל פון דער דאָינע איז שטענדיק געווען: „פרונזע ווערדע״ (גרינע בלעטער) און דאָס איז דער לייט־מאָטיוו:

גרינע בלעטער ניסנבוים,
גרינע בלעטער באַרנעבוים א. אז. וו.

אין דעם הערט זיך אויך צוגעבונדנקייט פון פּאַסטעך צו געווי־סע פּייזאַזשן פון זיין היים:

„אויף אַ גרינעם ניסנבוים
זינגט אַ יונגער קוקו שטיל,
אונטן אויף צוויי צווייגעלעך
זינגען שטיל צוויי פייגעלעך
אַזוי טרויעריק קלינגט דאָס ליד,
פליען בלעטעלעך אין ווינט —
ס׳זענען נישט קיין פייגעלעך,
ס׳זענען מיינע שוועסטערלעך.
אויף אַ צווייגל נידעריקער
זינגט אַ גראָע טויב אַן אַלטע.
אַזוי טרויעריק קלינגט דאָס ליד,
פליען בלעטעלעך אין ווינט —
ס׳איז דאָך נישט קיין טויב קיין אַלטע
ס׳איז מיין מאַמעשי די אַלטע.
מאַמע, ליבע שוועסטערלעך
טרויערט נישט ביי טאָג, ביי נאַכט,
וואָס איך בלאָנדזשע אין דער פרעמד.

ווישט שוין אָפּ די טרערן אויך,
פאַרטרויערט נישט די יאָרן אייך".

(איבערגעזעצט פון רומעניש דורך איציק מאַנגער,
פון ציקל „פעלקער זינגען").

ס'איז שווער צו געפינען אַן ענלעך טראַגיש פאָלקסליד ווי דאָס ווייסע שעפעלע „מיאָריצאַ", וועלכעס דריקט אויס אין דער רירנדיקסטער פאָרם דעם טראַגישן גורל פון איר פאַסטעך, וואָס שטייט פאַר אַ געפאַר אַז זיינע שונאים זאָלן אים הרגענען.

מיאָריצאַ לייע,
לייע בוקילייע,
דריי טעג נאָכאַנאַנד
האַלטסטו אין איין וויינען.

אין די פיל ענלעכע עלעגישע דאָינעס האָט דער רומענישער ייִד דערפילט דעם אָפּקלאַנג פון זיין אייגענעם גלותדיקן מעמד.

*

דער איינפלוס פון די דאָינעס האָט דורות לאַנג זיך אויסגעווירקט אויף דער ייִדישער ליטעראַרישער שאַפונג אין רומעניע. ס'איז כאַראַקטעריסטיש אַז אַפילו אין די גאָר שפּעטע יאָרן, אָנהייב 20סטן יאָרהונדערט, האָט דער יונג פאַרשטאָרבענער בעסאַראַבער ייִדישער פּאָעט־טרובאַדור, זעליק באַרדיטשעווער[4] (1898—1937) פאַרעפנטלעכט זיין באַקאַנט ליד „דאָינע" אין וועלכן ס'האָט זיך אָפּגעשפּילט זיין צוגעבונדנקייט צו די רומענישע פאָלקסלידער, צו דער „דאָינע". אין דעם ליד האָט ער אויך געבראַכט צום אויסדרוק די שווערע דאָליע פון די ייִדן.

4. זעליק באַרדיטשעווער: „לידער מיט ניגונים", אַרויסגעגעבן אין פאַרלאַג „זריע" מאָטיווידעאָ, יאָר 1948.

פון דעם ליד „דאָינע״:

„שפּיל דו קלעזמער מיר אַ וואָלער,
געלט מזומן אָט אַ צאָל איך,
און דו פּויקער פּויק בים־באָם —
היינט איז חגא, היינט איז כּראָם.
רעפרען: אף... אף... ליו...
ס'האָט דער ווינט געפּאַטשט, געשמיסן
די צינצאַרעס (א) מיך געביסן,
זון געברענט מיך און געבראָטן —
נישט קיין ווינט און נישט קיין שאָטן.
רעפרען...
ס'האָט גערעגנט, ס'האָט געראָסעט,
נאַלאָקעס (ב) שאָף האָב איך געפּאַסעט.
ער האָט ברינדזע, שאָף און וואָל —
איך געבליבן הויל און גאָל.
רעפרען...
נישט קיין שאָף, און נישט קיין ברינדזע
און קיין קארמע פאַר דער מינדזע (ג)
סיידן נאָר אַ גרוב אויפן צווינטער
איבערקומען דאָרט דעם ווינטער.
רעפרען...
שפּילט זשע שטאַרקער, העי קאַפּעליע,
שפּילט אַ דאָינע, שפּילט אַ זשעליע (ד)
נישט קיין שאָף און נישט קיין רינדער
נאָר אַ הונגעריק ווייב און קינדער.
רעפרען...

(א) צינצאַר — קאָמאַר.
(ב) גאָלאָקעס — פּויערישער נאָמען.
(ג) מינדזע — לאָשיקל.
(ד) זשעליע — אַ טרויעריקס.

אַן ענלעכע השפּעה פון דער „דאָינע״ טרעפן מיר אויך אין די שפּעטערע ייִדישע ליטעראַרישע שאַפונגען, אַפילו אין די 30—40 יאָרן פון דעם יאָרהונדערט אין רומעניע.

גאָר בולט קומט עס צום אויסדרוק ביים באַקאַנטן ייִדישן שרייבער יחזקאל רינג פון סיגעט־מאַראַמאָרעש.[5]

אין זיין דערציילונג „אַ פאַרבלאָנדזשעטער ניגון״ געפינען מיר זייער אַ טרעפלעכע באַשרייבונג פון רבינס הויז, פון בית־מדרש און פון דעם גבאי שמעון מיט זיין משפחה. שמעון פילט אויס זיין שליחות מיט דביקות און איבערגעגעבנקייט. דעם רבינס ניגון זינגט ער מיט גרויס עקסטאַז. זיין טעכטערל רבקהלע, וואָס זיצט אין צווייטן צימער און העפט אַ גאָבעלין, זינגט זייער געשמאַק אַ „דאָינע״.

אין אַ געוויסן מאָמענט, ווען רבקהלע דערהערט די הויכע קולות וואָס טראָגן זיך פון טאַטנס צימער, לויפט זי אַריין זען וואָס דאָרט געשעט. זי ווערט דערציטערט און לויפט אַריין צו דער מאַמען דערציילן וואָס זי האָט געזען. די מאַמע באַרויִקט זי מיט אַ שמייכל, אָבער רבקהלע איז נישט רויִק. זי זאָגט: „דער טאַטע איז משוגע געוואָרן. זי דערציילט: דער טאַטע האַלט די אויגן גרויס אויפגעריסן, קוקט אין דער ווייטנס, וויינט און וואַרפט מיט אַלע אברים, שאָקלט מיט דער באָרד, מיט דער האַנט און מאַכט פאַר־שידענע העוויות. רבקהלע שטאַמלט און דערציילט ווייטער: מאַ־מעשי, מיט וואָס פאַר אַ ניגון לערנט ער? דער טאַטע לערנט דאָך מיט אַ רומענישער דאָינע״.

כ׳וועל נישט ברענגען נאָך פּרטים וועגן דער השפּעה פון דעם דאָזיקן ניגון, כ׳וויל נאָר ווייזן ווי אַזוי די „דאָינע״ איז אַריינגע־דרונגען אויך אין די סאַמע פאַרמאַכטסטע ייִדיש־רעליגיעזע קרייזן

5. יחזקאל רינג איז געבוירן געוואָרן אין סיגעט, אין יאָר 1914. ער האָט פאַר־עפנטלעכט איינציקע ביכער: „פאַרבלאָנדזשעטער ניגון״, „אויפן הימל אַ יאַ־ריד״, „מגילת יודא״. געווען אויך רעדאַקטאָר פון דער פּובליקאַציע „יונג מאַראַמאָרעש״. אַליין אַ ישיבה־בחור אין אַ שטרענג רעליגיעזער סביבה, נאָך אוישוויץ זיך באַזעצט אין שטאָקהאָלם.

אין רומעניע און אַוודאי זיך אויך אָפּגעשפּיגלט אין דער דאָרטיקער יִדישער ליטעראַטור.

**פון די בראָדער זינגער, וועלוול זבאַרזשער ביז איציק מאַנגער**

אין די יאָרן 40—1850 קומט אָן, מיט פּאַמעלעכע שריט, אַ נייע תּקופה, וועלכע איז אפשר נישט באַמערקט געוואָרן אין דער צייט פון איר אַנטשטייונג, אָבער ווען מען מאַכט איצט אַ היסטאָרישן איבערבליק, ווערט בולט אַז אומגעפער אין יענער צייט הויבט זיך אָן די אָפּשוואַכונג פונעם רעליגיעזן איינפלוס־מאָנאָפּאָל אויפן גייסטיקן און קולטורעלן לעבן פון יִדן אין רומעניע. די הויפּט־פאַקטאָרן פון דער דאָזיקער אָפּשוואַכונג ווערן די משׂכּילים, די פּאָלקסזינגער, די טרובאַדורן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן צו פאַר־פלייצן רומעניע און האָבן זיך קאָנצענטרירט אין מאָלדאַווע, בוקאָווינע, בעסאַראַביע און טיילווייז אויך אין מאָנטעניע.

וואָס האָט באַוויגן די דאָזיקע פאָלקסזינגער פון גאַליציע און רוסלאַנד צו זוכן זייער פּלאַץ אין רומעניע? דער ענטפער איז אַ פּשוטער: אין גרויסע טיילן פון גאַליציע און בעיקר אין בראָד ווי אויך אין טיילן פון רוסלאַנד האָט געהערשט אַן עקאָנאָמישער קריזיס און, ווי דער שטייגער איז, הויבט מען אָן זוכן אַ מקום־מקלט פאַר אַ ביסל פּרנסה.

דער שרייבער דוד ישעיהו זילבערבוש,[6] וועלכער האָט געלעבט אַ לענגערע צייט אין רומעניע, האָט פאַרצייכנט: „דאָס וואָס היינט איז פאַר אונדז אַמעריקע, איז אין יענער צייט ביי די גאַליציאַנער, בעסאַראַבער און בוקאָווינער יִדן געווען רומעניע. אין רומעניע פאַרדינט מען ,רענדלעך', גילדענע דוקאַטן'."

ס'איז זיך לייכט פאָרצושטעלן, אַז דער חלום וועגן גאָלדענע דוקאַטן איז געווען אַ גאַנץ שיטערער, דאָקעגן האָבן זיי געפונען

6. דוד ישעיהו זילבערבוש: „סקיצן", פאַרלאַג „ליטעראַרישער פריינד", ווין 1921, זייט 51.

אַן אַנדער אוצר, דעם ייִדישן פאָלקסמענטש, וועלכער האָט אַרויס־געוויזן באַגייסטערונג צו די ניי־אָנגעקומענע פאָלקסזינגער.

ש״י עגנון האָט אין זיין בוך „בלבב ימים״ [7] באַשריבן מיט גרויס באַוווּנדערונג די וואַנדערונג פון אַ טייל ייִדן פון די מזרח־אייראָפּעיִשע לענדער קיין מאָלדאַווע און וואַלאַכיע... צווישן די וואַנדערנדיקע ייִדן זענען געווען פאָלקסדיכטער און פאָלקסזינגער. וואַנדערנדיק איבער פאַרשידענע פלעצער, זענען זיי אויך אָנגעקומען קיין יאַס, וועלכע האָט זיך פאַר זיי אַנטפּלעקט ווי אַ רויִקע שטאָט פול מיט ייִדישער וואַרעמקייט. דאָ, זאָגט ש״י עגנון: „...אין יענע צייטן פלעגן באַזוכן דאָס לאַנד (די ייִדישע שטעטלעך), די וועגענער פלעגן דורכפאָרן דערפער אַרומגערינגלט מיט ברייטע פעלדער, וויינגערטנער, באַגראָזטע שטחים ווי אויך טשערעדעס שאָף פאַרשפּרייט אין אַלע טיילן פון לאַנד — און פאַסטעכלעך זיצן מיט פייפלעך אין מויל און פייפן אויס טרויעריקע ניגונים און זייער שטים איז ווי דער קול פון „יעלה תחנונינו״. גוייִם, פאַסטעכער פון שאָף, מיט וואָס האָבן זיי זוכה געווען צו זאָגן „יעלות״, דערויף האָט דער בעש״ט ז״ל געזאָגט: ווייל די אומה האָט דורכגעלעבט פיל צרות און דאָך נישט כּופר געווען אין זייער גאָט, האָט זי זוכה געווען צו זינגען דאָס געזאַנג וואָס הייליקע ייִדן זאָגן עס אין הייליקן טאָג אין אַ הייליקן פלאַץ פאַרן הקב״ה״.

די תּקופה, וועלכע ש״י עגנון האָט אַזוי רירנדיק באַשריבן, האָט געהאַט אַן אייגנאַרטיקן המשך. די פאָלקסזינגער האָבן אָנגעהויבן צו קאָנצענטרירן אַרום זיך די פאָלקסמענטשן און האָבן זיי אַריינ־געבראַכט נישט אין בית־מדרש, נאָר אין די ווינקעלערס, טשיינעס און אכסניות און נישט אין די שבתים און ימים־טובים נאָר אין וואָכעדיקע טעג און צו וואָכעדיקע וועלטלעכע אַרויסטרעטונגען. דער אויסגעהאָרעוועטער, מידער פאָלקסמענטש האָט אין דער אכסניה געפונען אַ ניי געזאַנג, אַ נייעם ניגון, אַ פאָלקסליד, וואָס האָט אים דערפרישט. מיט דעם אָנקומען פון פאָלקסזינגער און

7. כל סיפוריו של שמואל יוסף עגנון, 6טער באַנד „בשובה לנחת״, פאַרלאַג שוקן, תרצ״ה; פרק: „בלבב ימים״, 6טער קאַפּיטל, זייטן פון לב.

טרובאַדורן הויבט זיך אָן די קולטור־וועלטלעכקייט ביי די פשוטע רומענישע ייִדן. די אָנגעקומענע משׂכּילים, זינגער און פּאָעטן האָבן נישט געפּרוּווט פירן אַ ריין משׂכּילישע אויפקלערונג, נאָר זיי האָבן זיך צוגעפּאַסט צום ווילן פון די דאָרטיקע ייִדן, דעריבער האָבן זייערע וועלטלעכע שריט נישט אַרויסגערופן קיין קעגנערשאַפט. די שותּפות פון פאָלקסמענטש מיט די פאָלקסזינגער האָט געלייגט דעם יסוד פאַרן ייִדישן טעאַטער אין יאַס.

אין משך פון דער צייט האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביי די מער באַוווּסטזיניקע קרייזן די פראַגע: צי איז דער צופלוס פון די נייע כּוחות פון דיכטער, זינגער, טרובאַדורן אַ געווּנטשענע זאַך און צי דאַרף מען זיי אויפנעמען מיט אָפענע הערצער?

די פראַגע האָט זיך געשטעלט דערפאַר, ווייל אייניקע האָבן געזען אין כּסדרדיקן צופלוס פון שעפערישע כּוחות אַ סכּנה, ס'זאָל אָפּגעהאַלטן ווערן דער וווּקס פון די אייגענע גייסטיקע כּוחות צווישן די רומענישע ייִדן. זיי האָבן נישט געזען אין די צוגעקומענע שעפערישע כּוחות קיין באַשטאַנדטייל פון דער ייִדישער קולטור אין רומעניע. די דאָזיקע נעגאַטיווע באַציִונג האָט זיך נישט געמערקט אין די ברייטערע קרייזן. די פאָלקסמענטשן איז געווען פרעמד אַזאַ משונהדיקע קולטור־בוכהאַלטעריע. אויך פיל אינטעליגענטערע קרייזן האָבן אויפגענומען מיט צופרידנקייט דעם צופלוס פון פרישע שעפערישע כּוחות פון די אַנדערע מזרח־אייראָפּעיִשע קהילות, אַזוי אַז דאָס וואָס ס'האָבן גייסטיק געשאַפן בערל בראָדער, וועלוול זבאַרזשער, אברהם גאָלדפאַדען, ראובן ברוידעס און אַנדערע אין די ייִדישע קהילות אין רומעניע, דאַרף פאַררעכנט ווערן צום קולטור־באַלאַנס פון די ייִדן אין רומעניע. די צוגעקומענע קולטור־שאַפערס האָבן צוגעהאָלפן דעם ייִדישן שבט אין רומעניע צו באַרייכערן און דערהויבן זיין גייסטיקן ניוואָ.

פּראָפ׳ דב סדן האָט, שרייבנדיק וועגן יעקב גראָפּער,[8] באַ־

8. פּראָפ. דב סדן: „יעקב גראָפּער און זיין צייט״, אַרויסגעגעבן פון פאַרבאַנד פון רומענישע ייִדן אין ישׂראל און דער יעקב גראָפּער עזבון־קאָמיסיע, אשקלון 1976, „צווישן אוניקום און קוריאָז״ זייטן 77—96.

צייכנט ווי אַ פעלער זיין (גראָפּערס) רעזערווירטע שטעלונג צו די יִדישע קולטור־כּוחות וואָס זענען געקומען פון דרויסן און שטערן די גייסטיקע מאָלדאַווער שאַפונג... דערויף באַמערקט דב סדן:

„...יעקב גראָפּער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין מעדיטאַציעס: וואָס וואָלט געשען ווען דער פּאָליטישער גורל פון רומעניע און ממילא פון מאָלדאַווע וואָלט געווען אַן אַנדערער — אַ מעדיטאַציע, וואָס האָט זיך אים צוגעשפּיצט צו אַ טעאָריע וועגן די דורותדיקע אינ־וואַזיעס פון רבנים, לומדים, משׂכּילים, שרייבער, לערער, וואָס זע־נען געקומען פון אַנדערע פּראָווינצן און האָבן מאָלדאַווע און וואַ־לאַכיע נישט צוגעלאָזט צו קריגן זייער אייגענעם פּרצוף און ער האָט בעיקר אונטערגעשטראָכן די לעצטע אינוואַזיע פון בעסאַ־ראַביע און בוקאָווינע וואָס האָט פאַרפּלייצט און אָפּגעהאַקט די מאָלדאַווער אייגענע קולטור־אָנהויבן. עס איז, פאַרשטייט זיך, אַ טעאָריע וואָס האָט נישט קיין האַפט".

די געשיכטע באַווייזט אַז אין רוב פאַלן האָט די באַגעגעניש פון פאַרשידענע יִדישע קולטור־כּוחות געגעבן גוטע רעזולטאַטן. פון דעם איז טאַקע די מסקנה אַז די פאַרשידענע קולטור־„אינ־וואַזיעס" אין רומעניע האָבן באַרייכערט און באַפרוכפּערט דעם באָדן פאַר אַ ווייטערדיקער גייסטיקער שעפערישקייט.

די קולטור־סימביאָזע ביי די יִדן אין רומעניע אין מיטן פון 19טן יאָרהונדערט האָט געבראַכט פּראַכטפולע רעזולטאַטן. איינער האָט גענערט דעם צווייטן. דאָס איז וויכטיק צו באַמערקן, ווייל נאָר אַזוי דאַרף געזען ווערן די גייסטיקע אינטעגראַציע, דער צופלוס פון יִדישע קולטורעלע כּוחות, וועלכע האָבן באַפרוכפּערט דעם היגן באָדן.

צווישן די ערשטע בולטסטע כּוחות וואָס זענען אָנגעקומען קיין רומעניע איז געווען בערל בראָדער (1815—1868), וועלכער האָט געשאַפן די קאַפּעליע בראָדער זינגער. מער פון אַ דור שפּעטער, ווען ס'איז דערשינען דער גרויסער דיכטער איציק מאַנגער, האָט ער זיך סאָלידאַריזירט מיט דער גרויסער זינגערישער ירושה פון די

בראָדער זינגער, ווי ער דריקט זיך אויס אין זיין באַקאַנטער באַ־
לאַדע: „בראָדער זינגער״:

„כ׳בין אַרויפגעשפּרונגען אויפן וואָגן פון די „בראָדער
זינגער״
און מיט זיי אַ מהלך־וועג אָפּגעפאָרן,
דורך שטעט און שטעטלעך זינגענדיקע יאָרן,
דורך וואָגל, דורך הפקר און דורך הונגער.
דעם אמת געזאָגט ס׳איז מיר געווען גרינגער,
מיט אָט די ערשטע ייִדישע פריילעכע אַקטיאָרן,
פאַר די פעלדער זינגען פייגל, די גרילן — פאַרן קאָרן
און פאַר די ייִדן זינגען מיר — די בראָדער זינגער.
אין ייִדישע אכסניות, אין קרעטשמעס ביי די וועגן,
האַרבסט־צייט, ווען אין די לאָדנס פּויקט דער רעגן,
שטעלן מיר זיך אָפּ כּדי צו זינגען און צו זאָגן.
ביי לאַנגע הילצערנע טישן זיצן פּראָסטע ייִדן און זיי הערן,
אָט זיפצן זיי פאַרזאָרגט און אָט לאַכן זיי מיט טרערן.
אין דרויסן אויפן רעגן וואַרט אויף אונדז דער וואָגן.

איציק מאַנגער האָט בולט געמאַכט זיין צוגעהעריקייט צו דעם דור פון די בראָדער זינגער און מיט דעם האָט ער אייגנטלעך פאַר־זיגלט די דיסקוסיע וועגן דער נוצלעכקייט פון דעם אָנגעקומענעם שטראָם צו די ייִדן אין רומעניע.



ווער איז געווען בערל בראָדער, דער גרינדער פון דער בראָדער קאַפּעליע? געבוירן אין בראָד, געאַרבעט ביי אַ גאָרנישט צוציענ־דיק פאַך — ביי חזיר־האָר. בשעת דער אַרבעט האָט ער פאַרפאַסט פאַרשידענע פאָלקסלידער. נאָך דעם ווי ער האָט חתונה געהאַט איז ער געוואָרן אַ פאַרטרעטער פון אַן עקספּאָרט־פירמע און בעת זיינע באַזוכן אין פאַרשידענע טיילן פון רוסלאַנד, פלעגט ער אין

די אכסניות אַרויסטרעטן מיט זיינע לידער. מיט דער צייט האָבן זיך אָנגעהויבן אַרום אים צו גרופּירן משוררים און בדחנים און אַזוי האָט זיך פֿאָרמירט די ערשטע גרופּע פֿאָלקסזינגער און פֿון דער גרופּע זענען אויסגעוואַקסן די בראָדער זינגער. ווען ער איז צוריקגעקומען פֿון זיין רייזע אין רוסלאַנד, האָט ער זיך געגעט מיט זיין פֿרוי און איז אַוועק קיין רומעניע זוכן דאָרט זיין גליק. נאָך אַ קורצער צייט האָבן די בראָדער זינגער אַרויסגערופֿן אין רומעניע גרויס אינטערעס. ער האָט פֿאַרפּישופּט די עמך־מענטשן, וועלכע האָבן געשטראָמט צו הערן זיינע פֿאָלקסלידער.

דער באַקאַנטער היסטאָריקער און פֿאָרשער פֿון ייִדישן טעאַטער, ד"ר יצחק שיפּער, האָט כאַראַקטעריזירט די בראָדער זינגער: „...זיי זענען געווען די ערשטע, וואָס האָבן אַראָפּגענומען דעם יום־טובדיקן שלייער פֿון דער פֿאָלקס־דראַמאַטיק און זי אָנגעהויבן פּראָדוצירן אין פּשוטע וואָכנטעג".

ווען בערל בראָדער האָט אין אַ ווינטער־אָוונט אין אַ יאַסער אכסניה אויסגעזונגען אַ האַרציק ליד, כּדי זיך פֿאָרצושטעלן פֿאַרן עולם, האָט מען צו זיינע ווערטער זיך צוגעהערט מיט גרויס אויפֿמערקזאַמקייט:

א

„איך בראָדער בעריל
איך שריי צו אַלע מענשין
הערט אויס ווערטער ווי פּעריל
מיט חן זאָל מיך גאָט בענשין.

ב

איך בעריל פֿון בראָד,
איך בין די קלענסטער ברואה,
איך דאַנק דיר לוב דיר, דו זוסער גאָט
פֿון דיר איז מיין ישועה.

ג

מיינע לובו גוטו ברודר
הערץ מוך נאר צו
און מיינו שיינו ליד׳ר
אונ אוך צו דער שיינער מאלאדיא״.[9]

דאָס איז געווען דער אַריינפיר פון ציקל בראָדער זינגערס פאָלקסלידער וועלכע האָבן אַזוי שנעל געפונען דעם וועג צום האַרצן פונעם פאָלקסטימלעכן יִדן אין רומעניע אַזוי אַז אין אַ גאָר קורצער צייט אַרום האָט מען שוין געקענט הערן אין פיל וואַר־שטאַטן און פאַרשידענע אַרבעט־פלעצער נאָכזינגען די פאָלקס־לידער. יִדיש אין רומעניע, אין די פאַרשידענע שטעט און פראָ־ווינצן, איז אויפגעלעבט געוואָרן דורך די נייע לידער און געזאַנגען.

אייגנטלעך האָבן די בראָדער זינגער, וועלוול זבאַרזשער און אַנדערע אויסגעפּלאַסטערט דעם וועג פאַר שאַפן דעם יִדישן טעאַטער אין יאַס אונטער דער געלונגענער אָנפירונג פון אברהם גאָלדפאַדען. אינעם פרק וועגן יִדישן טעאַטער וועלן מיר זיך אויס־פירלעכער אָפּשטעלן אויף דער ראָל פון די פאָלקסזינגער ביים צוגרייטן דעם באָדן און קלימאַט פאַר דעם ערשטן יִדישן טעאַטער.

בערל בראָדער האָט אויך געפּרוּווט אַריינברענגען אייניקע פון זיינע מחשבות וועגן דער פירונג אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, ווי דאָס קומט צום אויסדרוק אין זיין ליד „ווי איין חכם שמיסט צו דער וועלט״:

א

„וועלט, וועלט קוק דיך נאָר אום
אוף דער אומרעכט זעה נאָר
ווי דעם קלוגון איז שלעכט אומודים

9. בראָדער בערל, „שירי זמרה״, פאַרלאַג יו. וו. אלאט, לעמבערג 1861. די זאַמלונג „ענטהאַלט דרייסיק הערלעכע לידער אין ריין יִדיש לשון״.

אין דעם היינטיגן דור.
דר חכם איז עלענד און הט גאר קיין ווערט
און דעם נער באַגלוקט היינט
וואלט נוט שענער גוועזן עס זאל זיין פארקערט
דו זון זאל האבון אוף דו קלוגן געשיינט.

ב

וועלט, וועלט איך פרעג דיך אַליין
צו בוסטו מיט דעם עפּ׳ס גרעכט
אַז דער נער זאָל תמיד גיט גיין
און דעם חכם זאל נעבך זיין שלעכט
צו ביסטו דען צו דעם גשטעלט גווארן
דר נער זאל תמיד נור בגליקן
אוף דעם קלוגן ביסטו אונ צארן
און איסט אום נעבעך אונטער דרוקן״.

די פאָלקסלידער פון בערל בראָדער האָבן אויך פיל סאָציאַלע אַספּעקטן. דער פאַרהאָרעוועטער און מידער בעל-מלאכה און עמך־מענטש האָט זיך מיט זיי דערפילט דערמוטיקט. מען קען זאָגן, אַז דאָס איז געווען אין אַ געוויסער מאָס אַ סאָציאַלע אָנרעגונג וועגן דעם אומרעכט אין פאַרשידענע טיילן פון געזעל־שאַפטלעכן לעבן.

*

די ייִדישע פאָלקסזינגער פון מיטן 19טן יאָרהונדערט האָבן געעפנט אַ פּולסירנדיק קאַפּיטל אין דער ייִדישער קולטור אין רומעניע.

דעמאָלט האָט זיך אויסגעטיילט וואָלף (וועלוול) עהרענ־קראַנץ־זבאַרזשער. ער איז געווען צווישן די געציילטע, אַרום וועלכע עס האָט זיך געוועבט אַ לעגענדע. זיי האָבן געפונען דעם וועג צו דער נשמה פון ייִדישן פאָלקסמענטש. אין דער גרופּע

האָט וועלוול זבאַרזשער מיט זיין ליד און געזאַנג, מיט זיין ווערטל און אַנעקדאָט, מיט זיין פרייד־ און צער־אויסדרוק, ווי אויך מיט זיין סאַטירע זיך געשאַפן זיין אייגענעם וועג.

וועלוול זבאַרזשער, אַ זון פון אַ שוחט, איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1819 — תקע״ט, אין זבאַרזש, אַ גאַליציש שטעטל ביי דער רוסישער גרענעץ. ער האָט באַקומען אַ רעליגיעזע דערציונג און איז געווען אַ למדן מיט פיל שיינע מידות. גאָר יונג, צו אַכצן יאָר, האָט ער חתונה געהאַט מיט חוהלען; דער פרומער יונגער־מאַן איז אויך אַ ביסל פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער וועלט־לעכער השפעה און פלעגט אַ „נאַש טאָן״, אַריינבליקן אין ספרימ־לעך מיט משׂכּילישע טענדענצן. דוד ישעיהו זילבערבוש [10] האָט אָנגעשריבן וועגן וועלוולען איינע פון די שענסטע ביאָגראַפיעס, אין וועלכער ס׳שפּיגלט זיך אָפּ זיין פּערזענלעכע און פאַמיליע־טראַגעדיע, ווי אויך זיין גרעאַנגל אַלס פאָלקסזינגער.

וועלוול זאַברזשער האָט אָנגעהויבן צו שרייבן העברעיִשע און ייִדישע לידער און געשאַפן פאַר זיי די מוזיק. ווען דאָס איז באַקאַנט געוואָרן אין שטעטל, איז דאָס ייִדישע זבאַרזש געגאַנגען כאַדאָראָם. חוהלעס טאַטע, דער שוחט, האָט געפאָדערט פון זיין טאָכטער זי זאָל אָפּגטן איר מאַן און פּטור ווערן פון דער צרה. חוה האָט אָבער מיט הייסע טרערן זיך קעגנגעשטעלט, איז מען געקומען צו אַ פּשרה, אַז וועלוול זאָל אַרויספאָרן קיין רומעניע און דאָרט זאָל ער לעבן ווי ער וויל און אויך זיך געפינען זיין פּרנסה.

אַריבערגעטרעטן די שוועל פון רומעניע איז ער ביים שטעטל מוהילען און פון דאָרט איז ער אָנגעקומען קיין באָטאָשאַן. זילבערבוש שרייבט: „...פון אַלטע צייטען אָן איז באָטאָשאַן גע־ווען אַ גרויסע יודישע שטאָט, וואָס חוץ די אַלט־איינגעזעסענע מאָלדאַווישע יודען האָט זי אין זיך אויך קולט געווען יודען פון

---

10. דוד ישעיהו זילבערבוש: „סקיצן״, פאַרלאַג „ליטעראַרישער פריינד״, ווין 1921, „וועלוועל אָדער וואָלף עהרענקראַנץ״ אַ לעבנס־בילד. זייטן 48—93.

פאַרשידענע מדינות". „געקומען איז וועלוול קיין באָטאַשאַן, אַ נישט־פאַרטיגער, אַ נישט־אויסגעבאַקענער. אַ יודישער צוגע־פוצטער יונגערמאַן, אָנגעזאַפּט מיט גמרא און פוסקים, מיט תנ"ך און השכלה־ספרימלעך".

אין אַזאַ צושטאַנד איז וועלוול עהרענקראַנץ־זבאַרזשער אָנגעקומען קיין רומעניע אין יאָר 1840. דאָ האָט ער געלעבט און געשאַפן זיינע בעסטע לידער און מוזיק, זיינע טרעפלעכע אויסדרוקן פול מיט הומאָר, זיינע אַנעקדאָטן און סאַטירעס. כמעט 40 יאָר נאָכאַנאַנד האָט ער דאָ געלעבט און געשאַפן און איז געוואָרן איינער פון די באַליבטסטע דיכטער און זינגער אין יענער תקופה.

אין באָטאַשאַן האָט ער זיך אָנגעטראָפן פנים־אל־פנים מיט דער ווירקלעכקייט. ער האָט דערזען אַז אין מסחר וועט ער נישט מצליח זיין, נישט האָבנדיק קיין אַנדערן אויסוועג, איז ער געוואָרן אַ מלמד ביי אַ משפחה אין אַ דאָרף. דאָרט האָט ער פאַרבראַכט דריי יאָר. אין דער צייט האָט ער פאַרפולקאָמט זיינע העברעישע און יידישע לידער. ווען ער איז אַריבער קיין באָטאַשאַן, האָט ער אָנגעהויבן מיט זיינע לידער־געזאַנגען צו באַזוכן די פאַרשידענע אכסניות און במשך אַ קורצער צייט האָט ער פאַרכאַפּט די יוגנט און בעיקר די בעלי־מלאכות און אַרבעט־מענטשן. די טיפע סימפּאַטיע און השפעה וואָס ער האָט אַרויסגערופן ביים עמך־מענטש האָט דערפירט דערצו, אַז מען האָט אים גערופן דער אליקום צונזער פון רומעניע און לערער פון זיין דור.

ווי עס ווייזט אויס, איז וועלוול זבאַרזשער נישט געווען גליקלעך אין זיין לעבנסוועג. אין איינעם פון זיינע פריסטע לידער, זאָגט ער:

„נאָר צו טרינקען און צו עסן
צו הוליען, איז מיין פּלאַן
אַ מיטל אַלסדינג צו פאַרגעסן
איז נאָר דאָס גלעזעל וויין".

װעלװל זבאַרזשער האָט געבענקט נאָך זײַן יונגער חוהלע. ער האָט אָבער נישט געװוּסט װי שװער זי לעבט איבער אירע טעג אין זבאַרזש. פון דעם עגמת־נפש און פּײַן איז זי שנעל אַװעק פון דער װעלט. די ידיעה װעגן איר פּטירה איז אָנגעקומען קײַן באָטאָשאַן צו װעלװלען מיט אַ גרױסער פאַרשפּעטיקונג. דאָס האָט אים צעטומלט און פאַרצערט. ער האָט געפילט אַז ער האָט אַ חלק אין איר טױט. צום זכר פון זײַן חוהלע האָט ער פאַרפאַסט אַ טרױערליד, „אױפן בית הקברות״:

„אונטער די בערגלעך, װען דו זאָלסט זעהן,
פױלן דאָרט בײנער אָהן אַ שיעור,
זענען געװען אױך אַזױ שעהן,
אפשר נאָך שענער פון דיר.
אַצינד מאַכען די װערים פון זײ זיך מאכלים,
זענען דערצו נאָר געשװאױרען,
קינדער, די װעלט איז נאָר אַ חלום,
דער מענש איז צום שטאַרבען געבױרען״.

װעלװל זבאַרזשער גײט לכתחילה נישט אַרײַן מיט חברה אין שענקל כּדי צו זינגען. ער איז נישט קײן קונצן־מאַכער. ער קומט זיך פּשוט צונױף מיט גוטע ברידער, די חברה װײסן שױן אָבער, אַז נאָכן צװײטן, דריטן גלעזל װײַן װעט װעלװל זינגען.

ער פלעגט טאַקע זינגען, אָבער שטענדיק האָט ער געהאַט מיט זיך אַלײן אַ דין־תּורה: צי דאַרף ער זינגען פאַר געלט. ער האָט אין זײַן זינגען געזען אַ שליחות, פאַר װעלכער מען דאַרף נישט באַקומען קײן געצאָלט. אָבער װען ס'האָט אים אין קע־שענע אױסגעפּעלט די מטבע, האָט ער זיך געמוזט אונטערגעבן. נאָך אַ האַרב פּראָבלעם איז פאַר אים געשטאַנען: פאַר װעמען זינגען זײַנע לידער? פאַר די עמך־מענטשן מיט װעלכע ער איז נשמהדיק פאַרבונדן, אָדער פאַר די פאַרמעגלעכע יונגע־לײַט? זײער זעלטן פלעג ער גײן צו די רײַכע, זײַן האַרץ איז געװען

מיט די פאָלקסמענטשן, מיט די אויסגעמאַטערטע און מידע צוהערער.

ער פלעגט די רייכע נישט שאַנעווען. אין זיין ליד „דעם דיכ־טערס טרייסט" זינגט ער:

„נגידים, מיט אייער פאַרמעגן
וואָס איז אייך קיינער גלייך,
ווען איך וויל מיר איבערלעגן
בין איך גליקלעכער פון אייך.
ווען סוחרים פאַלן מיט אייערע טראַטן
האָט איר אין מויל די גאַל,
מיר קען דאָס ניט שאַטן
צו מיין קאַפּיטאַל.
איך האָב פאַר קיינעם נישט קיין מורא
מען איז מיך נישט מרמה
איך פיר מיר מיין סחורה
און צאָל פאַר איר קיין וואַמע.
מיין סחורה איז זייער טייער
זי קען נישט וואָלוויל ווערן
וואַסער אָדער פייער
קען זיא נישט פאַרצערן".

אין אַן אַנדער ליד זיינעם דערציילט ער, אַז ער פלעגט אַפּט מאָל לויפן אין פעלד צו זען דעם פאַסטעך מיט די בהמות:

„עס שמעקט מיר זעהר שעהן
דער זיסער אַויר.
איך בין דאָרט נישט אַליין,
דער פאַסטעך איז מיין חבר".

ווען דער פאַסטעך פרעגט ווערלוולען, וואָס ער זוכט, קומט זיין בייסיק־סאַרקאַסטישער ענטפער:

„ווי דער פּאַסטעך האָט מיך ערבליקט
ווי איך שטיי און קלער,
בלייבט ער וויא פּעריקט
ווי קים איך הער".
„איך בעט דיך גיב מיר צו פאַרשטעהן
ווי קימסטיא אַהער
ווען דיא ווילסט בההמות זעהן
האָסטו אין שטאָט פיעל מעהר.
איך וואָלט געקענט דאָרך קיממען
מיט מיינע בההמות פונקט וויא דיא
זיי זאָללען אַזוי פאַרשטיממען
אַזוי ווי דיינע קי.
מיט די בההמות איז שווער צו לעבן".

וועלוול זבאַרזשער פלעכט אַריין אין זיינע לידער אַ גרויסן קנויל פון סאָציאַלע פּראַגעס און זוכט זיי אויפצוקלערן זיינע צוהערער. אין זיינע לידער קומט בולט צום אויסדרוק, אַז ער שטייט אויף דער זייט פון שוואַכן קעגן דעם תּקיף און נגיד. ער שרעקט זיך נישט אויסצודריקן מיט דער גאַנצער שאַרפקייט דעם פּראָטעסט, ווען ער שטויסט זיך אָן אַז מען וויל דערשטיקן דעם שוואַכן און דעם פאַרלאָזטן.



טראָץ זיין נע־ונד זיין, האָט וועלוול זבאַרזשער נישט פאַר־נאַכלעסיקט אַרויסצוגעבן אין דרוק זיינע לידער. זיין ערשט ספר, העברעיִשע לידער „חזון למועד", דערשיינט אין יאַס אין יאָר תרט"ו. שפּעטער, אין יאָר 1865 אין ווין און אין לעמבערג, דער־שיינט די זאַמלונג פון זיינע פאָלקסלידער „מקל נועם" אין יִדיש און העברעיִש. די זאַמלונג דערשיינט אין 4 אויפלאַגעס. אין יאָר 1869, אין פּשעמישל, דערשיינט אויך זיין „מקל חובלים".

וועלוול באַגרענעצט זיך נישט מיט זיינע אַרויסטריטן צו

מאָלדאַווע. ער באַזוכט אויך בוקאָווינע און מאָנטעניע. ער באַטייליקט זיך אויך פון צייט צו צייט אין אַרויסטריטן מיט די בראָדער זינגער ווי ער פאַרנעמט אַ צענטראַל אָרט.

*

דאָס רוב לידער האָט וועלוול זבאַרזשער געשריבן אין רומעניע. אין אַ סך לידער באַרירט ער אויך די ספּעציפישע פּראָבלעמען פון יידן אין רומעניע, אין אַ טייל לידער באַנוצט ער אויך דעם ספּעציפיש רומענישן יידיש פאַרפלאָכטן מיט רומענישע ווערטער.

אין זיין עסיי וועגן וועלוול זבאַרזשער זאָגט דער שרייבער יוליאַן שוואַרץ [11]: „די שפּראַך פון זבאַרזשערס לידער איז געווען אונדזער רומעניש יידיש, פּראָסטע ווערטער פון דער גאַס און מאַרק. זבאַרזשערס סטיל — אַ לייכטער, פּאָפּולערער, אַ פּאַרביקער אין וועלכן זבאַרזשער פלעכט אַריין זיינע געדאַנקען, פאָלקסבאַלערנדיקע, פאָלקסטימלעכע, אַ שפּראַך וועלכע האָט דעם כּוח צו איבערצייגן אויפן אָרט״.

וועלוול זבאַרזשער האָט אַרויסגערופן דרך־ארץ אַפילו ביי קעגנער. ס׳איז באַקאַנט, אַז די חסידים, וועלכע וועלוול האָט אַטאַקירט און באַגלייט מיט בייסיקע שטעכווערטער, כאָטש טייל האָבן אים געשאָלטן, זענען זיי געגאַנגען אים הערן און געהאַט פון אים הנאה.

ס׳איז באַקאַנט וועלוול זבאַרזשערס ליד: „דער חסיד פאָהרט צום רבין״.

„מענשן ווילען נאָר אין קאַרעטעס פאָהרען
און מאַכען אַ מויער אין דריי גאָהרען,
איך גיי צו פיס איך דאַרף נישט קיין פיהר,

---

11. יוליאַן שוואַרץ: „ליטעראַרישע דערמאָנונגען״, פאַרלאַג „קריטעריאָן״, בוקאַרעשט 1975, זייטן 90—94.

וואו איך קום איז מיין קוואַרטיר.
„קום צו געהן אַפילו צו פיס
איז עס דיר אויך ציקער זיס
צום רבין צו געהן איז דער שענסטער שפּאַן
אַזוי ווי צום טאַנץ געהן מיר".
„אַז מיר האָבן געלד צו דונגען אַ פיהר
פרייהען זיך דוא חסידים גאָר אָן אַ שיער
פון אַזעלליכע ניסים ווער האָט געהערט
צוואַנציק חסידים שלעפּן צוויי פערד".

וועלוול דריקט אויך אויס זיין באַציונג צו די קרייזן וואָס יאָגן זיך נאָך געלט און האָבן נישט קיין הנאה פון זייער לעבן. ער מאַכט צו נישט די תאווה־לויפערס וואָס פאַרלירן דערמיט דעם לעבנסלוסט און אין זיין סאַטירע שפּעט ער אָפּ פון די אַלע קרייזן. אין זיין ליד „אויף דער ערד רוהעט מין נישט":

„איינעם גייט עס גוט
און זעהט אויס זעהר שיין
עס ווייסט אים קיינער ניט
נאָר ער אַליין.
עס איז אַ פּראַכט
וויא דאָס פּנים לאַכט,
מיט זיין שטאָלצן שמיס
אין זיין האַרץ איז ביטער
אין זיינע גיטער
מאַכען עס נישט זיס
אך אוהר?"
„דאַרום זייטשע קליג
אין געניסט דוא וועלט
מיינט נישט אַז דאָס גליק
באַשטייט נאָר אין דעם געלד".

וועלוול זבאַרזשער האָט אויך געהאַט דעם כּוח און די פעיקייט אַריינצובליקן אין דעם לעבן פון די פאַרשידענע קהילות וועלכע ער האָט באַזוכט. ער האָט קיינעם נישט געשוינט נאָר געטאַדלט די פעלערן, אויפגעדעקט די שוואַכקייטן, ווי ער זינגט עס אין איי־נעם פון זיינע לידער „די בראָילאָווער סוחרים":

„איך זעה דאָרט סוחרים שטעהן
אַראָפּגעלאָזט די פלוגעל
זיי קענען זיך אַרויס זעהען
אַזוי ווי אין שפּיגעל
עס דאַרף זיך נישט צו שעמען
דער שוואַכער פאַר דעם העלד,
זענען מוט דוא נעמען
אַללע אויסגעשטעלט.
זעהט נאָר וואָס פאַר אַ פּנים
איר האָט אַצינד
אַללע איירע מזומנים
האָבן זיך אויס גילאָזט געשווינד
עס איז נישטאַ קיין רייכער איינער
פון אייער גאַנץ געזונדל
איר האָט געמיינט עס ווייזט נישט קיינער
פון אייער גאַנצן שווינדל".

ווען ס'איז אין יאָר תרי"ט (1859) אין דער שטאָט גאַלאַץ אויסגעבראָכן אַ גרויסער פּאָגראָם אויפן יסוד פון אַן עלילת־דם און עס זענען געפאַלן אַ סך יידישע קרבנות, האָט וועלוול זבאַר־זשער פאַרפאַסט אַ ריירנדיקע קינה אונטערן נאָמען: „געשיכטע פון גאַלאַץ":

„אוי ווע, גאָטט זעה אונדזער צער
וואָס מיר לאַדען נאָר אומזוסט
העלף אונדז אַרויס פון דער געפאַהר

לאָזען זיי וויסן ווער דוא ביזט.
וואָס האָבין בלבולים אויף אונדז אויס געטראַכט
זאָללען פּאַרטיליגען אויף איין מאָהל
לאָזען זיי וויסען דיין שטאַרק מאַכט
רעטעט דיין פאָלק ישראל״.

וועלוול זבאַרזשער איז געווען זייער עמפינדלעך וואָס שייך דער לאַגע פון די ייִדן אין רומעניע און ער האָט זיך סאָלידאַריזירט מיטן גורל פון דעם ישוב.

אין יענער תקופה האָבן די ייִדן פון רומעניע געפירט אַ שווערן קאַמף פאַר זייער בירגעררעכט, ווייל צוליבן מאַנגל פון בירגעררעכט האָבן זיי געהאַט אויסצושטיין געברענטע צרות. וועלוול זבאַרזשער איז אויפגעציטערט געוואָרן פון אָט דער לאַגע און אין יאָר תרל״ד (1874) האָט ער פאַרעפנטלעכט אין „השחר״ אַ גרעסערע פּאָעמע־פּאַמפלעט א. נ. „רומעניע״ אין וועלכער ער שילדערט די ברוטאַלע באַציונג פון דער אָרטיקער מאַכט צו די ייִדן. מיטן פאַרעפנטלעכן די פּאָעמע האָט ער מכוון געווען אויפצוּוועקן די ייִדישע עפנטלעכע מיינונג אין דער וועלט, אַז זי זאָל רעאַגירן אויף דער ביטערער לאַגע פון די ייִדן אין רומעניע. צום באַדויערן האָבן זיך די ייִדישע פירער פון אַנדערע לענדער נישט אָפּגערופן ווי געהעריק אויף זיין ווייגעשריי. צום סוף איז וועלוול אַרויסגעשיקט געוואָרן פון רומעניע קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

די אַרויסשיקונג איז פאַר אים געווען אַ גרויסער קלאַפּ, ער איז געווען דערשלאָגן. אין זיינע לעצטע יאָרן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט ער געהאַט אַ שטיקל טרייסט: זיין צווייטע פרוי, מיט וועלכער ער האָט חתונה געהאַט, מלכּהלע, די נייטאָרין פון יאַס אָדער מלכּהלע די שיינע, האָט אים אַרויסגעהאָלפן. אין נאָוועמבער 1883 איז ער געשטאָרבן. וועלוול זבאַרזשער האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ גרויסע ירושה פון פאָלקסדיכטונג וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף זיין דור אין רומעניע.

## דער לאָקאַלער קולטור־נאַכוווּקס

נישט אַלע איינגעוואַנדערטע דיכטער, זינגער און קולטור־טרעגער האָבן מיר דאָ דערמאָנט. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט נאָר אויף אייניקע, ספּעציעל אויף די בראָדער זינגער, וועלוול זבאַרזשער (וועגן אברהם גאָלדפאַדען וועלן מיר אויספירלעך רעדן אין קאַפּיטל ייִדיש טעאַטער), וואָס אַ דאַנק זיי איז געקומען אַ נאָכוווּקס קולטור־שאַפער פון דער אָרטיקער ייִדישער באַפעל־קערונג, וואָס האָט ווייטער געצויגן דעם גאָלדענעם פאָדעם פון פאָלקסזינגער.

פון דער ניי־אויפגעקומענער אָרטיקער גרופּע פאָלקסזינגער וועלן מיר דאָ נאָר דערמאָנען די מער בולטע: הערש לייב גאָט־ליב (דער סיגעטער פון מאַראַמאָרעש), זעליק באַרדיטשעווער — פון בעסאַראַביע, שמשון פערשט פון בוקאָווינע.

ווען מיר לייענען אויפמערקזאַם די יצירות פונעם המשך־דור פון די פאָלקס־זינגער, די עמך־דיכטער, באַמערקן מיר אַז די ניי־צוגעקומענע שעפערישע כּוחות פון גאַליציע און פון די אַנדערע ייִדישע קהילות האָבן זיך נישט נאָר אַקלימאַטיזירט אין דער ייִדישער סביבה אין רומעניע, נאָר האָבן אויך אין פאַרשי־דענע פּראָווינצן אויפגעוועקט די אָרטיקע פאָלקסדיכטער און פאָלקסזינגער. ווייטער וועלן מיר ברענגען עטלעכע פערזן פון די נאָכפאָלגער כּדי צו באַשטעטיקן די ריכטיקייט פון אונדזער טעזע.

הערש לייב גאָטליב (דער סיגעטער) איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1829 אין סיגעט. ער האָט באַקומען אַ שטרענג רעליגיעזע דערציונג. ער איז אָבער שפּעטער באַאיינפלוסט געוואָרן פון פאָרגעשריטענע אידעען און ער האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די אָרעמע. צוליב דעם האָט ער געהאַט אַ סך אויס־צושטיין און איז פאַרפאָלגט געוואָרן. ער האָט געמוזט אויף אַ צייט פאַרלאָזן סיגעט און איז געוואָרן דער טרובאַדור פון טראַנ־סילוואַניע. אין משך פון עטלעכע יאָר האָט ער אַרויסגעגעבן

אַ העברעיִשע אויסגאַבע „השמש". נאָכן צוריקקערן זיך קיין סיגעט פון קאָלאָמיי, ווו ער האָט געוווינט עטלעכע יאָר, האָט ער אַרויסגעגעבן „די פאָלקס־בלאַט". אַ ביסל שפּעטער האָט ער מיט דער הילף פון ד"ר טעאָדאָר הערצל אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אין סיגעט אַ ייִדישע אויסגאַבע „ציון" און „אהבת ציון", ווי אויך אַ חודש־בלאַט „די וואָרהייט". אין דער זעלבער צייט האָט ער אויך אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן זיינע פאָלקסלידער, וועלכע האָבן דערמאָנט אין דער תּקופה פון די פאָלקסזינגער.

מיר וועלן עפּעס ברענגען פון זיינע לידער. אָט איז דאָס ליד „עלעגיע".

„עלנד איינזאַם ווי אַ שטיין,
דאָ אינעם ערדישן געצעלט,
מיינע אויגן באַוויינען זיך אַליין,
וויסט טרויעריג איז מיין וועלט.
קאַלט, פינסטער פאַרשמאַכט.
ווי דער ווינט כּסלו ביינאַכט.
קרעכצט מיין האַרץ און יאָגט
עס יאָמערט און קלאָגט".

גאָטליב באַוויינט די עלנטקייט פון מענטש. ער באַציט זיך בכלל מיט ספקות צום לעבן, צו דער פאַרגענגלעכקייט פון מענטשנס זיין. אין זיין ליד „וואָס איז דאָס לעבן" זאָגט ער:

„וואָס איז דאָס לעבן? — אַ ביסל שפּאַס,
אַ סך זאָרג, אַ ביסל ליבע און אַ ביסל האַס
אַ ביסל אַ לאַך, אַ ביסל אַ זיפץ, אָפט אויך קלאָג...
דער פירהאַנג פאַלט און אַ גוטן טאָג!



דער דיכטער הערץ ריווקין האָט בעתן מספּיד זיין דעם יונג־

פאַרשטאָרבענעם פאָלקסדיכטער זעליק באַרדיטשעווער[12] (געבוירן אין בעסאַראַביע אין יאָר 1898, געשטאָרבן אין יאָס 1937) זיך אָפּגעשטעלט אויף דער ליטעראַרישער שאַפונג זײַנער און גע־זאָגט: „...די סיבה פאַר וואָס באַרדיטשעווער, לעבנדיק אין אַ צייט ווען די ייִדישע דיכטונג האָט שוין לאַנג געלאָזט הינטער זיך די טרובאַדורן־עפּאָכע און האָט דורכגעמאַכט דעם קאָפּ־שווינדל־דיקן קפיצת הדרך ביז צום אולטראַ־מאָדערניזם, און ער איז דאָך געבליבן פאַראַנקערט אין ליטעראַרישן צייטאָפּשניט פון די בראָדער זינגער, דערמיט וואָס זעליק באַרדיטשעווער איז געווען אַן עכטער פאָלקסמענטש ביז אידענטיפיקאַציע מיט דער מאַסע פון בעסאַראַביע".

ס'איז כּדאַי צו באַמערקן, אַז פּאַראַלעל מיט דער השפּעה פון די פאָלקסלידער און טרובאַדורן נוסח בערל בראָדער, וועלוול זבאַרזשער, אברהם גאָלדפאַדען א. אַנד. איז פאָרגעקומען אַ וווּקס פון דער מאָדערנער ייִדישער דיכטונג אין רומעניע.

דער באַקאַנטער שרייבער און עסייִסט שלמה ביקל, איז נישט געווען בשלימות מיט דער המשכדיקער השפּעה פון די פאָלקסדיכטער פון פאַריקן דור, און דאָך האָט ער אין זיין בוך „רומעניע"[13] געשריבן: „...די ייִדיש־ליטעראַטור אין רומעניע איז געווען אַן אַ טאַטן און ס'איז פאַרשטענדלעך געווען איר להוטקייט אויסצוגעפינען אַ טאַטן — זיך צו לעגיטימירן.

„— — — די ייִדיש־דיכטונג אין טשערנאָוויץ און אין בוקאַרעשט (איציק מאַנגער און יעקב שטערנבערג) מיט זייער פּאָעטישער וויזיע האָבן אַרויסגעטיילט פון די היסטאָרישע נעפּלען די געשטאַלטן פון צוויי גרויסע אויסלענדישע געסט אין רומעניע: וועלוול זבאַרזשער און אברהם גאָלדפאַדען און זיי אַדאָפּטירט פאַר די פאָטערס פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין רומעניע.

---

12. זע „שויבן", ליטעראַרישע אויסגאַבע, בוקאַרעשט, 3טן פעברואַר 1938.
13. שלמה ביקל: „רומעניע", פאַרלאַג „קיום" פון פועלי־ציון—התאחדות, בוענאָס איירעס, 1961, זייטן 319—334.

ס׳איז באַקאַנט אַז איציק מאַנגער האָט געשטרעבט זיך צו אידענטיפיצירן מיט בערל בראָדער און וועלוול זבאַרזשער״.

זעליק באַרדיטשעווער האָט נישט פאַרעפנטלעכט זיינע שאַפונגען אין בוכפאָרם. פאַר זיין טויט האָט זיין פריינד ה. סעגאַל אים פאָרגעשלאָגן אַרויסצוגעבן אַ זאַמלונג פון זיינע לידער, האָט באַרדיטשעווער עס אָנגענומען מיט פאַרגעניגן. ליידער, האָט ער נישט זוכה געווען צו זען דעם אָפּגעדרוקטן העפט אונטערן נאָמען „לידער מיט ניגונים״. אינעם העפט זענען פאַראַן 9 לידער („מלאכה — מלוכה״, „כאָטש כ׳האָב נישט קיין פרוטה״, „אלה תולדות נח״, „עלע בעלע״, „אַז אַ ייד איז אַ קרעמער״, „דער שמייסער״, „דוינע״, „שקיעה״, „לאָמיר אויך נישט ליידיק זיצן״), וועלכע בילדן דעם עיקר פון זיין שאַפן. טייל פון זיינע פאָלקסדיכטונגען האָט ער נישט אַריינגענומען אין דעם לידערהעפט. עטלעכע טעג פאַר זיין פטירה האָט באַרדיטשעווער געבעטן זיין פריינד סעגאַל אָפּצודרוקן אַלס מאָטאָ צום ביכל:

„מיר פילן אַ ווילן,
דער ווייטאָק צו שטילן!
מיט אַ לידל, אַ טענצל
אַ ביסעלע שפּיל״.

יוליאַן שוואַרץ שרייבט אין זיינע „ליטעראַרישע דערמאָנונגען״: „...ווי זיין פאָרגייער דער פּאָעט וועלוול זבאַרזשער, האָט דער גוטמוטיקער דיכטער מיט די בלויע אויגן, זעליק באַרדיטשעווער, געוואַנדערט איבער שטאָטישע און שטעטלישע גאַסן און געסלעך, צווישן דער ייִדישער אָרעמקייט אין די וואַרשטאַטן מיט פּועלים, לערנייִנגלעך. זעליק האָט זיי באַקענט מיט די פּערל פון אונדזערע גרויסע קלאַסיקער מענדעלע, פּרץ, שלום-עליכם און פאַרענדיקט יעדס מאָל מיט אַן אייגן ליד וועגן דעם שווערן לעבן פון בעל-מלאכה״.

באַרדיטשעווער זינגט וועגן ביטערן גורל פון בעל-מלאכה,

וועגן דעם סטאָליערל, דעם שניידערל, דעם שוסטערל און זיין ליד „מלאכה — מלוכה" איז נישט נאָר אַן אויטענטיש פאָלקסליד, נאָר ס'אַנטהאַלט אויך אַ טיפן פּראָטעסט קעגן דעם גורל פון אַרבעטסמענטש :

„ווער ס'ווייסט נישט,
זאָל אַצינדערט וויסן,
ווי שווער און ביטער
קאַרג און שיטער
ס'קומט אונדז אָן דער ביסן.
העי, לעבעדיק פריילעך !
וואָס איז דאָ דער חידוש ?
מלאכה — מלוכה
זינגט במנוחה
אַ לידעלע אַ ייִדישס !

בין איך מיר אַ סטאָליערל,
רופט מען מיך רב פישל —
כ'מאַך אַ טיר, אַ פענצטערל,
אַ בענקעלע, אַ טישל.

זיין ליד איז פול מיט סאַרקאַזם קעגן דעם אומרעכט פון דער וועלט, קעגן די עוולות וואָס מען פאַרשווייגט :

„בין איך מיר אַ שניידערל,
רופט מען מיך רב בערל —
ניי איך מיטן נעדעלע,
שנייד איך מיטן שערל.
אויסגעפוצט דאָס נגידל
איז עס מלא־שמחה —
נאָר דעם שניידערס יורשל
הונגערן איז אַ מומחה.

בין איך מיר אַ שוסטערל,
קלאַפּ איך מיר אַ פּלעקל,
אָנגעטאָן אַ פאַרטעכל,
דאַרף איך נישט קיין רעקל.
זיץ איך אויפן בענקעלע,
טאַנצט ביי מיר דער האַמער —
האָב איך נישט קיין שטיבעלע
וווין איך אין אַ קאַמער".

מיט אַ סך האַרציקייט און פאַרדראָס באַגלייט באַרדיטשעווער די פאָלקסמענטשן אין זיין ליד „כאָטש כ'האָב נישט קיין פּרוטה":

„כאָטש איך האָב קיין היים נישט,
קיין שטוב ווו צו וווינען,
די וועלט זי טרייבט און יאָגט מיך,
כ'טו איר רק נישט לוינען —
לעב איך,
לעב איך,
אוי, אוי, אוי ווייַ לעב איך,
אַזאַ יאָר אויף מיינע שונאים,
סאַראַ טעם און סאַראַ פּנים
ס'האָט מיין לעבן, מיין פאַרמעגן,
און מיין וואַנדער אויף די וועגן —
און דאָך לעב איך,
און דאָך לעב איך,
אוי, אוי, אוי ווייַ, אוי ווייַ לעב איך!"

זעליק באַרדיטשעווער, דער לערער פון בעלץ, פון יאַס, אַן עכטער פאָלקסדיכטער, אַ טרובאַדור, איז נשמהדיק פאַרבונדן מיטן עמך־מענטש. אין אים גלויבט ער, און וויל אַז מען זאָל פאַר אים זאָרגן. אין דער לופט פון די שטעט און שטעטלעך האָט נאָך

געשוועבט דער אָפּקלאַנג פון די בראָדער זינגער, פון וועלוול זבאַרזשער. זעליק באַרדיטשעווער האָט דאָס אָפּגעפילט און ביזן לעצטן אָטעם פון זיין לעבן האָט ער געדינט די אָרעמע, געליטענע. מיט איראָניע און ווייטיק האָט ער אָפּגעחוזקט פון די שטאַרקע, ווי דאָס קומט צום אויסדרוק אין זיין ליד „עלע — בעלע״:

„עלע בעלע! דלות, דלות
דו האָסט גאָרנישט,
איך האָב אַלעס!
ווער צעזעצט און ווער צעשפּרונגען,
וועל איך דווקא לידלעך זינגען
עלע בעלע!
ווילסט אַ שנירל פּערל —
האָב איך
ווילסטו אַ בריליאַנטל —
האָב איך
מיין עלטסטע שנור, זי הייסט דאָך פּערל
אַן עבט בריליאַנטל איז איר בערל,
עלע בעלע!



ווי מיר האָבן שוין אויבן געזאָגט, וועלן מיר נישט דערמאָנען אַלע פון דער גרופּע אָרטיקע פאָלקסדיכטער אין רומעניע אין דער תקופה וואָס מיר באַרירן. מיר ווילן אָבער פאַרענדיקן דעם קאַפּיטל מיט אַן אויטענטישן טרובאַדור פון רומעניע, שמשון פּערשט. אָט זענען עטלעכע שטריכן פון זיין ביאָגראַפיע, ווי ער ברענגט זיי אַרויס אין זיין ליד:

„איך זעט דעם שניידער־זינגער דאָרט!
איך קען כּמעט אַ יעדער,

וואַנדערט אום פון אָרט צו אָרט,
און נייט פאַר ווייבער קליידער.

וואַנדערט ער ווי אַ טרובאַדור,
אַ בחור קיין באַווייבטער!
און אויף פורים יעדעס יאָר
אַ פורים־בלעטל שרייבט ער".

שמשון פערשט (מען האָט אים גערופן שמשאַלע) איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1886 אין בוקאָווינער שטעטל נאָוואָסעליץ. אין זיין מעמד אַלס באַקאַנטער יִדישער טרובאַדור אין רומעניע האָט ער אויסגעפירט אַן ערשטראַנגיקע ראָל. אגב, געשריבן האָט ער יִדיש מיט לאַטיינישע אותיות, אָבער זיין שרייבן איז איינגעטונקען אין אַ זאַפטיקן יִדישן הומאָר, אין אַ בייסיקער סאַטירע, אין ווערטלעך און אַנעקדאָטן. ער האָט שטאָלצירט מיט זיין ערשטן פאַך אַלס אַ שנאַדער (רומענישער אויסדרוק אַנשטאָט שניידער). מיט זיינע וויצן און שטעכווערטער האָט ער אָפּגעחוזקט פון די אייזנבאַנען פון זיינע צייטן. אין זיין ליד: „אוי האָט ער אַ פייפער מיט אַן אייזערנעם כּוח" — זאָגט ער:

„רבונו של עולם, פאַרהיט מיין בינטל יאָרן
אויב ס'וועט מיר באַשערט, נאָר מיט דער באַן פאָררן!
אוי האָט ער אַ פייפער! מיט אַן אייזערנעם כּוח,
מיט אים קוים טוט מען אַ פאָר! עס פליט דאָס געלט
ווי רויך.

קוים פאָרט ער אַ ביסעלע גיכער שאָקלט זיך דער וואָגן
און פאַר גרויס פּחד טוט יעדער ווידוי זאָגן,
אוי איז דאָס אַ פייפער מיט אַן אייזערנעם כּוח
קוים טוט ער זיך צעפייפן, פאַרטרייבט ער מיר
דעם מוח".

אויסער זיינע סאַטיריש־סאַרקאַסטישע לידער, האָט ער אויך פאַרפאַסט משלים, ווי אויך אַ ריי פערזן מיט אַ רירנדיקער נאָס־טאַלגיע נאָך די לידער פון זיין מאַמען און נאָך די איבערלעבענישן פון די קינדער־יאָרן. אין „וויג־ליד" זינגט ער:

„איך געדענק נאָך יענע יאָרן,
ווען איך בין אַ קינד געווען
פאַר מיר שוועבן נאָך די בילדער
וואו עס פלעג מיין וויגל שטיין.
ווי מיין מאַמע, זאָל זיך מיען,
האָט מיך צו איר האַרץ געדריקט,
מיט אירע זיסע מעלאָדיען
אין דעם שלאָף מיר איינגעוויגט.
אוי דער מאַמעס זיסע לידער
זיי פאַרגעסן קאָן איך ניט,
זיי דערקוויקן מיר די נשמה
זיי היילן מיר מיין קראַנק געמיט".

געגנוי ווי ער האָט אַרויסגעבראַכט אין זיין „וויג־ליד" די רירנדיקע לידער פון זיין מאַמען, אַזוי דערמאָנט ער אויך אין זיי די קינדער־יאָרן, די אַלע בילדער, ייִדישע מנהגים און פירעכצן. אין זיין ליד „קינדער־יאָרן" לייענען מיר:

„אין קעמערל פון מיין זכרון,
נאָר ווי אין אַ שפּיגל אין אַ קלאָרן,
זע איך דאָרטן אַזאַ צאָל
שיינע בילדער פון אַמאָל,
זכרונות פון די שיינע קינדער־יאָרן.
אין דעם חזנס גערטנדל דעם קליינעם
ביי דעם גרינעם בערגעלע דעם קליינעם
יעדן שבת זיך געשפּילט

אַזוי גליקלעך זיך געפילט
דאָרט מיט די חברימלעך איניינעם".

ווען שמשאַלע פערשט איז רייפער געוואָרן, האָט ער אָנגעהויבן נאָכצופאָלגן די פאָלקסדיכטער, די טרובאַדורן און ער איז אויך געשטאַנען מיט לייב און לעבן אויף דער זייט פון עמךמענטש. זיינע הומאָר־ און סאַטירע־לידער האָבן זיך געדרייט אַרום דער לאַגע פון באַעוולטן. ער איז אויך געווען פרוכטבאַר אויפן געביט פון אַרויסגעבן הומאָריסטיש־סאַטירישע בלעטלעך אין טשערנאָוויץ, ווי: „דער גראַגער", „מצרים־וואָך", „שבועות", „קניש", „דער לץ", „טשערנאָוויצער פלאַטקעס". אין די זומער־חדשים פלעג שמשאַלע זיך נוהג זיין באַזוכן דעם אָפּרואָרט וואַטראַ־דאָרנאַ אין בוקאָווינע. ער איז דאָרטן געווען זייער באַליבט צוליב זיינע הומאָריסטישע און טרובאַדורישע אַרויסטריטן. ער פלעגט זיך נישט באַגרענעצן נאָר מיט איין פּראָווינץ, און פלעג אָפּט באַזוכן גאַנץ רומעניע, יאַס, בוקאַרעשט, קעשענעוו, טשערנאָוויץ.

אין יאָר 1922 האָט ער אַרויסגעגעבן אין טשערנאָוויץ זיינע „געקליבענע לידער", מיט אַ פאָרוואָרט פון יעקב באָטשאַנסקי, און איר יאָר 1962 „שמשון פערשט — טרובאַדורישע לידער", מיט אַ פאָרוואָרט פון י. בערקאָוויטש. געשטאָרבן איז ער אין יאָר 1968 אין עלטער פון 82 יאָר.

שמשאַלע פערשט האָט געהאַט אַ שווער געמיט אויף דער וועלט. שטענדיקע טענות און דין־תּורה׳ס האָט ער געהאַט מיט דער וועלט. זיין פּראָטעסט און אומצופרידנקייט קומען צום אויסדרוק אין זיינע לידער: „עס מעג שוין אַריין אַ רוח אין דער וועלט", און „די קראַנקע וועלט".



מיר האָבן געבראַכט די עיקרדיקע קולטור־שטריכן וואָס האָבן פאָרמירט די אייגנאַרטיקייט און פאָלקסטימלעכקייט פון יידיש אין רומעניע אין 18טן און 19טן יאָרהונדערט.

דער אָפּטער צופֿלוס פֿון די קולטור־כּוחות פֿון די שכנותדיקע לענדער האָבן נאָר באַרייכערט און געהאָלפֿן אויפֿבליִען די ייִדישע שפּראַך אין רומעניע. דער רוב אַרייַנגעקומענע קולטור־פֿאַקטאָרן זענען אויך נישט געבליבן פֿרעמד אין דער לאָקאַלער סביבה, זיי האָבן זיך אַקלימאַטיזירט, און געשאַפֿן אין דער עקזיסטירנדיקער סביבה.

אָט די פֿון דרויסן צוגעקומענע פֿאַקטאָרן האָבן נישט נאָר באַאיינפֿלוסט און באַרייכערט די קולטור־סביבה אין רומעניע, דאָס הייסט געגעבן, נאָר האָבן אויך צוריקבאַקומען. זיי האָבן גענאָסן פֿון דער וואַרעמער און פֿאָלקסטימלעכער אַטמאָספֿער וואָס האָט געהערשט אין רומענישן ייִדנטום. דער איינפֿלוס איז געווען אַ קעגנזייטיקער און דאָס האָט געהאָלפֿן באַרייכערן סיי דעם ייִדישן באָדן אין רומעניע און סיי די שעפֿער גופֿא.

## קאַפּיטל פינף

# איציק מאַנגער איז ממשיך די פאָלקסדיכטונג אין רומעניע

ווי מיר האָבן געזען, האָט זיך די תקופה פון פאָלקסטימלעכקייט און פאָלקסדיכטונג אין רומעניע אָנגעהויבן בערך אין מיטן פון פריערדיקן יאָרהונדערט מיט די בראָדער זינגער, וועלוול זבאַרזשער־עהרענקראַנץ און אַנדערע.

שפּעטער מיט צוויי דורות האָט דער אָדלער פון דער ייִדישער דיכטונג אין רומעניע, איציק מאַנגער, ווייטער געוועבט דעם פאָדעם פון דער פאָלקסדיכטונג. ער האָט איר געגעבן דעם העכסטן אויסדרוק פון וויזיע און בילדערישקייט.

מיר וועלן איצט זיך אָפּשטעלן אויף איין אַספּעקט פון איציק מאַנגערס דיכטערישער יצירה — אויף איר פאָלקסטימלעכקייט. דאָס איז, אָן ספק, איינע פון זיינע כאַראַקטעריסטישע אויסדרוקן. ס'איז נישט לייכט אָפּצוטיילן ביי מאַנגערן די פאָלקסטימלעכקייט פון אַנדערע אַספּעקטן פון זיין דיכטונג. מ'קען עס אָבער טאָן ווען מע פאָלגט נאָך מאַנגערס דיכטערישן וועג.

ס'איז וויכטיק אָנצווייזן אַז אין דער מערכה פון ייִדיש אין רומעניע, מיט אַלע עטאַפּן פון איר פאָרמירונג און קריסטאַליזירונג, איז איינע פון אירע הויפּט־דערגרייכונגען געווען די פאָלקסדיכטונג. דאָס פאָלקסליד איז געווען טיף איינגעאַנקערט אין זעלישן באָדן פון די ייִדן אין רומעניע.

מיט זיין גרויסן דיכטערישן טאַלענט האָט מאַנגער דערפירט דעם זשאַנער צו דער העכסטער מדרגה. ער האָט מיטן פאָלקסליד

שנעל אַריבערגעשפּאַנט די גרענעצן פון זיין לאַנד־טעריטאָריע און איז אָנערקענט געוואָרן אין דער אַלגעמיינער ייִדישער ליטע־ראַטור. די אַנדערע אַספּעקטן פון זיין דיכטונג וועלן מיר באַרירן אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלעך.

איציק מאַנגער איז געבוירן געוואָרן אין חודש מאַי 1901 אין טשערנאָוויץ, בוקאָווינע, און נפטר געוואָרן אין חודש פעברואַר 1969 אין תּל־אביב. זיינע 68 יאָר לעבן האָט ער דורכגעמאַכט אין שטורמישע עטאַפּן, מיט פיל לייד און ווייניק פרייד. זיין טאַטע, הלל מאַנגער, איז געווען אַ שניידער, אָבער נישט סתּם אַ שניידער. אין זיין וואַרשטאַט האָט ער די אַרבעט באַגלייט מיט ליד און הומאָר. דער זינגענדיקער טאַטע, דער שניידער, האָט געהאַט אַ באַדייטנדיקע השפּעה אויף זיינע קינדער: איציק, נטע און שיינ־דעלע. אַ קורצע צייט איז איציק געווען אַ שניידער־געזעל ביים טאַטן און ביי פרעמדע און ער האָט שפּעטער שטענדיק דערמאָנט זיין פאַך. ער האָט שטאָלצירט מיט אים. איציק האָט געלערנט אין אַ חדר אין טשערנאָוויץ און שפּעטער אין אַ דייטשער פאָלקסשול און ממשיך געווען אין דער קעניגלעכער דייטשער שטאַטישער גימנאַזיע. ער איז געווען שטאַרק געבונדן מיט זיין טאַלענטירטן ברודער נטע און זיין שוועסטער שיינדעלע. ער האָט נישט געלעבט בשלום מיט זיינע לערער פון דער גימנאַזיע. ער פלעגט זיי דער־קוטשען מיט שפּיצלעך און שיקאַנעס ביז מען האָט אים פון דער גימנאַזיע אַרויסגעוואָרפן.

אויך בעת זיין שניידער־אַרבעט אין טאַטנס וואַרשטאַט האָט ער נישט געהאַט קיין רו, ער האָט נישט געקענט בלייבן רויִק ביי אַ סטאַבילער אַרבעט.

שוין אין זיין ערשטער טשערנאָוויצער תּקופה, אין עלטער פון 13 יאָר, האָט ער אָנגעהויבן שרייבן לידער, בעיקר אין דייטש. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אויספּיקן אַ גרויסער ייִדישער דיכטער אין דייטש. ס'איז כּדאַי צו באַמערקן, אַז ווען ס'וואָלטן זיך נישט אַריינ־געמישט זייטיקע פאַקטאָרן און מאַנגער וואָלט ממשיך געווען צו שרייבן אין דייטש, וואָלט ער זיך גערעכנט צו דער סעריע ייִדישע

דייטשע דיכטערס פון טשערנאָוויץ ווי צום ביישפּיל אַלפרעד מאַרגיל שפּערבער. אָדער דער גאָר גרויסער דיכטער אין דייטש, פּאָול צעלאַן, וועלכער האָט דערגרייכט אַ הויכע פּאָזיציע אין דער אייראָפּעיִשער דיכטונג (דער זעלבסטמאָרד האָט איבערגעריסן זיין שאַפערישן לעבנס־פּאָדעם). טראָץ דעם וואָס אין יענער צייט זענען שוין דערגאַנגען צו איציק מאַנגערן די פאָלקסלידער פון גאָלדפאַדען־טעאַטער, איז ער אָבער גייסטיק געווען טיף באַאיינ־פלוסט, אין דער צייט פון לערנען אין דער גימנאַזיע, פון די גרויסע שאַפונגען פון געטע, שילער, היינע און אַנדערע און דאָס האָט אים געשטויסן צו שאַפן אין דייטש.

אין יאָר 1914, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די ערשטע וועלט־מלחמה, איז פאָרגעקומען אין זיין לעבנסוועג אַן איבערברוך. ווי די רוסן האָבן זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צו טשערנאָוויץ, איז איציק מאַנגער אַוועק פון טשערנאָוויץ קיין יאַס. זיין אָנקומען קיין יאַס האָט באַדייט אַ יסודותדיקע ענדערונג אין זיין שעפע־רישער אַקטיוויטעט. אין יאַס האָט מאַנגער באַלד דערפילט דעם טיפן גייסטיקן קוואַל, דעם פאָלקסטימלעכן, וואַרעמען ייִדישן קלי־מאַט. אין יאַס האָט ער נאָך געטראָפן שפּורן פון די פאָלקסזינגער, וועלכע האָבן באַהערשט די ייִדישע גאַס מיט זייער פאָלקסטימ־לעכקייט. מאַנגער איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם דעמאָלטדיקן יאַסער גייסט. אמת, ס'האָט גענומען אַ 6־7 יאָר ביז ער האָט אָנגעהויבן שרייבן אין זיין פאָלקסטימלעכן ייִדיש. אין יאָר 1921 איז פאָרגעקומען מאַנגערס ייִדיש־דעביוט אין יאַס.

מאַנגער איז שוין דאַן געווען אין באַרירונג מיט פיל קולטור־רעלע און געזעלשאַפטלעכע קרייזן, מיינסטנס לינק־שטייענדיקע. דער באַקאַנטער ייִדישער פאָרשער און שרייבער, באַרבו לאַזאַ־רעאַנו, וואָס האָט פאַרנומען ביי די רומענישע שרייבער אַן אָרט וואָס האָט אים פאַרזיכערט אַ בכבודיקן פּלאַץ אין דער רומענישער אַקאַדעמיע, האָט געראָטן מאַנגערן ער זאָל שרייבן אין ייִדיש און נישט אין דייטש, ווייל מיט ייִדיש אָטעמט די גרויסע ייִדיש־מאַסע אין יאַס. מאַנגער האָט אויך געהאַט נאָענטע פאַרבינדונגען,

ווי עס שרייבט י. קאַראַ,[1] מיט סאַמועל קריסטאַיאַנען, וועלכער איז געווען אַ סוחר, געהאַט אַ קלייט פון פאַרשידענע שטאָפן און גלייכצייטיק געווען אַ גרויסער קולטורמענטש אין רומעניש און אַ גרויסער ליבהאָבער פון ייִדישע ביכער. קריסטאַיאַן איז געווען אין גאָר נאָענטע און פריינדלעכע באַציונגען מיט הלל און נטע מאַנגער און האָט זיך אויך דערנענטערט צו איציק מאַנגער. ער פלעגט דערמוטיקן איציקן צו שרייבן אין ייִדיש און אים דער־נענטערט צו די קולטור־קרייזן אין יאַס.

איציק מאַנגערס באַציִונג צו סאַמועל קריסטאַיאַנען קען מען אַרויספילן פון דער קאָרעספּאָנדענץ צווישן זיי ביידן אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען איציק מאַנגער איז געווען אין לאָנדאָן. אין איינעם פון די בריוו שרייבט מאַנגער: „...באַקומען דיין בריוו און געלייענט אים מיט האַרצקלאַפּעניש, אַזויפיל זכרונות זענען פאַרבונדן מיטן נאָמען קריסטאַיאַן, אַ שטיק פון מיין קינדהיים, מיין יוגנט, מיינע ערשטע ביכער און אַזויפיל געשטאַלטן נאָענטע און טייערע, וואָס לעבן אין זכּרון, כאָטש די ווירקלעכקייט, די שווידערלעכע, די לעצטע פּאָר יאָרן, האָבן זיי אויסגעמעקט".

אין דער קאָרעספּאָנדענץ,געניי ווי אין זיינע שריפטן, קומט צום אויסדרוק די ליבע צו זיין משפּחה, צום טאַטן הלל, ברודער נטע און שוועסטער שיינדעלע. ער האָט זיי אַלעמען געווידמעט טיילן פון זיין גרויסער שאַפונג.

אין דעם גרויסן געראַנגל וואָס איז פאָרגעקומען ביי מאַנ־גערן — אין זיין פריער יוגנט — צווישן דייטש און ייִדיש, איז ייִדיש אַרויס ווי דער גרויסער געווינער. אמת איז, אַז אין זיין דיכטערישער שאַפונג האָט ער זיך גענוצט דאָ און דאָרטן מיט דייטשע אויסדרוקן, וועלכע זענען געבליבן ווי שפּורן פון דער דייטשער־טשערנאָוויצער תּקופה. די דייטשמערישע אויסדרוקן

1. י. קאַראַ, „יונגע יאָרן און ווייניקער יונגע", פאַרלאַג „קריטעריאָן", בוקאַ־רעשט 180, זייטן 228—135

זענען באַגלייט געוואָרן מיט חן און זאַפטיקייט, וואָס האָבן זיי פּאַרייִדישט.

כּדאַי אויך צו דערמאָנען וואָס עס שרייבט שלמה ביקל, דער לאַנדסמאַן פון מאַנגערן, וועגן דער השפּעה וואָס טשערנאָוויץ און די מזרח־גאַליציאַנער שטאָט קאָלאָמיי (די שטאָט פון זיין זיידן פון דער מאַמעס צד) האָט געהאַט אויף מאַנגערן: „דער מרחק פון די צוויי שטעט איז געווען אינגאַנצן אַנדערטהאַלבן שעה מיט דער באַן און פון דאַנען פאָרט מען עטלעכע שעה וועגס מיט אַקס באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ און נאָכאַמאָל באַרג־אַרויף איבער די ערשטע היגלען אַלץ טיפער צו דער קייט פון די קאַרפּאַטן (די היים פון זיידן פון טאַטנס צד). דאָרט בלאָנ־דזשען די סערפּענטינעס און סטעזשקעס, ווו עס האָט מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק געוואַנדערט סאַנקט־בעש״ט אַן איבערגע־לאָדענער מיט גילדענע זעאונגען אויפן פּאָן פון נאַכט״.

דער פּייזאַזש האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף דער פּאָעטישער נשמה פון יונגן מאַנגער.

אויך ח. ש. קאַזשדאַן [2] האָט באַמערקט, אַז דאָ האַנדלט זיך נישט נאָר וועגן אַ געאָגראַפישער לאַנדשאַפט. דאָס גאַנצע ווינקל האָט געאָטעמט מיט מיסטישקייט און פאַרבאָרגעניש. אין אָקוף, אויפן גרענעץ פון פּאָדאָליע און מאָלדאַווע איז געבוירן געוואָרן דער בעל־שם־טוב, דאָ אין אַ דערפל צווישן קיטעוו און קאָסעוו, צווישן די קאַרפּאַטן־בערג האָט ער געפּראַוועט התבודדות און געשעפּט אינספּיראַציע פאַר זיין שיטה.

אָט דער קלימאַט האָט טיף משפּיע געווען מאַנגערס געמיט.



דאָס ייִדישע יאַס איז געוואָרן פאַר איציק מאַנגערן אַ וויכ־טיקער גייסטיקער מעדיום. אין דער יאַסער אַטמאָספער האָט זיך מאַנגער גאָר שנעל אַרויפגעכאַפּט אויפן וואָגן פון די בראָדער

2. ח. ש. קאַזשדאַן: „איציק מאַנגער״, פאַרל׳ ציק״אָ, ניו־יאָרק 1968, זייטן 7—16.

זינגער, וועגן וועלכן מיר האָבן גערעדט אין די פריערדיקע קאַ־פּיטלען, ווען מיר האָבן געבראַכט ציטאַטן פון זיין ליד „די בראָדער זינגער". דאָ האָט ער דערפילט דעם אימפּולס פון אַן אמתער ייִדישער סביבה. צו די דאָזיקע פאָלקסזינגער האָט ער זיך געטוליעט, צו זיי האָט ער געהאַט דעם גאַנצן צוטרוי, דורך זיי איז מאַנגער שנעל צוגעקומען צום פאָלקסמענטש, צום בעל־מלאכה, צום האָרעפּאַשנעם פשוטן ייִדן. אין יענעם אָנהויב פון דער יאַסער תקופה האָט ער גענומען שלייפן זיין דיכטערישע שאַפונג וועלכע האָט גאָר אין גיכן אַרויסגערופן גרויס שטוינונג און טיפע אָנערקענונג. זיין געניאַלער טאַלאַנט איז געקומען צום אויסדרוק נישט דורך שווערער פאַרנעפּלטער דיכטונג. ער האָט געשריבן איינפאַך, קלאָר און איבערצייגנדיק, באַגלייט מיט חן און חכמה, וועלכע האָט אים שנעל אַוועקגעשטעלט ביי דער מזרח־וואַנט פון דער ייִדישער ליריק.

זיין טיפע זעלישע באַהעפטונג צום פאָלקסטימלעכן האָט ער אויסגעדריקט אין זיין ליד „יאַס"[3]:

„דו אַלטע שטאָט, מיט ווינקלדיקע קרומע גאַסן,
אין דיינע פענצטער בליט דער אָוונט אויף מיט
טויזנט פאַרבן.
— — — —
און אין דער טונקל וועבן זיך געשטאַלטן,
וואָס האָבן דעם גאַסן־שטויב אויף זיך געטראָגן.
הונגעריק, בלייך און פריילעך — נאַכט־וואַגאַנטן
מיט ווינט אין די האָר און הונגעריקן מאָגן.
און איינער הויבט דעם כּוס און הויבט אָן זינגען —
ווי בלאָע אָוונט־גלעקער זיינע לידער קלינגען.
דער זבאַרזשער וועלוול — כ'האָב אים באַלד דערקאָנט

3. איציק מאַנגער: „שטערן אויפן דאַך", פאַרלאַג „שלום־עליכם", בוקאַרעשט 1929, זייטן 46—47.

אין זיינע לעבעדיקע גרויסע אויגן
אין דעם שטויביק טונקל־גרינעם פראַק,
דעם קאָפּ ווויל־יונגיש אויף אַ זייט געבויגן —
„קום נאָר אַהער, דו פילאָזאָף" און ער לאַכט
שיכּור פון שטערן, וויין, ווינט און מאַכט.
— — — —
דו, אַלטע שטאָט, מיט ווינקלדיק־קרומע גאַסן,
פון דיינע פענצטער שטראָמט אַ זיס דערמאָנונג,
דאָ האָט געבליט טרובאַדורן־ליד און לייד
און ס'בליען נאָך זכרונות, וועלכע וואַנען
אין יעדן פענצטער, וואָס ברענט אין בלייכן שיין,
און וויגט דעם וואַנדערער מיט בענקשאַפט איין".

אין יאַס האָט מאַנגער דערקענט אין יעדן פענצטער דעם אָפּקלאַנג פון דער גאָלדענער תּקופה פון די פאָלקסדיכטער און פאָלקסזינגער, בראש מיט וועלוול זבאַרזשער און אַנדערע.

יאַס האָט גייסטיק פאָרמירט איציק מאַנגערן און האָט אים צוגעגרייט דעם באָדן פאַר גרויסע דיכטערישע פאַרמעסטן. שלמה ביקל, וועלכער האָט געקענט גאָר נאָענט מאַנגערן, האָט געגעבן אַ זייער טרעפלעכע כאַראַקטעריסטיק.[4]

„...ווען דער דיכטער פון די „חומש־לידער" שטרייכט אונ־טער, אַז זייער מחבר — „איציק מאַנגער איז ער גענאַנט, איין חיט, אויס וואַלאַכן לאַנד" — איז דאָס דער סימבאָל פונעם פאָלקסליד־פּרימיטיוו, וואָס מאַנגער האָט אים אויפגענומען אין יאַס אין עלטער צווישן בר־מצווה און שמונה־עשרה לחופּה, און דערנאָך, מיט פופצן יאָר רייפער, אַריינגעוועבט מיט אַן אויס־נעמלעכער ראַפינירטקייט און מיט אומפאַרגלייכלעכער ווירטואָזי־

4. שלמה ביקל: „רומעניע", פאַרלאַג „קיום", בוענאָס איירעס 1961, זייטן 267—285.

טעט אין פרט פון לויטערער שפּראַך־פּשטות און פון אינטימער באַהעפטונג צווישן קלאַנג און מאָטיוו.

די פּאָעטישע אינספּיראַציע פון די „חומש־לידער" איז אויפ־געגאַנגען אין מאַנגערן פונעם זעלישן פּייזאַזש אין דעם מאָלדאָוויש־ייִדישן ישוב".



כּדי בעסער צו פאַרשטיין די טיפע זעלישע פאַרבינדונג פון איציק מאַנגער מיט די פּאָנען־טרעגער פון דער פאָלקסדיכטונג און פאָלקסגעזאַנג, וועלן מיר ברענגען אייניקע אויסצוגן פון די לידער וואָס מאַנגער האָט זיי געווידמעט.

אין מאַנגערס ליד: „בערל בראָדער געזעגנט זיך מיט זיינע תּלמידים אין יאַס" קומט צום אויסדרוק די צוגעבונדנקייט פון מאַנגערן צו דער בראָדער זינגער־תּקופה:

„דער אַלטער בראָדער
פאַרזשמורעט דאָס רעכטע אויג
און טוט זיך פאַרן עולם
אַן עלעגאַנטן פאַרנויג,
אָמר, טוט ער זאָגן:
„די שטאָט, ווו איך בין געבוירן,
געדענק איך שוין נישט מער.
דעם וועג האָב איך פאַרלוירן,
וואָס האָט מיך געבראַכט אַהער —
אָמר, טוט ער זאָגן.
„דאָ ווו ס'שפּילט דער ציגיינער
און ייִדן טרינקען וויין
און בראָטן פלייש אויף קוילן,
דאָ וויל איך באַגראָבן זיין —
אָמר, טוט ער זאָגן.
„דאָס ליד איז שיין, אָבער שענער

וועט תּמיד דאָס לידל זיין,
ווען ס׳פינקלט אין האַרץ דער טרויער
און ס׳זינגט אין כּוס דער וויין —
אָמר, טוט ער זאָגן.
„בראָד האָט אַ קנייטש אין שטערן
און יאַס אַ פריילעך געמיט
רופט־זשע מיך בערל יאַסער,
ווי איך בין אַ ייִד —
אָמר, טוט ער זאָגן.״

אין דעם ליד ברענגט מאַנגער אַרויס אַ יסודותדיקן שטריך פון בערל בראָדערס ביאָגראַפיע און שטרייכט דערביי אונטער וואָסער טיפע השפעה יאַס האָט געהאַט אויף אים און ווי ער האָט זיך אין גאַנצן אידענטיפיצירט מיט דער ייִדישער וואַרעמ־קייט פון יאַס. „רופט זשע מיך בערל יאַסער״, דאָס איז דער אויטענטישער אויסדרוק פון די פון דרויסן צוגעקומענע פאָלקס־דיכטער און זינגער, וועלכע האָבן זיך אין אַ קורצער צייט זעליש פאַרקנסט מיט דער פאָלקסטימלעכקייט פון יאַס.

אין פאַרשידענע פאָרמען, דורך ליד און עסיי, האָט מאַנגער געוואָלט אַרויסהייבן די גרויסקייט פון די בראָדער זינגער. פון וועלוול זבאַרזשער, פון אברהם גאָלדפאַדען און אַנדערע האָט ער געפּרווּט ווייטער ציען די גאָלדענע קייט פון דעם פאָלקסליד, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר איינעם פון די טייערסטע גייסטיקע ווערטן פון דער פאָלקס־יצירה.

אין זיינע צוויי לידער: „גאָלדפאַדעניאַדע״ און „זבאַר־זשעריאַדע״ האָט ער געגעבן דעם קינסטלערישן אינהאַלט פון צוויי גרויסע פאָלקסדיכטער.

אין „גאָלדפאַדעניאַדע״ געפינען מיר:

„יאַס,
ווייסער שניי, מאַרק און גאַס

פרישע שטיקער ווייסער קייז,
אויף אַ טעלעגראַפן־סלופּ
שפּאַנט אַ שאַלטיקל און זינגט:
— הייסע באַבקעלעך, ייִדאַלעך, הייס!"

און ווייטער מאַלט מאַנגער די צייטן פון גאָלדפאַדענס ייִדיש טעאַטער:

„גייט שולמית אויף צופריר,
און דער מאַסקאַראַד נאָך איר,
ביז זיי קומען צו אַ טויער,
ביז זיי קומען צו אַ טיר.
אַ פּראַזשעקטאָר פּאַלט — אַ צווייטער...
און אַ דריטער — ווייטער, ווייטער...
פאַרביק בליצט אַ שילד אַרויס:
„פּאָמול ווערדע" — „גרינער בוים" —
וויג פון ייִדישן טעאַטער."

אַזוי זינגט מאַנגער אויס די אויפבלי־יאָרן פון אברהם גאָלדפאַדען, וועלכן ער האָט הויך אָפּגעשאַצט און צו וועלכן ער איז געווען גייסטיק שטאַרק צוגעבונדן. אין זיינע שפּעטערדיקע יאָרן איז פאַראַן אַ ליד: „אברהם גאָלדפאַדען אויף דער עלטער", ווו ער דריקט אויס די עלנטקייט פון דעם אַלטן גאָלדפאַדען, דעם פאַרלאָזטן און פאַרגעסענעם:

„זיי זענען זיך צעפלויגן,
ווי די פייגל איבעראַל,
די פייגל וואָס כ׳האָב געכאָוועט
ביי שמעון מאַרעק אין שטאַל.
איבערן ים זענען זיי געפלויגן
און געוואָרן דאָרט „אָלרייט"

און העלפן דעם אַלטן
האָט מען נישט קיין צייט.
איך שלעפּ זיך איבער די גאַסן
אין מיין אַלטער פּעלערינע —
סאַראַ תּירוץ וועל איך זאָגן
מיין גוטער, געטרייער פּווילינע ?
העי, פלאַקער פייערל, פלאַקער,
לייכט אויף פאַר אונדז דעם נס —
די שיינע טעאַטער־יאָרן
פון יאַס און פון אָדעס".

מאַנגער ווייזט אָן אויף דער אומדאַנקבאַרקייט פון גאָלדפאַ־דענס דור וועלכער האָט זיך אָפּגעקערט פון אים, זיך געפירט לגבי אים ברוטאַל. אָבער גאָלדפאַדען — ווי ס׳דיכטעט מאַנגער — האָט נישט קיין געפיל פון שנאה צו די וואָס האָבן אים פאַר־לאָזט :

„און ביים שיין פון יענע בילדער
איצט ווען כ׳בין אַלט און אַליין,
לערן מיך אָן כעס, אָן שׂנאה
דעם גאַנג דעם לעצטן גיין".



אין „זבאַרזשעריאַדע" דריקט אויס מאַנגער אַ בענקעניש צו דעם באַגאַבטן פאָלקסדיכטער און זינגער וואָס איז אַזוי באַליבט געווען ביי די פשוטע ייִדן, וועלכע ער האָט געטראָפן אין די שטעט און שטעטלעך, אין קרעטשמעס און וויינקעלערס, בעת ער פלעג בגילופינדיק אַרומוואַנדערן שפּעט ביי נאַכט אין די גאַסן

„פון דער נאַכט שווימט אים אַקעגן
שוואַרצער פראַק מיט ציגיינער :
„אַנטשולדיגונג ! אַ ביסל פייער !

„ביוע" — טרוקן איז דער גאָרגל
און אין קעשענע קיין דרייער...
און ער מאַכט אַ רעווערענס:
— וועלוול זבאַרזשער עהרענקראַנץ".
און געאָרעמט קאַטשען זיך
קאַלעא וואַקאַרעשט, דודעשט *
פאַרביק ווי אַ רעגן־בויגן,
ברענען זייערע קרעטשמע־אויגן
„Of drăguța unde ești" **
חוזק־שפּיל, און פּורים־שפּילער,
פלעדער־מייז, און קהלס בעלי־טובות
ווי אין „מקל נועם... מקל חובות"...
און ער מאַכט אַ רעזערוואַט:
— — — — —
וועלוול זבאַרזשער עהרענקראַנץ".

מאַנגער שטייט נישט אויף אַן אָרט. ער צעשפּרייט זיינע דיכ־טערישע פליגל און דער שניידער־געזעל אין אים זינגט אויס דאָס געפיל פון פריידיקייט אָט די וואַלאַכישע השפעה וואָס ער האָט געירשנט פון זיין טאַטן. דאָס קומט צום אויסדרוק אין זיין באַ־קאַנט ליד:

„לאָמיר־זשע זינגען פּשוט און פּראָסט
פון אַלץ, וואָס איז היימיש, ליב און טייער
פון אַלטע בעטלער, וואָס שעלטן דעם פּראָסט
און פון מאַמעס, וואָס בענטשן דאָס פייער".

✶

*) צוויי יִדישע קוואַרטאַלן אין בוקאַרעשט.
**) „אַך געליבטע ווּ ביסטו".

אין זיין אויספירלעכן און באַלערנדיקן עסיי: „איציק מאַנגער — סינטעז פון וויזיע און מוזיק" שרייבט איטשע גאָלדבערג[5]: „רעדנדיק וועגן זיינע לידער זאָגט מאַנגער אין דעם אַריינפיר צום בוך „דעמערונג אין שפּיגל": „אויפן פּאָן פון ייִדישן פאָלקסליד און פאָלקס־עפּאָס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט די ליריש־עפּישע שטייגערונגען..."

„...און געטאָן האָט עס מאַנגער באַוווסטזיניק. ער זעט בכלל נישט דעם חילוק צווישן פאָלקישער און נאַציאָנאַלער קונסט, נישט ביי יידן און נישט ביי אַנדערע פעלקער. מאַנגער האַלט אַז די פאָלקישע קונסט און די נאַציאָנאַלע קונסט ביי ייִדן איז איינע און די זעלבע".

הגם זיין דיכטונג האָט אַ ברייטערע פּאַנאָראַמע, האָט ער געזען אין דעם פאָלקסליד איינע פון זיינע עיקר־שאַפונגען, וואָס די אינספּיראַציע דערצו האָט ער באַקומען דערהויפּט פון דער יאַסער סביבה. אין זיין ציקל לידער: „פעלקער זינגען" האָט ער בולט געמאַכט זיין באַציונג צום פאָלקסליד: „וואָס מער איך פאַרטיף זיך אין דעם זין פון דעם וועג פון דער דיכטונג, אַלץ בולטער ווערט פאַר מיר די באַדייטונג און סוגעסטיווע שיינקייט פונעם פאָלקסליד".

אין זיין צווייטן בריוו אין די „געציילטע ווערטער"[6] שרייבט מאַנגער: „מיך האָט אַממיינסטן גערירט דער טראַגישער גורל פון דער גאָלדענער פּאַווע, דער געטרייער היטערין פון ייִדישן פאָלקסליד. דו דערמאָנסט מיט רעכט די גרויסע ווירקונג פונעם פאָלקסליד אויף דער אייראָפּעיִשער ליריק" — — —

„ביי אונדז איז די לאַגע אַ ביסל אַנדערש. אמת, די לעצטע צוואָנציק יאָר האָט מען געזאַמלט, געפאָרשט, מעדיטירט; געפּרוּווט אָנטאַפּן די עטנאָגראַפישע און סאָציאַל־עקאָנאָמישע מאַ־

5. איטשע גאָלדבערג: „עסייען", פאַרל' איקו"ף, ניו־יאָרק 1981, זייטן 237—254.
6. איציק מאַנגער: „געציילטע ווערטער", ערשטער יאָרגאַנג, נומער 3, יאַס, 23 אויגוסט 1929.

מענטן אין ייִדישן פאָלקסליד, אָבער צו קיין ריין עסטעטישער אָפּשאַצונג איז מען נאָך נישט דערגאַנגען. — — — אין מיין היינטיקן בריוו ווילט זיך מיר נאָר אונטערשטרייכן די קאָלאָסאַלע באַדייטונג פונעם ייִדישן פאָלקסליד פאַר דער ייִדישער דיכטונג, ווען די גאָלדענע פאַווע וואָלט זיך אומגעקערט פון עקזיל".

ס'איז דעריבער זייער פאַרשטענדלעך ווען איציק מאַנגער האָט פאַרצייכנט דעם עמבלעם פון ייִדישן פאָלקסליד: „די גאָל־דענע פאַווע וועט אפשר אַזוי ווערן דער עמבלעם פון ייִדישן קונסט־ליד".

זייענדיק נאָענט צו די קוואַלן פון רומענישן פאָלקסליד האָט ער אין זיין עסיי: „דאָס רומענישע פאָלקסליד" [7] געזאָגט: „פאָלקס־ליד זענען אויגן, דורך וועלכע מען קוקט אַ פאָלק אין דער נשמה אַריין. כאַראַקטער, טעמפעראַמענט, בענקשאַפט און חלום רעפ־לעקטירן זיך אין פאָלקסליד ווי אין אַ בולטן שפּיגל.

„לוינט זיך דאָס מאָל אויף אַ רגע אָפּשטעלן אויפן רומענישן פאָלקסליד, איינס פון די שענסטע און מערקווירדיקסטע אין דער וועלט".

נאָך דעם ווי ער ברענגט פערלדיקעביישפּילן פון רומענישן פאָלקסליד בראש מיט דער גרויסער שאַפונג פון רומענישן פּאַס־טוך, די „דאָינע", קומט מאַנגער צום אויספיר: „איינזאַם און פאַרלאָזן ליגט דאָס רומענישע פאָלקסליד, די רומענישע קונסט־ליריק שעפּט אינספּיראַציע און השפּעה פון פרעמדע, דרויסנדיקע קוועלן, דער אייביקער טעות פון אַלע יונגע ליטעראַטורן, וואָס פאַרגעסן אַז די גרעסטע לירישע מייסטערס האָבן געטרונקען פון פאָלקסקוואַל, זיך מיט אים באַהעפט און דערגרייכט דעם מאַקסי־מום פון לירישע עמאָציעס. ס'איז כּדאי צו דערמאָנען — די נעמען פון געטען, היינען, אייכנדאָרפן, בוירנס".

מאַנגער פאַרענדיקט זיין עסיי וועגן רומענישן פאָלקסליד מיט

7. „דאָס רומענישע פאָלקסליד" פון איציק מאַנגער אין די „ליטעראַרישע בלע־טער" נומ. 7, 15טן פעברואַר 1929.

אַ פאָלגנדיקער פאַרגלייכונג: „אין דעם פּרט זענען די רומענער ענלעך צו אונדז. אויך ביי אונדז שטייט דער גאָלדענער ברונעם פון פאָלקסליד אַ פאַרלאָזטער, די גאָלדענע פאַווע קוקט זיך אויס די אויגן, וואַרטנדיק אויף דעם דיכטער, וואָס זאָל איר געבן אַ תּיקון".

אַזוי האָט מאַנגער געשריבן אין יאָר 1929. דאָס האָט גע־קלונגען ווי אַ וויזיע און נבואה, ווייל אין משך פון די שפּעטער־דיקע 30 יאָר האָט ער אַרויסגענומען די גאָלדענע פאַווע פון איר עקזיל און האָט באַפליגלט און דערהויבן מיט זיין טאַלאַנט דאָס יִדישע פאָלקסליד בכלל און דאָס יִדישע פאָלקסליד אין רומעניע בפרט. דאָס זענען געווען די גרויסע טעג פון דער יִדי־שער פאָלקסדיכטונג אין רומעניע.

די אַנטוויקלונג פון דער יִדישער פאָלקסדיכטונג אין רומעניע, קרוב צו הונדערט יאָר, האָט צוגעגעבן דעם יִדישן לשון אין דעם לאַנד פיל אייגנאַרטיקייט און פולסירנדיקע שעפערישקייט.

## קאַפּיטל זעקס

# די ייִדישע פּרעסע

**אַריינפיר**

אין דער אַנטוויקלונג פון ייִדיש אין רומעניע האָט די ייִדיש־פּרעסע פאַרנומען אַ צענטראַל אָרט. די ערשטע ייִדישע צייטונג, „קורות העתים", וועלכע איז בכלל איינע פון די ערשטע אין דער ייִדישער פּרעסע אין דער וועלט, איז דערשינען אין יאָר 1855, אין יאַס.

במשך פון די 130 יאָר, ביז היינט, זענען דערשינען אין רומעניע קרוב צו 200 ייִדיש־אויסגאַבעס (אַ קליינע צאָל צוויי־שפּראַכיקע: ייִדיש־רומעניש), איינשליסנדיק די בלי־תּקופה פון די 20ער און 30ער יאָרן פון היינטיקן יאָרהונדערט, ביז ס'איז געקומען די האַק פון אַנטיסעמיטיזם און היטלעריזם, וועלכע האָט פאַרניכטעט די ייִדיש־פּרעסע צוזאַמען מיט אירע לייענערס אין רומעניע. פון דעם געדיכטן פּרעסע־וועלדל זענען איצט קוים פאַר־בליבן אַ פּאָר איינזאַמע ביימעלעך: די איצט פירשפּראַכיקע (ייִדיש, העברעיִש, רומעניש און ענגליש) „צייטשריפט פונעם רומענישן רעליגיעזן ייִדנטום", אונטער דער רעדאַקציע פון הרב הראשי ד"ר משה ראָזען, וועלכע דערשיינט אין בוקאַרעשט, 2 מאָל אין חודש, זינט דעם יאָר 1956 ביז היינט, ווי אויך דער יערלעכער ליטע־ראַרישער זאַמלבוך „בוקאַרעשטער שריפטן", פון יאָר 1978 ביז היינט.

די 200 צייטונגען נעמען אַרום: טאָגצייטונגען, וואָכנשריפטן, צווייוואָכן־אויסגאַבעס, חודש־שריפטן און פאַרשידענע פּעריאָדישע צייטשריפטן. די דאָזיקע פאַרשידנאַרטיקע פּרעסע האָט אין דער

אויבנדערמאָנטער תּקופֿה זיך מאַניפֿעסטירט אויף זייער פֿיל שטחים, אויפֿן פּאָליטישן, עקאָנאָמישן, ייִדיש־קולטורעלן, ייִדיש־ליטעראַרישן, אויף די געביטן פֿון חסידיזם און השׂכּלה, אין די אָרגאַנען פֿון פֿאַרשידענע רעליגיעזע גרופּירונגען א.א.וו. געווען אויך אַ באַדייטנדיקע צאָל אויסגאַבעס פֿון די ציוניסטישע גרופּירונגען פֿון דער ציוניסטישער פֿעדעראַציע, פֿון בונדישע גרופּעס, פֿונעם קהילה־לעבן און בכלל וועגן די פֿאַרשידענע אַספּעקטן פֿון ייִדישן לעבן אין רומעניע.

די ייִדיש־פּרעסע אין רומעניע האָט געהאַט וויכטיקע דערפֿאָלגן. זי האָט אָבער נישט געהאַט דעם געהעריקן אָפּקלאַנג אין דער ייִדישער קולטורוועלט. דער איינדרוק איז, אַז ס׳איז אין דער ייִדישער וועלט געווען אַ מין זילזול־באַצונג צו דער יצירה פֿונעם שבט רומעניע. דער פֿאַקט, וואָס די ערשטע ייִדיש־צייטונג „קורות העתּים" (1855) איז געווען צווישן די ערשטע אין דער ייִדיש־פּרעסע, און דער פֿאַקט אַז אין רומעניע, אין בוקאַרעשט, איז דערשינען די ערשטע ייִדישע טאָגצייטונג אויף דער וועלט „דער יודישער טעלעגראַף" (1877), דאָס אַלץ איז כּמעט פֿאַרשוויגן געוואָרן. ס׳זענען פֿאַראַן פֿיל סיבות דערצו, אָבער איך באַפֿריי אויך נישט פֿון דער שולד די ייִדישע פּענמענטשן פֿון רומעניע פֿון די פֿריִערדיקע דורות, וואָס האָבן וויניק געזאָרגט אַז די אַלע קולטור־געשעענישן זאָלן אָנקומען צו דער ברייטער ייִדישער וועלט.

טראָץ דעם אַלעמען, זענען דאָך געשריבן געוואָרן אַ צאָל אַרבעטן וועגן דער ייִדישער פּרעסע אין רומעניע, נישט נאָר אין פֿאַרשידענע לעקסיקאָנען און ענציקלאָפּעדיעס. אַזוי איז פֿאַראַן מאַטעריאַל אַחוץ אין זלמן רייזנס „לעקסיקאָן פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור און פּרעסע" (ווילנע 1926); ס. פּאָדאָליאַנו „געשיכטע פֿון דער ייִדישער רומעניע פֿון 1854—1926" (אין די שריפֿטן פֿון ייִוו"אָ, „פֿילאָלאָגישע שריפֿטן", דריטער באַנד, ווילנע, 1926); „ייִדישע ליטעראַטור אין רומעניע" פֿון נתן מאַרק, חיפֿה 1971 און וואָלף טאַמבור: „ייִדיש־פּרעסע אין רומעניע", פֿאַרלאַג „קריטער־

יאָן״, בוקאַרעשט, 1977, וואָס איז די אויספּירלעכסטע און גוט אינפאָרמאַטיווע אַרבעט.

**די ערשטע עטאַפּן פון דער ייִדיש־פּרעסע**

אין משך פון די 130 יאָר (1855—1985) איז ייִדיש געווען פאַרשפּרייט אין אַלע פּראָווינצן פון רומעניע. די ייִדיש־פּרעסע האָט אַרומגענומען פיל געביטן פון דער ייִדישער עקזיסטענץ און אויסגעפּילט אַ צענטראַלע ראָל אינעם ייִדישן לעבן אין רומעניע.

א. אין דער אויבנדערמאָנטער תּקופה האָט רומעניע דורכגעמאַכט פיל ענדערונגען: מלחמות, געזעלשאַפטלעכע ראַנגלענישן. די ייִדיש־פּרעסע האָט דאָס אַלץ דורכגעמאַכט און פיל מאָל געמוזט זיך צופּאַסן צו די נייע ענדערונגען און באַדינגונגען. ביים אָנהייב פון דער ייִדיש־פּרעסע, אין יאָר 1855, זענען די פּראָווינצן פון אַלט־רומעניע געווען סעפּאַרירט, ערשט אין יאָר 1877 איז אַנטשטאַנען די פאַראייניקטע רומעניע. די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע לאַגע פון די אָרטיקע ייִדן איז געווען אַ שווערע, אָבער אין פאַרגלייך מיט דער לאַגע פון די שכנותדיקע קהילות אין מזרח־אייראָפּע, זענען די פאַרפאָלגונגען אין רומעניע געווען לייכטערע. דאָס האָט גורם געווען, אַז עס זאָלן אַריינדרינגען אין רומעניע אַ גרויסע צאָל עמיגראַנטן־פּליטים פון רוסלאַנד, פּוילן און גאַליציע. דער שטראָם ייִדן האָט נישט ווייניק געהאָלפן שאַפן די באַדינגונגען און די נויטווענדיקייט אַרויסצוגעבן ייִדישע אויסגאַבעס, ווייל די עמיגראַנטן האָבן נישט געקענט די לאַנדשפּראַך — רומעניש. די משׂכּילים, וואָס זענען אָנגעקומען מיטן פּליטים־שטראָם, האָבן דערמוטיקט דאָס אַרויסגעבן די ערשטע ייִדיש־אויסגאַבעס. פאַרשטענדלעך, אַז נישט נאָר די ניי־צוגעקומענע ייִדן זענען געווען דער יסוד פון דער ייִדיש־פּרעסע, אויך אַ גרויסע צאָל רומענישע ייִדן אין די שטעט און שטעטלעך האָבן געוואָלט אַ געדרוקט ייִדיש וואָרט.

ב. אין דער דאָזיקער צייט — אין די 80ער יאָרן פון פריערדיקן יאָרהונדערט — איז אויך אויפגעקומען אַן ערנסטע באַוועגונג

פאַר ישוב־ארץ־ישראל. די באַוועגונג איז געווען אויסגעשפּרייט איבער פיל טיילן פון רומעניע. דאָס האָט אויך משפּיע געווען אויפן וווּקס און אַנטוויקלונג פון דער ייִדיש־פּרעסע. צו די שוין עקזיסטירנדיקע אויסגאַבעס זענען צוגעקומען נייע צייטשריפטן.

אויך דער „צופוס־מאַרש" פון רומעניע קיין אַמעריקע, אין יאָר 1900, איז געקומען צום אויסדרוק אין דער דעמאָלסדיקער ייִדיש־פּרעסע. דערביי זענען אויך געדרוקט געוואָרן אַ סך פלוג־בלעטלעך און בראָשורן וועגן דעם ענין.

ג. די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ גרויסן נצחון פאַר רומעניע. אין יאָר 1918 איז אַנטשטאַנען אַ גרויס־רומעניע, אַלט־רומעניע האָט זיך פאַראייניקט מיט די פּראָווינצן: בעסאַראַביע, בוקאָווינע, מאַראַמאַרעש און טראַנסיל־וואַניע. דעמאָלט איז געשאַפן געוואָרן אַ נייע דינאַמישע קולטור־געאָגראַפיע פון ייִדישן רומעניע. מיט דער פאַראייניקונג פון די אויבנדערמאָנטע פּראָווינצן זענען צוגעקומען פיל וויכטיקע שע־פערישע קולטור־כּוחות. די תּקופה ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה איז געווען די בלי־תּקופה פון דער ייִדיש־פּרעסע.

ד. די שואה־תּקופה האָט אַלץ אויסגעריסן מיט די וואָרצלען. נאָכן פיזישן און גייסטיקן חורבן האָט מען, פון יאָר 1944 אָן, אָנגעהויבן אויפצושטעלן אויף די חורבות קולטור־ביידלעך. געווען איינציקע פּרוּוון אויפצושטעלן די ייִדישע פּרעסע, אָבער נאָך אַ קורצער צייט איז דאָס אַלץ אָפּגעשוואַכט געוואָרן. געבליבן איז, ווי געזאָגט, נאָר אַ ביימעלע, די „צייטשריפט פון רעליגיעזן ייִדנטום אין רומעניע". פריער אין דריי שפּראַכן, לעצטנס אין פיר שפּראַכן (2 מאָל אין חודש זינט 1956) און די זאַמלביכער „בוקאַרעשטער שריפטן" וואָס דערשיינען יערלעך זינט 1978 ביז היינט.

**פאַר וואָס ייִדיש־פּרעסע!**

אין מיטן פון 19טן יאָרהונדערט, אין יאָר 1855, האָט אין יאַס, ווי דערמאָנט, אָנגעהויבן דערשיינען די ערשטע וויכטיקע ייִדיש־

אויסגאַבע „קורות העתּים" [1]. אין יענע יאָרן [2], אין דער צייט פון דער קרימער מלחמה, ד. ה. דער מלחמה צווישן טערקיי און רוס־לאַנד, האָט זיך אָנגעהויבן אַן ערנסטע אַנטוויקלונג פון דער באַ־וועגונג פאַר מענטשלעכע רעכט און פּאָליטישער עמאַנציפּאַציע.

די אויסגאַבע „קורות העתּים", וועלכע איז דערשינען צוויי מאָל אַ וואָך, האָט נישט נאָר אינפאָרמירט וועגן קריג אין קרים, און ערנסט באַהאַנדלט די פּראָבלעמען פון דער ייִדישער קהילה אין יאַס, נאָר האָט אויך געפירט דעם קאַמף פאַר די מענטשלעכע און פּאָליטישע רעכט פון די ייִדן אין רומעניע.

„קורות העתּים" איז דערשינען מיט פיל איבעררייסן פונעם 10טן אָקטאָבער 1855 ביז אָנהייב 1871. דאָס דערשיינען פון דער אויסגאַבע אין ייִדיש איז נישט אַדורך גלאַטיק. די אַסימילאַטאָרן האָבן אָנגעהויבן אַ פּראָטעסט און בכלל אָפּגעלייקנט די נויטיקייט פון אַ צייטונג אין ייִדיש. דער אַרויסגעבער און רעדאַקטאָר פון „קורות העתּים", פישל לעווענשטיין, איז נישט געבליבן שולדיק קיין ענטפער, ער האָט אָפּגעחוזקט פון די אַסימילאַטאָרן.

דריי חדשים נאָכן דערשיינען פון ערשטן נומער פון „קורות העתּים", דערשיינט דעם 5טן דעצעמבער 1855 אַ קאָרעספּאָנ־דענץ [3] אונטערגעשריבן פון לעאָן פּאָקשאַנער פון יאַס, אין וועל־כער עס ווערט צווישן אַנדערן געזאָגט:

„...אין, זייט דעם 10־טן אָקטאָבער, איינע אין יודישע פונ־דאָרט אונדז יודישן לעטערן געשריבענע צייטונג „קורות העתּים" ערשיינט, דערען פּראָגראַם איך איהנען בייליגענד

1. יצחק יוסף כהן: „קורות העתּים", הוצאת ראובן מס בע"מ, ירושלים תרפ"ב, זייטן 439—462, אַן אויספירלעכע פּאַנאָראַמע פון „קורות העתּים".

2. ד"ר מאיר לוי: „בלעטער פון געשיכטע", וואַרשע 1958, זייטן 190—122. „די אַנטשטייאונג פון דער אידישער פּרעסע אין די רומענישע מדינות און דער קאַמף פאַר אינערלעכער עמאַנציפּאַציע".

3. זע אין דער צייטשריפט Allgemeine Zeitung des Judentums פון יאָר 1856, נומער 4, זייטן 51—52, לייפּציג.

איינזוענדע. אַבוואָהל דער צוועק דעס הערן רעדאַקטאָרס די ביליגסטע אַנערקענונג פאַרדינט, זאָ קאָן איך דאָך ניכט אומהין, זיינען אַנגריף אויף היזיגען געבילדעטן יודען צוריק־וויזען, די נאַטירלעך מיט פיל גרעסערעס אינטערעסע דייטשע אונד פראַנצויזישע צייטונגען לעזען, אונד נישט די „קורות העתים" אַבאָנירן וואָלען..."

„הער פ. לעווענשטיין רופט אין זיינעם פאַרהאַלטענעם ער־גער אויס: איסט עס ווירקליך איינע שאַנדע, יודישע צייטונגען צו לעזען ?... וואָרום, פראַגט ער וויטער, שעמען זיך נישט די מלאַדזער (מאָלדאַווער), און איהרער נאַציאָנאַלער שפראַכע צו לעזען ? אונד וויר שעמען אונדז דעסען אין אונזערער שפראַכע ! — אָבער וואָס פאַרשטעהט הער לעווענשטיין אונטער יודישען צייטונגען אונד אום זאָ מעהר אונטער נאַציאָנאַל־שפראַכע ? איך מיינער זייטס הייסע נור די יעניגען צייטונגען, די אויסשליסליך איבער יודישע אינ־טערעסען האַנדלען, זעהע איך ניכט איין, וואָרום די יודיש־דויטשע פונדאָרט אַלס נאַציאָנאַל־שפראַכע געשילדערט ווירד."

אין דער אויבנדערמאָנטער קאָרעספּאָנדענץ שפּיגלט זיך אָפּ דער קאַמף מיט די ייִדישע אַסימילאַטאָרן וועלכע האָבן אָפּגעלייקנט די רעכט פון די ייִדן צו האָבן זייער אייגענע שפּראַך, און זייער פּראָטעסט קעגן דער ייִדיש־פּרעסע. דער משׂכּיל און רע־דאַקטאָר, פישל לעווענשטיין, דערשיינט דאָ אַלס שטאָלצער ייִד און ער פאַרטיידיקט דאָס רעכט פון דער ייִדיש־פּרעסע און פון זיין אויסגאַבע „קורות העתים". זיין קאַמף פאַר פּאָליטישער עמאַנציפּאַציע פאַר די ייִדן האָט נישט אויסגעשלאָסן די נויט־ווענדיקייט אַרויסצוגעבן ייִדיש־צייטונגען. דער דאָזיקער געראַנגל צווישן די אַסימילאַטאָרן מיט די נאַציאָנאַלע ייִדן האָט זיך געצויגן אַ גאַנץ לאַנגע צייט אין דער ייִדיש־פּרעסע אין רומעניע.

ביים סוף פון 19טן יאָרהונדערט זענען טיילווייז פאָרמולירט

געוואָרן די אויפגאַבעס פון דער ייִדיש־פּרעסע אין רומעניע. ס'האָט זיך דעמאָלט דערפילט די נויטווענדיקייט, אַז די אויס־גאַבעס זאָלן נישט נאָר אָפּשפּיגלען דאָס אויסערלעכע, דאָס פּאָ־ליטישע לעבן, נאָר זאָלן אויך זאָרגן פאַר דער ריינקייט פון דער ייִדישער שפּראַך, ווייל שוין דעמאָלט האָט מען דערזען, אַז נישט ווייניק אויסגאַבעס זינדיקן לגבי איר. עס ווערט אויך געווידמעט אַ סך אויפמערקזאַמקייט די פּראָגעס פון ייִדישן קהילה־לעבן. אין די אויסגאַבעס: „קורות העתּים״ (1855), „דער היועץ״ (1874), „יודישע בלאַט״ (1877), „דיא יהודישע פּרעססע״ (1881), „דאָס נייע פאָלקסבלאַט״ (1892) און אויך אין אַנדערע צייטונגען גע־פינען מיר ראיות אויף אונדזער באַמערקונגען:

דעם 14טן יולי 1860, דערשיינט אין „קורות העתּים״ אַ לייט־אַרטיקל:[4]

„גאָטט גריססע אייך ליעבע פריינדע! דער „קורות העתּים״ ווירד צום דריטען מאַהלע באַ אייך ערשיינען. עס ווירד וויעדער אייך חדשות ממנהיגי המדינה מבפנים, אונד אויך חדשות משאר מדינות ערצעהלען. עס ווירד אויך וויעדער ערצעהלען שענע זאַכען פאַן דרך ארץ, חכמה ומוסר, פון תהלוכות עולם ופעולותיה. קורץ ער ווירד אייך וויעדער אונטערהאַלטן אונד אויך אין כמה דברים נוצליך זיין, מפּני כמה טעמים ורבות איז דער „קורות העתּים״ עד עתה פאַר־הינדערט געוואָרן צו ערשיינען?

דאָס דייטשמערישע ייִדיש מיט זייער פיל לשון־קודשדיקע אויסדרוקן האָט כאַראַקטעריזירט דעמאָלט דעם גרעסטן טייל פון דער ייִדיש־פּרעסע. בכלל איז לשון־קודש געווען אַ דאָמינאַנטער קאָמפּאָנענט פון דער דעמאָלטדיקער ייִדישער שפּראַך.

---

4. זע חיים זיידמאַנס אַרטיקל „די ערשטע צייטונג אין ייִדיש אין רומעניע״ אין דער דריי־שפּראַכיקער אויסגאַבע „צייטשריפט פונעם רעליגיעזן ייִדנטום״, בוקאַרעשט, 15 פעברואַר 1966.

אין יאָר 1881 דערשיינט אין „דיא יהודישע פרעססע" אַ סעריע אַרטיקלען וועגן דער נויטווענדיקייט פון אַ יִדישער צייַטונג. די פראַגע האָט געעקבערט אין מוח פון די אַרויסגעבער און רעדאַקטאָרן, וועלכע האָבן געפילט, אַז מען מוז זיך אַנטקעגנשטעלן די אַנטי־יִדיש־טענדענצן פון די יִדישע אַסימיליאַטאָרן, און אין דער צייטשריפט ווערט צווישן אַנדערע, געשריבן:

„...50 פראָצענט יודען זינד וועלכע ניכט רומניש לעזן קענען אונד פיעלע זאָגאַר וועלכע גאָר רומעניש ניכט פאַרשטייען אונד האָבען זיך מיט געערבט ווי איינע עוויגע ירושה פון די עלטערן די מיינונג אַז ווער עס לערנט גויש ווערט אַ משומד..."

מען דאַרף אויך צוגעבן, אַז אין יענער תּקופה געפינען מיר זעלטן אין די יִדישע אויסגאַבעס רומענישע אויסדרוקן, איינצלנע ווערטער אָדער פאָלקס־פראַזן, סיידן אין די צייטונגען וואָס דערשיינען צווייִשפּראַכיק. די סיבה דערפון איז, וואָס אין דער צייט איז פאָרגעקומען דער גרויסער צופלוס פון ייִדן פון די אַרומיקע לענדער, וועלכע האָבן נישט פאַרשטאַנען קיין רומעניש און אויך אַפילו צווישן די אַרויסגעבער און רעדאַקטאָרן זענען טיילווייז געווען ניי־אָנגעקומענע אין לאַנד.

אין וואָכנבלאַט „דאָס יודישע בלאַט" (פון מערץ 1877) געפינען מיר אַן אויספירלעכע מאָטיווירונג פאַר וואָס מען דאַרף האָבן יִדישע צייטונגען:

„...ניט איטלעכער מענש קאָן אַ סך לשונות פאַרשטיין, צווישן אונדז אידן זענען דאָ וואָס פאַרשטיין נאָר יִדיש, זייער באַשעפטיקונג לאָזט זיי נישט מער לערנען, און דאָך ווילן זיי עפּעס וויסן, וואָס אין דער וועלט טוט זיך, וואָס פאַר נייעס עס הערט זיך אין אַנדערע לענדער, און טאַקע אין זייער אייגן לאַנד..."

„וואָס זאָל אָבער טון יענער וואָס קען קיין דייטשע, וואַלאַכישע אָדער אַנדערע בלעטער נישט לעזן? מיט וואָס זאָל ער זיך מענטשלעך אונטערהאַלטען?...“

מיר געפינען אויך אַ זאָרג פאַר דער זויבערקייט פון דער ייִדישער שפּראַך. דער רעדאַקטאָר נ. פרענקעל פון „יודישעס פאָלקסבלאַט“ פון נאָוועמבער 1886, שטרייכט אונטער אינעם לייטאַרטיקל:

„...דיא שפּראַכע דעם „פאָלקסבלאַטעסס“ איז דיא פאָלקס־שפּראַכע, ריין, לייכט אונד פאַרשטענדלעך, נישט האָכדייטש אונד ניכט געמיינער זשאַרגאָן. וויר ווערדען פאַרמיידען וועלכע געמיינע זשאַרגאָן־אויסדריקע, וועלכע אין דער איצטיגען צייט פיל איינערן רעדאַקטאָר נישט אַנשטענדיג זינד...“

דאָס דערפרייענדיקע פון דער דאָזיקער באַמערקונג איז, וואָס שוין אינעם ערשטן עטאַפּ פון דער ייִדיש־פּרעסע אין רומעניע, הערן זיך שטימען וועגן פאַרזיכערן די זויבערקייט און ריינקייט פון ייִדיש.

**דאָס קהילה־לעבן אין דער ייִדיש־פּרעסע**

מיר האָבן שוין באַמערקט, אַז די ייִדיש־פּרעסע — מיט קליינע אויסנאַמען — האָט אויסער פּאָליטישע אינפאָרמאַציעס, געווידמעט אַ באַדייטנדיקן פּלאַץ פאַר קהילה־פּראָגעס. דער מנהג צו ווידמען און באַאיינפלוסן דאָס קהילה־לעבן אין רומעניע, האָט צום ערשטן אַריינגעפירט דער רעדאַקטאָר פון „קורות העתּים“, וועלכער האָט באַריירט די פּראָגעס פון חינוך, בתּי־חולים, די אויפפירונג פון ייִדן א. ד. גל. אין זיין מאָנאָגראַפיע וועגן „קורות העתּים“ האָט דער מחבר י. י. כהן אַריינגעבראַכט זיינע אַן אייגנ־אַרטיקע שיטה ווי אַזוי צו באַהאַנדלען אויספירלעך דאָס קהילה־לעבן אין דער וויכטיקער אויסגאַבע.

דער ייִדישער חינוך האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן אין „קורות העתים״. אינעם נומער 13, פון פעברואַר 1860, געפינען מיר פאָלגנדיקע באַהאַנדלונג פון דער פראַגע, אינעם אַרטיקל א.נ. „תלמוד תורה״:

„...מי הוא האיש אשר יאטם לבו, ויכביד אזנו משמוע צעקת בני הדל ויללה נפשם להצילם משחת, ווער איסט זאָ האַרט־הערציק, ווער ווירד זיך דיא אָהרען שטאָפּען דאָס ער ניכט הערן וויא דיא אָרעמע קינדער שרייען מאָן זיא מציל זיין זאָלל פון דער פאַרדערבען!״

„...עס איסט קיינע שווערע אַרבעט, מאָן קאָן זיך דאַדורך חיים עולם קויפען רק בדיבור קל. מאָן דאַרף נור איין גראָסעס הויז דינגען אונדז ארבעה או חמשה מלמדים מיט געהאַלט אויפנעהמען דאָס זיא ששה שעות ביום מיט די קינדערן לערנען זאָללען — אויך איינען יודישן לעהרער דאַרף מען דינגען. ער וועט דיא קינדער שרייבן לערנען וועלכעס פיר יעדן מענשן זעהר נוצליך איסט...״

די צייטונג „קורות העתים״ האָט דעם ענין חינוך געווידמעט פיל אויפמערקזאַמקייט. ס'האָט גענומען פיל יאָרן ביז ס'איז גע־לונגען צו גרינדן די ערשטע ייִדישע שול אין יאָר 1860, אין יאַס.

נישט נאָר דעם געביט פון חינוך, און נישט נאָר די ספּעציפישע פראַגעס פון דעם קהילה־לעבן האָט די צייטונג געווידמעט אַ סך אויפמערקזאַמקייט, נאָר אויך דעם גרויסן פּראָבלעם, וואָס האָט דעמאָלט פאַרנומען אַ זייער וויכטיק אָרט אינעם ייִדישן לעבן בכלל און איז אַזוי ברייט דעבאַטירט געוואָרן: דעם פּראָבלעם פון עמאַנציפּאַציע, פון פאָדערן די מענטשן־רעכט פאַר די דאָרטיקע יידן.

מיר ברענגען דאָ אויסצוגן פון דער אויבנדערמאָנטער צײַ־טונג פון אויגוסט 1860 (נומער 6) וועגן דעם דאָזיקן פּראָבלעם; דאָס אַרטיקל הייסט: „דיא עמאַנציפּאַציאָן״:

„אונזערע לעזער האָבען געוויס עד עתה כמה פעמים גע־הערט אונד ווערדען מהיום והלאה אויך הרבה פעמים הערן דאָס וואָרט עמאַנציפּאַציאָן — וויר גלויבען אָבער דאָס זעהר וועניגע וויססען פתרון המלה הזאת. אונד דאַהער וואָללען וויר אונזערען לעזערן ערקלעהרען וואָס דאָס הייסט עמאַנציפּאַציאָן".

„עמאַנציפּאַציאָן הייסט גלייכשטעללען — איינעם מענטשען, עמאַנציפּירען הייסט דיעזען מענטשען מיט אַנדערע מענ־טשען גלייך שטעללען.

„די עמאַנציפּאַציאָן הייסט דאַהער די גלייכשטעללונג מיט אַללע אַנדערע מענטשען מיט אַנדערע נאַציאָנען, צו אַנדערע פעלקער.

„די פעלקער האָבען איינגעזעהען אַז יודען זענען אויך מענ־טשען ברואי אלהים בצלם נבראו האָט מאַן דאַהער שאָן כמעט אין גאַנץ אייראָפּע די יודען עמאַנציפּירט — אויך וויר יודען יושבי ארץ מאָלדאַוואַ האָבען צו האָפען דאָס וויר בקרוב עמאַנציפּירט ווערדען..."

דער ערנסטער צוגאַנג פון „קורות העתים" צו די קהילה־פּראַגעס, ווי אויך צו דער עמאַנציפּאַציע האָט זיך זייער גוט אויס־געווירקט אויך אויף אַנדערע וויכטיקערע יידיש־אויסגאַבעס אין רומעניע אין יענער תקופה. מיר קענען נישט ברענגען קיין אויס־צוגן פון די אַלע צייטשריפטן, ס'איז אָבער נויטיק אונטערצו־שטרייכן, אַז די יידיש־צייטונגען האָבן באַרירט פיל אַספּעקטן פונעם יידישן קהילה־לעבן. ווען מען בלעטערט די צייטונג „היועץ" לבית ישראל ברומניה, וועלכע איז דערשינען קרוב 40 יאָר, צוויי און דריי מאָל אַ וואָך, זעט מען, אַז זי האָט אין משך פון דער צייט נישט וויניק באַאיינפלוסט דאָס לעבן פון דער קהילה און משפּחה, ס'איז צו שטוינען ווי גרויס ס'איז געווען די זאָרג פון דער רעדאַקציע ביים באַרירן די עלעמענטאַרע יסודות פונעם יידישן לעבן אין רומעניע. נישט נאָר פאָדערט זי אַ שטרענגע

אויפזיכט אויפֿן לערנען, נאָר זי גיט אויך פֿאָרשלאָגן ווי אַזוי די קהילה זאָל נאָרמאַל פֿונקציאָנירן; זי אַטאַקירט די יעניקע, וואָס נוצן אויס פֿאַר זיך פּערזענלעך די צרכי־ציבור. איר געפֿינט דאָרט גאַנצע סעריעס אַרטיקלען געווידמעט די דאָזיקע פּראָגעס.

פֿון דער גרויסער צאָל נומערן פֿון דער אויבנדערמאָנטער צייטונג, וואָס ליגן פֿאַר מיר, וועלכע זענען דערשינען פֿון 1874 ביזן יאָר 1913, וועל איך נאָר ברענגען אַן אויסצוג פֿון דעם סך־הכּל־אַרטיקל, וואָס איז געווען געדרוקט אויף דער ערשטער זייט פֿונעם „היועץ" פֿון 31סטן דעצעמבער 1880, נומער 270, וואָס גיט אַ קלאָר בילד דעם וועגן דעם וועג און שטרעבונג פֿון דער צייטונג:

„...דאָס יאָר 1880 געהט צו ענדע און דער „היועץ" ווירד זיעבען יאָהר אַלט. ווען מיר אין דער פֿאַרגאַנגענהייט צוריקבליקען, אַזוי ראָללט זיך פֿאַר אונז אַ טרויעריגעס בילד. דער „היועץ" איז געבוירען געוואָרדען מיט קאַמפּפֿען און שמערצען און פֿון דעסטוועגען איז ער איין לעבעדיגעס, געזונדעס קינד, ער האָט געקעמפּפֿט און האָט געהאָפּפֿט. ער האָט געקעמפּפֿט געגען דיא פֿינצטערניש און געגען דיא הייבעלייא, ער האָט געקעמפּפֿט פֿיר די אויפֿקלערונג, אירע שולן און געמיינדע אָרדנונג, ער האָט תּמיד געשטרעבט דיא וואַרהייט צו זאַגען און האָט זיך דאַפֿיר פֿריינדע און פֿיינדע ערוואָרבען. דען דיא וואַרהייט איז איין ביטטערעס געטרענק און דער אַרצט וואָס ער גיבט זיא, האָט נישט צו האָפּפֿען אויף די דאַנקבאַרקייט פֿון דער קראַנקען. נאָר זעלטען ווען דער קראַנקע געזונד ווירד און קומט צו זיינעם פֿאַרשטאַנד ווידער אַזוי זעהט ער איין אַז די ביטערע מעדיצין האָט אים געהאָלפֿן. אין דעם פֿאַרלויף פֿון די זיעבען יאַהרע האָבען מיר זייער פֿיל געהאָפֿט, און מיר זענען אויך געטייטשט געוואָרין, מיר האַבען געהאָפֿט אַז די זינבאָלישע פֿעראיינע וועט האָבן זיך אין גאַנץ רומעניע געבילדעט

ווערדען קענען איבער דיא אונאָרדנונג און איבער דעם פאַנאַטיזמוס זייא ווערדען קניפפען דאָס באַנד פון דער אייניקייט פון אַללע רומענישע יודישע געמיינדען, אין אָנ־פאַנג האָבן אויך זעהר פיעלע שולען געבליהט און זעהר גוטעס דורך זייא ענטשטאַנדען, ליידער אָבער איז אין דער שלום און אונאייניקייט וויא איין געשפינסט ווידער אין פיעלע געמיינדען אויפגעשטאַנדען און שולען און אַנדער וואָהלטעטיקייטס אַנשטאַלטען זענען צו גרונד געגאַנגען".

מיר האָבן דאָ געבראַכט אַ לענגערע ציטאַטע פון „היועץ", כדי צו באַצייכענען דעם ברייטן היקף פון די קהילה־ און משפּחה־פּראָבלעמען וואָס זענען באַהאַנדלט געוואָרן. דער „היועץ" האָט זיך נישט אָפּגעהאַלטן פון אָנווייזן און באַקעמפן די נעגאַטיווע זייטן פונעם קהילה־לעבן, פאַר וואָס די צייטונג האָט אָפּט מאָל נישט געלעקט קיין האָניק. אויך די יידישע שפּראַך איז דאָ וויינקער דייטשמעריש ווי אין „קורות העתים", זי גיט אָבער פיל פּלאַץ דעם העברעישן אויסדרוק.

די וויכטיקסטע ייִדיש־צייטונגען אין רומעניע, וועלכע זענען דערשינען ביזן 20סטן יאָרהונדערט האָבן געווידמעט אַ סך אָרט דער פּאָליטישער סיטואַציע פון לאַנד און אין דער וועלט און האָבן אויך באַהאַנדלט די צענטראַלע פּראָבלעמען פונעם קהילה־לעבן.

אַ בולטער אויסנאַם איז די ערשטע ייִדישע טאָגצייטונג אין בוקאַרעשט „דער יודישער טעלעגראַף", וועלכער איז אויך די ער־שטע ייִדישע טאָגצייטונג אין דער וועלט. זי איז דערשינען 2 יאָר — אין 1877 און 1878. די דאָזיקע צייטונג האָט אויף אירע שפּאַלטן כמעט נישט באַהאַנדלט די געמיינדע־ אָדער משפּחה־פּראָבלעמען. ס'זענען אויך נישט געווען דאָרט קיין גרעסערע אַרטיקלען אָדער אַן אַנדער מאַטעריאַל וועלכן מען זאָל קענען דערנענטערן צו גייסטיקע אָדער ליטעראַרישע טעמעס. אויף די פיר זייטן פון „יודי־שער טעלעגראַף" זענען געווען בלויז איבערזעצונגען פון דער רומענישער פּרעסע, וועגן פאַרשידענע פּאָליטישע ענינים אין פאַר־

שידענע לענדער. זעט אויס אַז די סיבה באַשטייט אין דעם, וואָס „דער יודישער טעלעגראַף״ איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך די זעלבע אַרויסגעבער פון „היועץ״ און זיי האָבן איינגעטיילט, אַז „דער יודישער טעלעגראַף״ זאָל זיך באַגרענעצן בלויז צו פּאָליטישער אינפאָרמאַציע און מער יסודותדיקן מאַטעריאַל וועגן ייִדישן קהילה־לעבן זאָלן די לייענער געפינען אין „היועץ״, וועלכער איז אויך דערשינען אין בוקאַרעשט, און זיי זענען נישט געווען פאַראינטע־רעסירט אין אַן אייגענער קאָנקורענץ.

**טענדענצן אין דער ייִדיש־פּרעסע**

וויל מען טיפער פאַרשטיין די טענדענצן און מאַניפעסטירונגען פון דער ייִדיש־פּרעסע, דאַרף מען זוכן די היסטאָרישע קוועלן אויך אין דער אַלגעמיינער ייִדישער פּרעסע געשריבן אין רומעניש און אין די פילשפּראַכיקע אויסגאַבעס, ווייל פון די דאָזיקע פאָר־שונגען (נישט אין ייִדיש) קען מען אַ מאָל לייכטער פאַרשטיין וואָס עס איז פאָרגעקומען אין דער ייִדיש־פּרעסע אין רומעניע.

כ׳וויל דאָ דערמאָנען דאָס בוך, אין רומעניש, פונעם פאָרשער און זשורנאַליסט ס. פּאָדאָליאַנו [5] וועלכער האָט געפאָרשט די ייִדי־שע פּרעסע אין רומעניש, ווי אויך אַנדערע פילשפּראַכיקע אויסגאַבעס.

לויט פּאָדאָליאַנו איז דאָס אַרויסגעבן די ערשטע ייִדישע פּרע־סע אין רומעניש געווען די איניציאַטיוו פון די הומאַניסטישע קרייזן, וועלכע האָבן געקעמפט פאַרן פאַרזיכערן ציווילע און פּאָליטישע רעכט פאַר אַלע פעלקער און גלייכצייטיק אויך פאַר די ייִדן אין אַלט־רומעניע (מאָלדאַווע און מונטעניע). די משׂכּילים מיט ד״ר יוליוס באַראַש בראש האָבן אַקטיוויזירט די קרייזן. די אַרבעט פון די משׂכּילים האָט זיך נישט באַגרענעצט בלויז צו פּרעסע, זיי האָבן זיך אויך באַמיט צו גרינדן מאָדערנע ייִדישע שולן אין בוקאַרעשט און אין יאַס. גלייכצייטיק האָט ד״ר באַראַש, דערמוטיקט דורך דעם הומאַניסט אַרמאַנד לעווי, פון פּאַריז,

5. פּאָדאָליאַנו (1857—1900) „געשיכטע פון דער ייִדישער־רומענישער פּרעסע״ (אין רומעניש). פאַרלאַג „ביבליאָגראַפיע״, בוקאַרעשט, 1938.

באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ צווייִשפּראַכיק וואָכנבלאַט, כּדי אויפ־צוקלערן פֿאַר די ייִדן אין רומעניע די וויכטיקייט פֿון דער עמאַנצי־פּאַציע. דאָס איז געווען די „Israelitul Roman" וואָס איז דערשינען פֿון מערץ ביז סעפּטעמבער 1857. די משׂכּילים־באַוועגונג האָט זיך אָנגעשטויסן אין אַ ביטערער קעגנערשאַפֿט מצד דער חסידישער מחנה אין רומעניע, וועלכע האָט געטענהט, אַז די משׂכּילישע אַר־בעט וועט דערפֿירן צו דער אויסראָטונג פֿון ייִדישן אינהאַלט אין לעבן פֿון די ייִדן אין רומעניע.

מיר וועלן דאָ נישט אַריינגיין אין אויספֿירלעכע פּרטים, מען דאַרף דאָ נאָר באַמערקן, אַז דער רוב פֿון דער רומענישער ייִדישער פּרעסע אין יענער תּקופֿה אין רומעניע איז געווען דורכגעדרונגען מיט די פֿאָדערונגען צו רעפֿאָרמירן די דערציונג און פֿאַר מאָ־דערנע טעמפּלען. דער ציל פֿון דעם איז געווען צוצוגרייטן פֿון אינעווייניק די ייִדן אין רומעניע צו דער עמאַנציפּאַציע.

די חסידישע קרייזן אין שפּיץ מיטן הרב טאַובעס האָבן שוין אין יאָר 1853 שאַרף פּראָטעסטירט און באַקעמפֿט די משׂכּילישע טענדענץ, וועלכע וועט לויט זיי פֿירן צו דער אָפּפֿרעמדונג פֿון די ייִדישע מאַסן אין רומעניע פֿון ייִדישקייט. אַ גרויסע הילף איז צו־געקומען די חסידישע קרייזן מיטן אויסוויילן הרב מאיר לייביש מלבים אַלס רב הראשי פֿון דער קהילה אין בוקאַרעשט, אין 1858. דער קאַמף צווישן די חסידים און די משׂכּילים האָט דערגרייכט זיין קולמינאַציע־פּונקט, ווען אין שפּיץ פֿון די מחנות זענען געשטאַנען אַזעלכע פּראָמינענטע פּערזענלעכקייטן ווי הרב הראשי מ. ל. מלבים און דער ד"ר יוליוס באַראַש. דער געראַנגל צווישן די צוויי באַ־וועגונגען און די צוויי גרויסע פֿיגורן האָט דאָמינירט אין דער ייִדי־שער פּרעסע אין רומעניע און אין דער ייִדיש־פּרעסע בפֿרט.

80 יאָר שפּעטער, נאָך די דאָזיקע קאַמפֿן צווישן די חסידים און די משׂכּילים, קומט פּאַדאָליאַנו אין זיין פֿאָרשונג צו פֿאָלגנדיקן אויספֿיר [6]:

6. זע פּאַדאָליאַנו, זייט 16.

„...די אַסימילאַציע וועלכע מלבים האָט פאַרויסגעפילט, און וועלכער ער האָט געפּרוּווט זיך קעגנשטעלן, איז אָקצעפּ־טירט געוואָרן אין משך פון דער צייט, דורך די ייִדישע דורות וואָס זענען שוין געבוירן געוואָרן אין רומעניע. די יוגנטלעכע ייִדן, אַבסאָלווענטן פון די רומענישע שולן, האָבן זיך געהאַלטן העכער פון די פריִערדיקע ייִדישע קעמפער פאַרן פּראָגרעס. ווען די דאָזיקע ייִדישע יוגנטלעכע האָבן איבערגענומען די לייטונג אין די ייִדישע קהילות, האָבן זיי נישט אָנגענומען די אָנגעמערקטע ליניע וואָס איז באַצייכנט געוואָרן דורך די וואָס האָבן אָנגעמערקט דעם וועג פון דער **אינערלעכער עמאַנציפּאַציע**, נאָר האָבן סיסטעמאַטיש אַרויס־געשטויסן אַלעס וואָס האָט צו טון מיט ייִדישקייט, ערקלערנ־דיק אַז זייערע שטרעבונגען זענען נאָר רומעניש. די ייִדישע פּרעסע אין רומעניע, נאָכן פאַרטרייבן פון הרב מלבים פון בוקאַרעשט, אין פרילינג 1864, טראָגט אויף זיך די סטיגמאַ (צייכן) פון אַן אויבערפלעכלעכן קאַמף פאַר פּאָ־ליטיש סאָציאַלער **עמאַנציפּאַציע** און פאַר דער **אינערלע־כער אַסימילאַציע**".

אין מיטן פון 19טן יאָרהונדערט איז געשטאַנען די האַרבע פראַגע: צי זענען די רומענישע ייִדן שוין רייף אויפצונעמען די פאַרשידענע גייסטיקע און סאָציאַלע רעפאָרמען נישט שאָדנדיק דערביי דעם נאַציאָנאַלן ייִדישן אינהאַלט, נישט שטעלנדיק די גאַנצע ייִדישע מחנה פאַר דער געפאַר פון אַסימילאַציע און אָפּ־פרעמדונג. דערמיט וואָס דער משׂכּילישער צד האָט זיך נישט גערעכנט מיט דער ספּעציפישער לאַגע פון די רומענישע ייִדן, איז ער באַגאַנגען אַ פאַטאַלן פעלער. ערשט מיט 30—35 יאָר שפּעטער, ווען ס'איז אַנטשטאַנען די חובבי־ציון־באַוועגונג אין רומעניע, קען מען באַמערקן, אַז פיל ייִדישע אויסגאַבעס ווי אויך די ייִדיש־פּרעסע דאָרט האָבן אָנגעהויבן מאַכן באַמיונגען צו פאַרקלענערן די אַסימילאַציע צווישן די ייִדישע מאַסן.

דאָ דאַרף מען צוגעבן, אַז די ערשטע ייִדיש־פּרעסע ווי: „קורות העתּים״ און אַנדערע אויסגאַבעס האָבן ס'רוב אויסגע־פּילט אַ נאַציאָנאַלע שליחות נישט נאָר מיטן ברענגען ייִדישע אינפאָרמאַציע און ידיעות, מיט קעמפן פאַר פאַרבעסערן די לאַגע אין דעם קהילה־לעבן, נאָר האָבן אויך פּיל בייגעטראָגן פאַר אַריינברענגען ייִדיש אין דער משפּחה, פאַרן אָנהאַלטן אויך אין דער גאַס אַ שטאָלצע באַציאונג צו זייער שפּראַך אין נאַציאָנאַלן לעבן. מען קען זאָגן אַז די ייִדיש־פּרעסע אין רומעניע האָט זיך אַרויסגעוויזן אין רוב פאַלן אַלס נוצלעכער אינסטרומענט פאַרן ייִדישן נאַציאָנאַלן אינהאַלט.

דאָ איז אויך כּדאַי אָנצוּווייזן אויף אַן אינטערעסאַנטע דער־שיינונג: די קריזן פון דער ייִדישער פּרעסע אין רומעניש זענען געווען נענטער צו די קעמפער פאַר עמאַנציפּאַציע מיט זייער צענטער אין פּאַריז, ווי די קריזן פון דער ייִדיש־פּרעסע. טראָץ דעם האָט דער „קורות העתּים״, די ערשטע אויסגאַבע אין ייִדיש, אָנגעהויבן צו דערשיינען אין 1855 און די ערשטע ייִדישע אויס־גאַבע אין רומעניש האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען ערשט אין מערץ 1857. געדאַרפט האָט דאָס זיין פאַרקערט, ווייל ביידע צייט־שריפטן זענען דאָך דערשינען מיט דער הילף פון די משׂכּילים וואָס זענען געקומען פון גאַליציע אָדער פּוילן. איך געפין אָבער נישט קיין הסבר פאַר וואָס די ייִדיש־פּרעסע האָט מקדים געווען איר שוועסטער־פּרעסע אין רומעניש מיט צוויי און אַ האַלב יאָר. דער ענטפער קען בלויז זיין דאָס וואָס אין יענער צייט זענען אָנגעקומען אַ סך ייִדן פון אַנדערע לענדער, וועלכע האָבן נישט געלייענט און נישט גערעדט קיין רומעניש, דעריבער האָבן די משׂכּילים גענומען די איניציאַטיוו אַרויסצוגעבן די „קורות העתּים״ און אַנדערע אויסגאַבעס אין ייִדיש, וואָס זענען, אגב, אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס צופרידנקייט.

ס'איז אויך נישט אויסגעפאָרשט געוואָרן צי די אַרויסגעבער און רעדאַקטאָרן פון דער ייִדיש־פּרעסע ווי אויך דער רוב פון די אַריינגעקומענע משׂכּילים האָבן אָנגעהערט צום אַלגעמיינעם

משׂכּילישן שטראָם, אָדער האָבן מיטגעבראַכט טיילווייז דעם אייגנ־אַרטיקן נאַציאָנאַלן צוגאַנג ביים שאַפֿן און באַנוצן ייִדיש־אויסגאַבעס.

**די ייִדיש־פּרעסע האָט אויסגעפּלאַסטערט דעם וועג פֿאַר דער ייִדישער ליטעראַטור**

אין די ערשטע סאַמע ברענענדיקסטע טעג פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה, בעת רומעניע איז נאָך געווען נייטראַל, אין יאָר 1914, האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען אין יאַס אַ ליטעראַריש פּערטליאָריק זאַמלבוך א. נ. „ליכט". ס'זענען אַרויס נאָר פֿיר נומערן, פֿון חנוכּה תרע"ה ביז תרע"ו (1914—1915). די רעדאַקציע איז באַשטאַנען פֿון די שרייבער אפרים וואַלדמאַן, יעקב באָטשאַנסקי, יעקב גראָפּער, מתּתיהו פֿרידמאַן און מאָטיע ראַבינאָוויטש.

וועגן דעם דערשיינען פֿונעם ליטעראַרישן זאַמלבוך „ליכט", זענען געשריבן געוואָרן פֿיל אַרטיקלען, קריטישע אָפּהאַנדלונגען און זכרונות. ס'איז אַפֿילו געווען אַ פּרוּוו פֿאָרצושטעלן די אויסגאַבע „ליכט", ווי די וואָס האָט געשאַפֿן אַ נייע תּקופֿה אינעם אָנהויב פֿון דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור אין רומעניע; אַנדערע ווי, למשל, ד"ר שלמה ביקל, האָבן געהאַלטן, אַז דאָס איז אַ גוזמהדיקער צוגאַנג. ווי עס זאָל נישט זיין, קען מען אָבער נישט אָפּלייקענען, אַז די פֿיר נומערן „ליכט", וואָס זענען דערשינען אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, נאָך איידער ס'איז אַנטשטאַנען דאָס גרויס־רומעניע מיט די נייע פּראָווינצן, וועלכע האָבן מיטגעבראַכט פֿיל ייִדיש שעפֿערישע כּוחות, זענען געווען אַן ערנסטער ליטעראַרישער פּרוּוו.

ס'איז דעריבער כּדאַי מיר זאָלן הערן פֿון די רעדאַקטאָרן פֿון „ליכט", ווי אַזוי זיי האָבן אָפּגעשאַצט די אויסגאַבע. ביים סוף פֿון צווייטן העפֿט „ליכט" געפֿינען מיר נאָטיצן א. נ. „פֿון צייט צו צייט" אין וועלכע אפרתי (אפרים וואַלדמאַן) ברענגט אייניקע פּונקטן פֿון זייער פּראָגראַם:

„...וואָס וויל ‚ליכט'? ס'איז נישט גענוג קלאָר אַרויסגעזאָגט

געוואָרן אין אונדזער פאָריקן נומער און בכלל האָבן מיר נאָך נישט דערמאָנט דאָרטן וועגן ,אונדזער פראָגראַם׳ — באַמערקען אונדז אַ טייל לעזער, וועלכע עס אינטערעסירט יאָ דאָס ערשיינען פון אַ יודישער צייטשריפט.

„מיר האַלטען נישט פון דעם כּלל אַז מ׳זאָל אין ערשטען נומער צו־זאָגען הרים וגבעות און אין די ווייטערע זאָל מען נישט פאַרווירקליכען אַפילו קיין העלפט פון דעם וואָס ס׳איז צו־געזאָגט געוואָרען דעם לעזער צו טהון און צו שאַפען פאַר אים.

„...מיט האַרצוועהטאָג מוזען מיר צוגעבן אַז דאָס איז אַנ׳אמת און אויב מיר וועלען ניט זאָרגען צו־צוהאַלטען די יודישע שפּראַך שאַפען אַ יודישע ליטעראַטור כּל־זמן מען הערט נאָך אַ יודיש וואָרט דאָ אין לאַנד, דאַן זענען מיר מיט גאָר נישט פאַרזיכערט אַז דאָס יודענטום זאָל נאָך אַ סך דורות עקזיסטירען אין רומעניע... מיר האָבען געמאַכט אַ קליינע און רעלאַטיוו שווערע פּראָבע: אויב סע וועט אונז נישט געלונגען, וועלן מיר זיין פון די יעניקע וועלכע וועלן אָנשרייבן אין דער געשיכטע פאָלגענדעס קאַפּיטל: אין יאָר 1914 איז אין רומעניען געמאַכט געוואָרן די לעצטע פּראָבע צו שאַפן אַ יודישע ליטעראַטור אין לאַנד און ס׳איז נישט געלונגען, און דעמאָלט איז די יודישע שפּראַכע געגצלעך אָפּגעשטאָרבען אין רומעניען ווייל דער אינטעליגענט, וועל־כער האָט זיך נישט געקענט שפּייזען מיט קיין ,טייטש־חומש׳, מיט קיין ,יודישע צוקונפט׳ וכדומה און וואָלט אפשר געוועזן געלעזען אַ מאָדערנע יודיש וואָרט האָט אַזעלכעס נישט געהאַט און איז געגאַנגען פאַסען פרעמדע פעלדער ,שמוני נוטרה את הכרמים...׳ „מיט אונזער „ליכט׳ האָט זיך אַנדערש אויסגעלאָזט — ס׳איז ערשינען דער צווייטער נומער, פאַר־גרעסערט און פאַרפיינערט. דאָס אויבנדערמאָנטע בלעטיל אין דער געשיכטע וועט אפשר נישט געשריבן ווערן, נאָר מיר האָפן אַז מיר וועלען שרייבען געשיכטע...״

ווען מען לייענט די אויבנדערמאָנטע באַמערקונגען זעט מען, אַז די רעדאַקציע־קאָלעגיע האָט גענומען אויף זיך אַ קאָלעק־טיווע שליחות: אָפּראַטעווען דעם המשך פון דער ייִדיש־קולטור און ליטעראַטור אין רומעניע.

די רעדאַקציע־קאָלעגיע פון „ליכט" האָט זיך נישט באַנוגנט מיטן אַרויסגעבן די פיר פיינע נומערן פון דער ליטעראַרישער אויסגאַבע, נאָר זי האָט אויך געזאָרגט פאַר דעם ייִדישן קולטור־אַנשטאַלט אין יאַס, די „טוינבעהאַללע", וועלכע האָט דורכגע־פירט געלונגענע ליטעראַרישע אָוונטן מיט דער הילף און אָנטייל פון די מיטאַרבעטער פון „ליכט".

אין צווייטן נומער „ליכט" (זייט 105) איז אָפּגעדרוקט אַן אינטערעסאַנטע אָפּשאַצונג פון דער טעטיקייט פון דער „טוינבע־האַללע" אין יאַס:

„...ביסלעכווייז הויבט אָן די ,טוינבעהאַללע' צו ווערען אַ מיטלפּונקט פון יודישער קולטור, אַ דאַנק דער טוינבעהאַללע האָט'ן געקריגן חשק פאַר העברעיש, און מיט צופרידנקייט קוקן מיר ווי אונזער יונגער דור נעמט זיך צו העברעאיזירן; מען האָט אַביסל אויסגעלערנט צו קוקען אַנדערש אויף יודישקייט און יודענטהום, די צוויי זאַכען גוט פערשטעהען און פיהלען. מע ווייסט שוין היינט ביי אונז אין יאַסי אַז ס'עקזיסטירט אַ רייכע און שעהנע העברעישע און יודישע ליטעראַטור; מען קען שוין אַ פּאָר נעמען — שלום עליכם, ביאַליק, פּרץ, מענדעלע מו"ס, שלום אַש; מען שעמט זיך שוין וועניגער מיט דער יודישער שפּראַכע, מען הויבט זי אָן טאָקע שטאַרק ליעב האָבען און מ'פאַרזיכט שוין מיט מעהר טעם און הנאה אַ יודיש פאָלקסליעדעל. בקיצור אונזער אַריסטאָקראַטיע און אינטעליגענץ הויבט ערשט אָן צו דערשפּירן ווי גייסטרייך אונדזער פאָלק און וויפל שענ־קייט און איידלקייט ס'ענטהאַלט די יודישע נשמה..."

אין דער אויבנדערמאָנטער ציטאַטע אַנטפּלעקט זיך אין אַ גרויסער מאָס דער ליטעראַרישער צוגאַנג פון דער רעדאַקציע פון „ליכט" צו דער ייִדישער קולטור און ליטעראַטור. זיי האָבן געעפנט די טויערן פאַר די גרויסע ייִדיש־שאַפערס און זיי באַקאַנט געמאַכט דער ייִדישער גאַס אין רומעניע בכלל און אין יאַס בפרט.

מ׳דאַרף וויסן אַז ס׳זענען דעמאָלט געווען אויך אַנדערע אָפּשאַצונגען וועגן דעם מעמד פון ייִדיש אין אַלט־רומעניע (מאָלדאַווע און מונטעניע). אין ערשטן נומער „ליכט" געפינען מיר גאָר אַן אַנדער בילד וועגן דער לאַגע פון ייִדיש. דער דאַן יונגער שרייבער פון בעסאַראַביע, יעקב באָטאָשאַנסקי, וועלכער האָט זיך בולט געמאַכט באַלד מיט זיינע סאַמע ערשטע ליטעראַרישע שריט, האָט אין ערשטן נומער „ליכט" אין זיין פעליעטאָן א. נ. „פריִער און שפּעטער" געשריבן זיינע ערשטע איינדרוקן פון רומעניע:

„...אָט איז אַ שטייגער גאַלאַץ די ערשטע שטאָט וואו מיינע פיס האָבן געטרעטען אין ,געבענטשטען' רומעניען, אַ שטאָט קיין עין־הרע מיט אַ היבשער קהילה, אַ סך יודישע פאַר־איינען און אַ ציוניסטישע פעדעראַציע. אָבער רבונו־של־עולם! איז דאָס יודען?! צושלאָגן, צוקלאַפּט, ניט קיין גאַנץ אבר אין זיי, קיין יודישע דערציונג, קיין יודיש וואָרט, נאָר נעז יודישע, דאָס איז נאָך געבליבן. עס איז דאָ יודישע שוהלען, אַ גימנאַז אַ יודישער, אָבער די קינדער קענען דאָרט אַזוי פיעל יודיש אַזוי ווי מען קען זיך אַ שטייגער אויסלערנען פון רש״י פראַנצויזיש, און דאָס ביסעל ציוניסטען הייסען נאָר ציוניסטען און מעהר גאָרנישט. די איבריגע שטעט אין מונטעניע — נאָך ערגער. אין דער מאָלדאַווע איז דער אַלטער עולם נאָך יודיש (פרום הייסט עס) און דער יונגער דור וואַקסט שוין גויים גמורים!..."

די דאָזיקע בייסיקע באַמערקונגען פון י. באָטאָשאַנסקי זאָגן עדות אויף דעם לאַנגן און שווערן וועג וואָס איז נאָך געבליבן דורכצומאַכן כּדי כאָטש אַ ביסל פּאַרפעסטיקן די יִדיש־קולטור אַפילו אין מאָלדאַווע, וווּ די לאַגע איז שוין געווען בעסער, ווי אין אַנדערע געגנטן פון רומעניע.

כּדאַי צו דערמאָנען, אַז נאָך פּאַר דעם דערשיינען פון „ליכט" און אַ לענגערע צייט שפּעטער האָט דער דעמאָלט וויכטיקסטער יִדישער דיכטער אין רומעניע, יעקב גראָפּער, געפּריידיקט אַן „אויטאַרקיע"־סיסטעם, ד.ה. צו דערמוטיקן די אָרטיקע לאָקאַלע שעפערישע יִדיש־כּוחות. ווי מיר האָבן שוין באַמערקט אין פריִערדיקן קאַפּיטל האָט ער שאַרף געקעמפט נישט צו דערלאָזן אַז די יִדישע שרייבער פון בעסאַראַביע, בוקאָווינע, טראַנסיל־וואַניע (איינשליסנדיק מאַראַמאָרעש) זאָלן „פאַרפלייצן" די יִדי־שע אויסגאַבעס אין מאָלדאַווע, ווייל די „פרעמדע", די פון דרויסן צוגעקומענע, דערלאָזן נישט זיך אַנטוויקלען דעם אייגנאַרטיקן ליטעראַרישן יסוד פון די מאָלדאַווער שעפער... די טעאָריע האָט נישט אויסגעהאַלטן. כאָטש גראָפּער איז זייער וואַרעם אָפּגעשאַצט געוואָרן, אָבער זיין שיטה איז נישט אָקצעפּטירט געוואָרן. דער בעסטער באַווייז איז געווען, אַז אַפילו די רעדאַקציע פון „ליכט", ווו ער האָט אויסגעפילט אַ צענטראַלע ראָל, איז געווען גע־צוווּנגען איינצולאַדן פונעם וויטן בעסאַראַבישן שטעטל איזמאַיל, דעם „פרעמדן", לויט גראָפּערס אויפפאַסונג, יעקב באָטשאַנסקי, וועלכער האָט אויסגעפילט אַ סך קאָלאָנעס אין דער דאָזיקער אויסגאַבע: מיט זיינע פעליעטאָנען, איינדרוקן, ליטעראַרישע אָפּשאַצונגען, לידער א.אַנד. באָטאָשאַנסקי איז שנעל געוואָרן דער צענטער פון דער רעדאַקציע־קאָלעגיע. דאָס האָט נישט וויי־ניק באַוויזן אַז גראָפּערס טעאָריע איז נישט אָנצונעמען.

דאָס דערשיינען פון „ליכט", ערב דער אַנטשטייונג פון גרויס־רומעניע אין יאָר 1918 (נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה), האָט געעפנט דעם וועג פאַר דער אָרטיקער מאָדערנער ליטע־ראַרישער שאַפונג. ס'האָבן דעמאָלט אָנגעהויבן זיך צו באַווייזן

אַלץ מער אייגענע ליטעראַרישע כּוחות, וועמענס שאַפונגען האָבן אָנגעהויבן פאַרנעמען די שפאַלטן פון דער ייִדיש־פּרעסע אין רומעניע.

✶

פ. אלמוני, אין זיין בראָשור „די תקופה ,ליכט' אין רומעניע", שילדערט די אייגנאַרטיקייט פון די דערשינענע העפטן „ליכט" און זייער השפּעה אויף די ליטעראַרישע קרייזן אין רומעניע. פ. אלמוני שטרייכט אונטער, אַז פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די ייִדישע פּרעסע איז דערשטיקט געוואָרן אין צאַרישן רוסלאַנד, האָט „ליכט", די נייע ליטעראַרישע אויסגאַבע, אָנגעהויבן צו שאַפן סאָלידע קאָנטאַקטן מיט די ייִדישע קולטור־שאַפער פון די ווייטע אַמעריקאַנער ברעגעס.

✶

די ייִדישע פּרעסע אין רומעניע האָט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט צו שאַפן אַ צווייטן ליטעראַרישן צענטער אין בעסאַראַביע, לויטן סטיל פון „ליכט". ס'איז באַקאַנט, אַז אין יאָר 1911 האָט אליעזר שטיינבאַרג גענומען אויף זיך די איניציאַטיוו צוזאַמען מיט אַ גרופּע ייִדישע שרייבער (צווישן זיי: משה אַלטמאַן, יעקב שטערנבערג, מרדכי מאיר בלאַנק און מיכאל קויפמאַן) אַרויסצוגעבן אַ מאָדערנע ייִדישע אויסגאַבע, כּדי בולט צו מאַכן די בעסאַראַבער ליטעראַטור־שרייבער, וועלכע זענען געווען גע־צוווּנגען צו דרוקן זייערע אַרבעטן אין אָדעס, וואַרשע אָדער ניו־יאָרק, צוליבן מאַנגל אין אַן אייגענער בינע פאַר זייערע ליטעראַרישע שאַפונגען.

✶

די צייט פון 1918 ביז 1940 קען באַטראַכט ווערן אַלס די בלי־תּקופה. אין די דאָזיקע יאָרן האָט די ייִדיש־פּרעסע שטאַרק זיך פאַרצווייגט און פאַרשפּרייט און גלייכצייטיק האָבן זיך אַנטוויקלט

ליטעראַטור־שאַפונגען און פאַרמערט די ליטעראַטור־שאַפער. אָבער ס׳איז אויך פאַרבליבן דער בלויז, דאָס וואָס די שעפערישע ייִדיש־כּוחות האָבן נישט באַוויזן צו שאַפן איין צענטראַלע ליטעראַרישע אויסגאַבע וואָס זאָל אַרומנעמען דעם רוב פון דער שרייבער־מחנה, אַן אָרגאַן וואָס זאָל פון אַלעמען אַנערקענט ווערן און זיין די טריבונע פאַר זיי אַלעמען. דער דאָזיקער בלויז האָט אויך נישט דערמעגלעכט אַ פאַראייניקונג פון די ייִדישע שרייבער־כּוחות פון די אַלע פאַראייניקטע פּראָווינצן, וואָס האָבן געשאַפן דאָס גרויסע רומעניע. מיר זענען עדות פון טיילווייזע דערפאָלגן, אָבער ס׳האָט געפעלט די צענטראַלע טרייבקראַפט פון אַ שעפערישן פראָנט.

די סיבות פון דער צעשפּליטערונג פון די כּוחות זענען נישט געפאָרשט געוואָרן. איינע פון די סיבות איז זיכער געווען די פאַרשידנקייט פון דער קולטור־סביבה פון אַלט־רומעניע (מאָלדאַווע און מונטעניע), אין בעסאַראַביע, בוקאָווינע, טראַנסילוואַניע, מאַראַמאַרעש. די פּראָווינצן האָבן זיך טאַקע פאַראייניקט, דאָס האָט אָבער נישט דערפירט צו אַ שנעלער אָרגאַנישער, ייִדיש־גייסטיקער דערנענטערונג. ס׳זענען געווען קאָנטאַקטן דאָ און דאָרט, אָבער צו קיין קולמינאַציע־פּונקט איז נישט געקומען. די שעפערישע ייִדיש־כּוחות האָבן אָביעקטיוו געקענט ברענגען אַ ייִדיש־ליטעראַרישע ווענדונג אין רומעניע, אָבער צו דעם איז עס נישט דערגאַנגען. די עקספּערימענטן האָבן נישט לאַנג געדויערט.

אין דער אויבנדערמאָנטער תּקופה זענען דערשינען פאַרשידנאַרטיקע ליטעראַרישע אויסגאַבעס, אייניקע פון זיי גאָר געלונגענע. מיר ווילן דאָ אָנווייזן אויף אייניקע פון זיי: „קולטור״, אַרויסגעגעבן פון אַ רעדאַקציע־קאָלעגיע אין טשערנאָוויץ אין יאָר 1921; „אונדזער צייט״, מיט די פּרייטיקדיקע ליטעראַרישע ביילאַגעס, רעדאַקטאָר — זלמן ראָזענטאַל, אין יאָר 1922; „שויבן״, רעדאַקטאָר יעקב שטערנבערג, בוקאַרעשט 1924; „טשערנאָוויצער בלעטער״, רעדאַקטאָר שמואל אבא סופר, טשערנאָוויץ 1928; „אויפגאַנג״, סיגעט (מאַראַמאַרעש) 1933, רעדאַק־

טאָר ישראל דוד איזראַעל; „יידיש" — חודש־זשורנאַל, רעדאַ־גירט פון משה אַלטמאַן, בוקאַרעשט 1935. מיר וואָלטן געקענט ברענגען די נעמען פון נאָך אַ ריי ליטעראַרישע אויסגאַבעס, זעלבשטענדיקע אָדער ביילאַגעס צו פאַרשידענע אינפאָרמאַציע־צייטשריפטן, ציוניסטישע, בונדישע, „איקוף־בלעטער" און אַנדערע.

מען קען מיט זיכערקייט זאָגן, אַז די ייִדיש־פּרעסע האָט געטריי געדינט דער ייִדישער ליטעראַטור אין לאַנד, געגנוי ווי זי האָט עס געטאָן דערפאָלגרייך אויף אַנדערע געביטן. אין דער לעצטער תּקופה פאַרן נאַצי־חורבן איז די ייִדיש־פּרעסע געווען די, וואָס האָט דערמוטיקט די ייִדישע שרייבער אין די פאַרשידענע פּראָווינצן און זי האָט אַריינגעבראַכט אין די ייִדיש־רעדנדיקע געצעלטן, אין די ייִדיש־קרייזן דעם טאָן פון דער ייִדישער וועלט־ליטעראַטור.

נאָכן נאַצי־חורבן איז ווייניק וואָס געבליבן פון דעם אַלעמען. טראָץ אייניקע פּרוּוון וואָס זענען געמאַכט געוואָרן אויף דעם געביט, איז איצט פאַרבליבן דער יאָרבוך „בוקאַרעשטער שריפטן", וועלכער דערשיינט זינט 1978. אַ קליינע גרופּע שרייבער טראָגן אויס אויף זייערע פּלייצעס די אויסגאַבע ווי אַ שליחות כּדי דער ניצוץ פון דער ליטעראַרישער שאַפונג אין רומעניע זאָל נישט אויסגעלאָשן ווערן.

**ווען און ווו זענען דערשינען די צייטונגען אין רומעניע**

מיר גיבן דאָ אַ רשימה פון פאַרשידענע ייִדישע צייטונגען און צייטשריפטן, וועלכע זענען דערשינען אין דער תּקופה פון די 130 יאָר אין די פאַרשידענע פּראָווינצן פון רומעניע.

## 1. מאָלדאַווע

### א) יאַס

1. **„קורות העתים"** — ערשטע יִדישע צייטונג, דערשינען פון יאָר 1855 ביזן יאָר 1856. נאָך אַן איבעררייס פון 2 יאָר דערשיינט די צייטונג אויפסנייַ אין יאָר 1858 (רעדאַקטאָר: פישל לעווינשטיין, פאַרלעגער: ה. גאָלדנער). אין אַ קורצער צייט אַרום האָט זי ווידער אויפגע־הערט צו דערשיינען. ערשט אין יאָר 1867 דערשיינט די צייטונג אַלס אַ וועכנטלעכע אויסגאַבע.
2. **„יודישע מאָלדאַווע צייטונג" („גאַזעטאַ ראָמענאַ עווראַעסקאַ")** — אַ צווייִשפּראַכיקע צייטשריפט יִדיש־רומעניש — ליטעראַריש, קאָ־מערציעל און אינדוסטריע; דערשינען צוויי מאָל אין וואָך, פון 12טן מערץ 1859. רעדאַקטאָר: מאַרקאָ פעלדמאַן.
3. **„נייע יודישע צייטונג"** — דערשינען יעדע וואָך אין די יאָרן 1881—1884. רעדאַקטאָר: נחמן פרענקעל.
4. **„דער רומענישער איזרעאַליט"** — דערשינען מאָנטיק און דאָנערשטיק אין יאָר 1882.
5. **„יודישעס פאָלקסבלאַט"** — דערשינען יעדן פרייטיק. דער ערשטער נומער איז דערשינען דעם 24סטן נאָוועמבער 1886. רעדאַקטאָר: נ. פרענקעל. דערשינען ביז סעפטעמבער 1887. די צייטונג האָט זיך קאָנצענטרירט אויף דער פראַגע פון ישוב ארץ־ישראל און האָט גע־פּריידיקט ערדאַרבעט צווישן די יִדן.
6. **„דער יודישער פאָלקספריינד"** — דער ערשטער נומער איז דערשינען אין יאָר 1887. אין משך פון דער צייט געשטיצט געוואָרן און כמעט אָנגעפירט געוואָרן פון דעם „קאָמיטעט פאַר ישוב ארץ־ישראל פון יאַס", בראש מיטן ציוניסטישן טוער קאַרל ליפּא.
7. **„דער פאָלקספריינד"** — אין יאָר 1887, אונטער דער רעדאַקציע פון מ. ברוינשטיין (מבש"ן), דערשינען 34 נומערן. אייגנטימער: איזידאָר שאָר.
8. **„די יודישע פאָסט"** — „וועכנטליכעס בלאַטט פיר אַלגעמיינע אינטע־רעססען דעס יודענטהומס". דערשינען יעדן פרייטיק, פון 3טן פעברואַר ביזן 3טן מערץ 1895. רעדאַקטאָרן: י. קונאָוויטש און אַ. פינקעל־שטיין.
9. **„דער וועקקער"** — אָרגאַן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער גרופּע „לומינאַ", דערשינען יעדן פרייטיק, פונעם 1טן מאַי 1896. נאָך אייניקע חדשים איז איבערגעריסן געוואָרן דאָס דערשיינען, באַנייט געוואָרן אין יאָר 1915 און אָנגעהאַלטן ביז מערץ 1916. די דריטע אויפלאַגע פונעם „וועקער" איז דערשינען אין יאָר 1920, אַלט וואָכנ־בלאַט. ס'זענען אַרויס נאָר 3 נומערן.
10. **„דער יודישער גייסט"** — „פאַר גייסטיקע און יודישע אינטערעססען", דערשינען זינט דעם 13טן מאַי 1898 (כ"א אייר התרנ"א), צוויי מאָל אַ וואָך (רעדאַקטאָר: אליעזר רוקח, גרינדער — גרשון כהן) ביזן

2טן דעצעמבער 1899 אין אַ גוטן סטיליסטישן נוסח. ווי באַקאַנט האָט דער רעדאַקטאָר אָנגעהויבן דעם קאַמף קעגן די חלוקה־ייִדן, פּאָדערנדיק איבערצוגיין צו פּראָדוקטיווער אַרבעט, צו ערדאַרבעט.

11. „די יודישע צוקונפט" — „אָרגאַן פאַר ציוניזמוס, קולטור און אַלגע־מיינע יודישע אינטערעסען". דערשינען אין יאָר 1899: במשך אַ קור־צער צייט ווי אַ טאָגצייטונג, דערנאָך נאָר 3 מאָל אין דער וואָך.

12. „תקוות ישראל" — אַ צווייִשפּראַכיקער צייוניסטישער אָרגאַן (ייִדיש־רומעניש) אין יאָר 1903.

13. „המבשר" — „בעלעטריסטישע מאָנאַטשריפט פיר ציוניזמוס, קולטור, אינטערעסאַנטע נאַכריכטן, קונסט און אונטערהאַלטונג". דער ער־שטער נומער דערשינען כ"ח ניסן התרס"ג — 14טער מאַי 1903. רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער: ז. העללמאַן (זמ"ן). די ערשטע נומערן זענען דערשינען רעגלמעסיק, די ווייטערדיקע — אין צופעליקע דאַטעס.

14. „די ריכטיקע צוקונפט" — „אַ בלאַט פיר ציוניזמוס, ליטעראַטור און וויסנשאַפט". אַ צוויי־וואָכנטלעכע צייטשריפט. אַרויסגעבער: אורי קייש, רעדאַקטאָר — לוי סעגאַל, דערשינען פונעם 25סטן אָקטאָבער 1907 כמעט אַ פערטל יאָרהונדערט.

15. „ליכט" — אַ ליטעראַרישער פערטל־יעריקער זשורנאַל, דערשינען בלויז 4 העפטן. געהאַט גרויס השפעה אויף דער ליטעראַרישע משפחה אין רומעניע. ערשטער נומער דערשינען אין דעצעמבער 1914 — חנוכה תרע"ה. פאַרלאַג „קדימה".

16. „די פאָהן" — „אַן אויסגאַבע פאַר הומאָר און סאַטירע", לכבוד שמחת־תורה תרע"ו (דערשינען אַלס ביילאַגע צום 4טן העפט „ליכט"), דעם 18טן סעפטעמבער 1915.

17. „אידישע וויסענשאַפט" — „פאַר ליטעראַרישע, וויסענשאַפטלעכע און ביאָגראַפישע נאָטיצן". רעדאַקטאָר שמואל שווערבער. דערשינען פון יאָר 1919 ביזן יאָר 1936.

18. „יום טוב בלאַט" — דערשינען אין יאָר 1927, רעדאַקטאָר — ז. העל־מאַן (הזמ"ן), דרוק — א. גרינבערג.

19. „דער שטערן" — צוויי חודשדיקע אויסגאַבע, דערשינען אַ קורצע צייט אין 1927.

20. „די אידישע טריבונע" „Tribuna Evreeasca" — אומאָפּ־העגגיקער ציוניסטישער אָרגאַן, דערשינען וועכנטלעך אין די יאָרן 1932—1940. אין זעקסטן יאָרגאַנג הויבט זי אָן צו דערשיינען 2 זייטן אין ייִדיש און 6 זייטן אין רומעניש. די רעדאַקטאָרן: ק. ברזילי, י. בורשטיין און ב. קאַושאַנסקי. אין דעם אָרגאַן האָט דער דיכטער יעקב גראָפּער אָנגעהויבן צו פאַרעפנטלעכן אייניקע פון זיינע לידער.

21. „קולטור און אַרבעט" — איינמאָליקע אויסגאַבע פון דער פּראָפעסיאָ־נעלער שול „אָרט", לכבוד צען יאָר „אָרט"־אַרבעט. רעדאַקטאָר: חיים ראַבינזאָן, דערשינען אין אַפּריל 1934.

22. „דער איד" — אַ צווייִשפּראַכיקע אויסגאַבע אין ייִדיש און רומעניש מיט אַ ציוניסטישן אינהאַלט. רעדאַקטאָר: י. בורשטיין.

### ב) באָטאָשאַן

1. **„דער יודישער וועכטער"** — דערשינען דעם 19טן אָקטאָבער 1884, רעדאַקטאָר — ה. ל. טעללער, איינמאָליקע אויסגאַבע.
2. **„די נייע צייט"** — דערשינען אין יאָר 1885, רעדאַקטאָר — נ. פרענקעל.
3. **„אדיא"** — דאָס איז איינע פון אַ סעריע איינמאָליקע אויסגאַבעס, וואָס זענען דערשינען אין פאַרשידענע שטעט אין יאָר 1900. דאָס איז געווען דער אָרגאַן פון די פוסגייערס, וועלכע האָבן זיך געלאָזט גיין צו פוס קיין אויסלאַנד.
4. **„נאַציאָנאַל"** — אַ פּאָליטיש, ליטעראַריש, עקאָנאָמיש וואָכנבלאַט. רעדאַקטאָר: יצחק יואל לינעצקי. דער ערשטער נומער איז דערשינען דעם 24סטן מערץ 1886. דערשינען ביזן 24סטן אָקטאָבער דעם זעלבן יאָר. סך־הכל זענען דערשינען 21 נומערן.
5. **„התוקע"** — „אַ צייטונג פאַר דעם אידישען פאָלק", דערשינען וועכנטלעך, אַרויסגעבער — צבי הירש יוסף.

### ג) בערלאַד

1. **„תשעה באָב"** — אַ צווייִשפּראַכיקע איינמאָליקע אויסגאַבע אין יִדיש און רומעניש, דערשינען דעם 30סטן יולי 1902.

### ד) גאַלאַץ

1. **„דער עמיגראַנט"** — אויסגאַבע פון חובבי־ציון, דערשינען צוויי מאָל אין וואָך אין די יאָרן 1882—1883. רעדאַקטאָר: אלעזר רוקח.
2. **„גאַלאַצער איזראַעליט"** — דערשינען צוויי מאָל אַ וואָך אין די יאָרן פון אויגוסט 1886 ביז מערץ 1887. נאָך אַן איבעררייס הייבט די צייטונג ווידער אָן צו דערשיינען אין יאָר 1888 אַלס אַ וואָכנבלאַט.
3. **„די וואַהרהייט"** — אַ וואָכנטלעכע אויסגאַבע, דערשינען אין די יאָרן 1882—1883. נאָך אַ לענגערן איבעררייס דערשיינט אין יאָר 1898 אַ צווייטע סעריע אָבער דאָס מאָל שוין אין בוקאַרעשט.
4. **„אהבת ציון"** — „אָרגאַן דיא ציוניסטישע אידעע צו ערוועקען. פאַר־טרעט אויך די אַלגעמיינע יודישע אינטערעססע". די צייטונג, אַ צוויי־שפּראַכיקע, אין יִדיש און רומעניש, איז געווען דער אָפיציעלער אָרגאַן פון ציוניסטישן צענטראַל־קאָמיטעט אין רומעניע וואָס זיין זיצאָרט איז געווען אין גאַלאַץ. דער ערשטער נומער איז דערשינען דעם 28סטן פעברואַר 1898.
5. **„חנוכה"** — אַ ספּעציעלע איינמאָליקע יום־טוב־אויסגאַבע פון די ציו־ניסטישע סעקציעס: „שמואל פיניעלעס", „קדימה", „מאַקס נאָרדוי". דערשינען אין דריי שפּראַכן: יִדיש, רומעניש און דייטש. דערשי־נען — נאָוועמבער 1902 (כסלו תרס"ב).
6. **„נס ציונה"** — וואָכנשריפט „אָרגאַן פון יודישע אינטערעסען, ציוניז־מוס, ליטעראַטור אונד וויסענשאַפט". רעדאַקציע: מ. בירנבוים אונד

ש. שפּיראָ. דערשינען 5 נומערן צווישן דעצעמבער 1908 ביזן 6טן פעברואַר 1909.

7. **„גאַלאַצער יודישעס פאָלקסבלאַט"** — דערשינען אין יאָר 1916, האָט באַהאַנדלט די פראַגן פון דער אָרטיקער קהילה.

8. **„גרינס אויף שבועות"** — די איינמאָליקע אויסגאַבע איז מיט לאַטיי־נישער טראַנסקריפּציע. רעדאַקטאָר: מ. סרולאָוויטש.

9. **„מנורה"** — ציוניסטישער אָרגאַן פאַרן קאַמף אין די קהילה־וואַלן. צווייספּראַכיק, ייִדיש און רומעניש. די ייִדישע טייל רעדאַגירט פון ד"ר משה וויינשטאַק און אהרן ראָזענטאַל, דערשינען אין יולי 1928. איינמאָליקע אויסגאַבע.

10. **„הדת"** — על חג השבועות זמן מתן תורתנו, צווייספּראַכיק. דער ערשטער נומער דערשינען מאַי 1933, דער צווייטער — אויגוסט 1933.

### ה) פּיאַטראַ־ניאַמץ

1. **„נייסטע נאַכריכטען"** — דערשינען אין פּיאַטראַ, אין יאָר 1885, רעדאַקטאָר: י. קאַפּפעל.

2. **„לבנון"** — אָרגאַן פון קרייז פאַר ציוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע, צוויי־ספּראַכיק, ייִדיש און רומעניש, דערשינען אין יאָר 1901 (תשרי תרס"ב).

3. **„דער שקל"** — אַן איינמאָליקע אויסגאַבע, צווייספּראַכיק, ייִדיש און רומעניש, דערשינען — מאַי 1906.

4. **„דיא האָפּפנונג"** — „אָרגאַן פיר ישוב א"י, פּאָליטיק, ליטעראַטור, יודישע אינטערעססען אונטער געמיינדע און פאַמיליע".

5. **„יידיש לעבן" (וויאַצאַ עווּרעאַסקאַ")** — „ליטעראַריש, געזעלשאַפט־לעך, ציוניסטיש־פּעדאַגאָגישער חודש־שריפט אין רומעניש און יידיש". דערשינען אין יאָר 1932. רעדאַקטאָר: א. מ. העניק.

### ו) ראָמאַן

1. **„הצופה"** — „אָרגאַן פיר האַנדיל, נייעס אונד יודישע אַנגעלעגענ־הייטען". דערשינען אין אויגוסט 1890, בוכדרוקעריי וואָלף האַבער.

2. **„דער פאָלקס דאָלמעטשער"** — „וועכנטליכע אָרגאַן פיר פאַמיליע, ליטעראַטור, האַנדל, פּאָליטיק אונד אַלגעמיינע אינטערעססען דעס יודענטהומס". דערשינען דעם 26סטן פעברואַר 1894.

3. **„הישראלי"** — דערשינען וועכנטלעך אין יאָר 1900. רעדאַקטאָר: אלעזר שמשון ראַפּאָפּאָרט. דערשינען זעקס מאָל.

## 2. מונטעניע (וואַלאַכיע)

### א) בוקאַרעשט

1. **„די צייט"** — דערשינען דעם 17טן מאַי 1859, וואָכנצייטונג. רעדאַק־ציע: נפתלי פּאַפּער, ק. כהנא. „צוועק פון זשורנאַל: צו אַנטוויקלען

די יודאַאישע וויסנשאַפט און ליטעראַטור אויפן רומענישן באָדן".

2. „היועץ" לבית ישראל ברומניה. „צייטונג פאַר געמיינדע, פאַמיליע אונד האַנדל". דער ערשטער נומער אַלס וואָכנבלאַט איז דערשינען דעם 12טן יוני 1874 און ממשיך געווען קרוב צו 40 יאָר, דערנאָך דערשינען צוויי מאָל אין דער וואָך, געוואָרן איינע פון די איינפלוסרייכע ייִדיש־אויסגאַבעס פאַר ייִדן אין רומעניע. מיט דעם אַנטשטיין פון דער באַוועגונג פאַר ישוב ארץ־ישראל, איז „היועץ" געוואָרן איר אָרגאַן. רעדאַקטאָר: יוסף עוזיאל.

3. „עת לדבר" — „איין געזעלשאַפטליכעס צייטונסגבלאַט פון גוט־געזאַנענע מענשן. אַרויסגעגעבען לטובת הכלל, וועלכעס איזט צום וועלטלעכען אונד רעליגיעזען לעבען". ערשטער נומער דערשינען אין אַפּריל 1859. רעדאַקטאָר: אריה זילבערשטיין. די רעדאַקציע האָט זיך געשטעלט צו פאַרטיידיקן דעם דעמאָלסדיקן הרב הראשי ר' מאיר לייביש מלבי"ם.

4. „דאָס יודישע בלאַט" — דערשינען אַלע מיטוואָך, פון 2טן מערץ 1877.

5. „פּאָליטיקער" — דערשינען טעגלעך פון מערץ 1877. נאָך אַ קורצער צייט — אָפּגעשטעלט.

6. „דער יודישער טעלעגראַף" — „דערשיינט יעדען טאָג אויסער פייער־טאָגן". דערשינען זינט דעם 1טן אַפּריל 1877, ביז דעם 11טן סעפּ־טעמבער 1878. רעדאַקטאָר: יוסף עוזיאל. דאָס איז געווען די ערשטע טאָגצייטונג אין ייִדיש אויף דער וועלט. זי האָט געבראַכט אינפאָר־מאַציע בעיקר פון אויסלאַנד און אינלאַנד און האָט זיך ווייניק באַ־שעפטיקט מיט די פּראָבלעמען פון דער ייִדישער קהילה.

7. „די יהודישע פּרעססע" — „אָרגאַן פיר פּאָליטישע, ליטעראַטור אונד וויסענשאַפט וויא אויך פיר קורזוס — אונד האַנדעלס־באַריכט, ער־שיינט איינסט ווײַלען (לעת עתה) איינמאָל וועכענטלעך". דערשינען פון 1880, רעדאַקטאָר: דוד סופרין.

8. „דער קאָלאָניסט" — אָרגאַן פיר פאַרברייטונג דער אידעע פון ערד אַרבייט". דערשינען וועכנטלעך פון 13טן מאַי 1881. געהער צו די ייִדיש־אויסגאַבעס פאַרן ישוב ארץ־ישראל.

9. „דער עמיגראַנט" — אין די יאָרן 1882—1883, דערשינען אין גאַלאַץ אַלס אָרגאַן פון די חובבי ציון. פון דעצעמבער 1883 — אין בוקאַ־רעשט. רעדאַקטאָר: אלעזר רוקח.

10. „יהודית" — „יודישע צייטונג פיר פּאָליטיק, ליטעראַטור אונד קרי־טיק". דערשינען אין יאָר 1883, רעדאַקטאָר — ד. א. ברוידעס.

11. „קול רינה" — „ליעדער גאַלעריע, קאָמישע מאַראַלישע ליעדער אונד איין שעהנער פעאילעטאָן". דערשינען אין די יאָרן 1883—1884. צוויי מאָל אין חודש. רעדאַקטאָר — ליפּא ראדעסקא.

12. „דער וואַנדערער" — באַהאַנדלט די ענינים פון אויסוואַנדערונג קיין אַמעריקע. דערשינען צוויי מאָל אין וואָך. רעדאַקטאָר — י. ל. סאַלאַ־מאָן. ערשטער נומער דערשינען דעם 11טן אויגוסט 1885.

13. „דער וואַהרע היועץ לבית ישראל ברומניה" — די אויסגאַבע איז דערשינען אין יאָר 1885, ווען די רעדאַקציע פון „היועץ" האָט זיך

צעטיילט נאָכן טויט פון רעדאַקטאָר יחיאל מיכל עוזיאל. אַ שטיקל צייט זענען דערשינען פּאַראַלעל „דער היועץ" און „דער וואַהרע היועץ", אונטער דער רעדאַקציע פון יאָזעף עוזיאל, דעם זון פון פאַרשטאָרבענעם רעדאַקטאָר. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט „דער היועץ" אויפגעהערט צו דערשיינען און ס'האָט ממשיך געווען „דער „וואַהרע היועץ".

14. **„די יודישע מאָרגענפּאָסט"** — דערשינען אין יאָר 1885. רעדאַקטאָר לעאָן נאַמיאַנו.

15. **„פּורים בלאַט"** — ביילאַגע צום „היועץ" נומער 100. דערשינען דעם 25סטן פעברואַר 1887. זיין אויפגאַבע — דורך וויץ, הומאָר, ווערט־לעך, רעטענישן צו דערהויבן און מוטיקן די שטימונג פון די יידן. איינמאָליקע אויסגאַבע.

16. **„דער המן־טאַש"** — „משלוח מנות אַן מיינע ווערטהען גלויבנסגע־נאָססען". דערשינען י"ב אדר תמ"ח (1888). רעדאַקטאָר — מיט אַ פּסעוודאָנים. איינמאָליקע אויסגאַבע.

17. **„דער פאָלקסגאַרטן"** — דערשינען 4 נומערן אין יאָר 1888. רעדאַק־טאָר — ד"ר וויטצענבערג.

18. **„דאָס פאָלקסבלאַט"** — דערשינען יעדע וואָך פון 10טן אויגוסט 1891 ביז 1896. אָנגעהויבן צו דערשיינען אין בוקאַרעשט און דערנאָך אַריבער קיין יאַס. אַרויסגעבער: ברידער דאַווידעסקו, שפּע־טער ל. קאָרנפעלד.

19. **„דאָס נייע פאָלקסבלאַט"** — „וועכנטליכעס אָרגאַן פיר פּאָליטיק, ליטעראַטור, האַנדעל אונד אַלגעמיינע אינטערעסען דאַס יודענ־טהומס". דערשינען פון מערץ 1892. רעדאַקטאָר — דב בער סופרין.

20. **„דער גראַגער"** — אַ פּורים־אויסגאַבע, דערשינען אין יאָר 1895.

21. **„דער קאָמפּאַס"** — „פאַרטרעט יודישע מענשליכע סאָציאַליסטישע אידעען און אינטערעססען". דערשינען אין יאָר 1896 אין בראַילע און דערנאָך אין בוקאַרעשט. רעדאַקטאָר — אלעזר רוקח.

22. **„דער ריכטיקער קאָמפּאַס"** — „פאַרטרעט יודישע, מענשליכע, סאָ־ציאַליסטישע אידעען און אינטערעססען". דערשינען וועכנטלעך פון 11טן יוני 1897.

23. **„דער אויסוואַנדערער"** — דערשינען אין יאָר 1900, צווייִשפּראַכיק: ייִדיש און רומעניש. פון דער סעריע פלוגבלעטער און פאַרשידענע אויסגאַבעס וואָס די פוסגייער־עמיגראַנטן פון רומעניע האָבן אַרויס־געגעבן אין יאָר 1900.

24. **„פּאַלעסטינע"** — „דער איינציקער אָרגאַן פיר אַלגעמיינע אינטערעססען דער רומענישען יודענטום", דערשינען אין יאָר 1901.

25. **„דאָס ליכט"** — „דער אָרגאַן פיר אַלגעמיינע אינטערעססען פון רומענישן יודנטום". דערשינען פון פעברואַר ביז אָקטאָבער 1901.

26. **„דגל מחנה יהודה"** — „אַ ציוניסטישע צייטונג פיר אויפקלערונג אונד ליטעראַטור". דערשינען אין יאָר 1901. רעדאַקטאָר — בן־מאיר. אין אַפּריל 1902 דערשיינט די צייטונג אונטער אַ נייעם נאָמען: „דגל יהודה".

27. **„דורשי ציון"** — וועכנטלעך, „אָרגאַן פיר ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע". מאָטאָ: „ולקחתי אתכם מן הגויים וקבצתי". דערשינען פון 9טן אויגוסט ביזן 29סטן נאָוועמבער 1902. רעדאַקטאָר — סאָל סעגאַל.

28. **„שומר ישראל"** — וועכנטלעכע אויסגאַבע, דערשינען פון 7טן פעברואַר ביזן 8טן אויגוסט 1903.

29. **„האור"** — „אָרגאַן פיר דער ליכט. אונטערשטיצע פאַן פאַרנעהמסטע מענער דער פאָלקס". דערשינען: נאָוועמבער 1909, רעדאַקטאָר — הירש ראַבינזאָהן. דערשינען איין מאָל.

30. **„בוקאַרעשטער איזראַעליט"** — „וואָכנשריפט דער אונטערהאַלטונג און דער וויסענשאַפט". ערשיינט יעדן פרייטיק אין יאָר 1895. רעדאַקטאָר — טריימאַן.

31. **„דער פּאַלעסטינער מאָנאַטבלאַט"** — ערשיינט מאָנאַטלעך אין יאָר 1919. רעדאַקטאָר — פּייוול ריזמאַן.

32. **„דער המנטאַש"** — דערשינען אַלס פורים־אויסגאַבע, י"ד אדר תרפ"א, 1921. רעדאַקציע פון ש. סאַלאָמאָן (ש"ס ראָמאַן). איינמאָליקע אויסגאַבע.

33. **„שויבן"** — אין אָנהויב אַ ליטעראַרישע אויסגאַבע אין טשערנאָוויץ, פון אָקטאָבער 1924, רעדאַקטאָר — יעקב שטערענבערג. נאָך אַן איבעררייס פון 12 יאָר, דערשיינען „שויבן" פון דאָסניי אין בוקאַרעשט, יאָר 1936, רעדאַקטירט פון אַ קאָלעגיע.

34. **„אונזער וואָרט"** — אַ וועכנטלעכע ייִדישע אומפּאַרטייאישע צייטונג, אָנגעהויבן דערשיינען אין יאָר 1925. רעדאַקטאָר — ב. רייכער. אין משך פון אַ קורצער צייט האָט זי באַוויזן צוציען וויכטיקע ייִדישע ליטעראַרישע כּוחות. אין יאָר 1936 דערשיינט זי ווידער.

35. **„אונזער וועג"** — אָרגאַן פאַרן ייִדיש־ראַדיקאַלן געדאַנק אין רומעניע. דערשינען פון מאַי 1926. רעדאַקטאָר — יוסף פ. בערקאָוויטש, שפּעטער ש. שוואַרץ.

36. **„בוקאַרעשטער כּל־בו־ניק"** — דער נומער 1 האָט אַנטהאַלטן: הומאָר, פּאָעזיע, פּראָזע. אַרויסגעבער: בנ. מ. דיל־איהם בחינם. דערשינען אין יולי 1926.

37. **„די וואָך"** — ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכע טריבונע, דערשינען אין יאָר 1935. רעדאַקטאָרן: ש. ביקל יעקב שטערענבערג און משה אַלטמאַן. געווען די ראַדיקאַלסטע ייִדישע אויסגאַבע אין יענער תּקופה. אָפּגעשטעלט געוואָרן אין יאָר 1935.

38. **„הירדן"** — אָרגאַן פון דער נציבות בית"ר אין רומעניע. דערשינען אין סעפּטעמבער 1934.

39. **„יודיש"** — חודש־שריפט פאַר ליטעראַטור און קריטיק. דערשינען אין יאָר 1935. רעדאַקטאָר — משה אַלטמאַן.

40. **„אונזער טאַט"** — דערשינען אַלס ביילאַגע אין דער ציוניסטישער צייטונג „טריבונאַ", אין יאָר 1936 ווי דער אָרגאַן פון גורדוניה און בוסליה אין רומעניע.

41. **„וועלט־שפּיגל"** — „דאָס לעבן אין וואָרט און בילד", וועכנטלעכער מאַגאַזין", יאָר 1939. רעדאַקטאָרן: ד"ר ש. מאַזנער און פּאָל בלום.

42. „איינס״ — אַ ליטעראַרישע פּובליקאַציע. דערשינען אין יאָר 1939. רעדאַקטאָרן: יצחק קאַפּיטאַנאָוו און ס. בראַונשטיין.
43. „צוויי״ — זאַמלהעפט פאַר ליד און פּראָזע. רעדאַקטאָר — ש״ס ראַמאַן.
44. „מיינע העפטן״ — די העפטן זענען דערשינען, סעפּטעמבער 1939, פון יחיאל שרייבמאַן.
45. „דריי״ — דער המשך פון די העפטן: „איינס״ און „צוויי״, בעיקר ליטעראַרישע טעמעס. דערשינען אין יאָר 1940. רעדאַקטאָר — ש״ס ראַמאַן.
46. „פיר״ — זאַמלהעפט פאַר ליד און פּראָזע, 1940. רעדאַקטאָר — ס. בראַונשטיין.
47. „ליטעראַרישע בלעטער״ — ערשטער נומער דערשינען דעם 5טן אָקטאָבער 1944. אַרויסגעגעבן פון קולטור־פאַראיין אין בוקאַרעשט. דאָס איז דער ערשטלינג פון אַ יידישער אויסגאַבע נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. צווייִשפּראַכיק.
48. „ייִדישע ביילאַגע צו דער רומענישער מענטואירעא״ — אין יאָר 1945 איז דערשינען אַ ציוניסטישע וואָכנצייטונג, רעדאַקטאָר — א. ל. זיסו. די ייִדישע ביילאַגע איז דערשינען אין אָקטאָבער 1945, אונטער דער רעדאַקציע פון ישראל לייוועגדמאַן.
49. „נאָך דער פאַראייניגונג״ — דער ערשטער ביולעטין פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פאַראייניקטער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער פאַרטיי — פּועלי־ציון — צעירי ציון אין רומעניע. אַפּריל 1946.
50. „איקוף־בלעטער״ — געזעלשאַפטלעך־ליטעראַרישער זשורנאַל. דער־שינען פון יאָר 1946 ביז 1952. רעדאַקציע־קאָמיטעט, פאַראַנטוואָרט־לעכער רעדאַקטאָר י. דובאָוויס.
51. „בוקאַרעשטער זאַמלביכער״ — אַרויסגעגעבן דורך דעם פאַרבאַנד פון ייִדישע שרייבער און פּובליציסטן אין רומעניע, תש״ז (1947). „בוקאַרעשטער זאַמלביכער״ זענען דער ערשטער אָנזאָג פון אַ באַניי־טער ליטעראַרישער טעטיקייט אין רומעניע נאָך אַן הפסקה פון זעקס שווידערלעכע חורבן־יאָרן.
52. „איחוד־העפטן״ — אַרויסגעגעבן פון איחוד (פּועלי־ציון — צעירי־ציון) אין רומעניע. (א) אין יוני 1947, (ב) יולי 1947.
53. „ביולעטין״ — פון דער סאָציאַליסטיש־ציוניסטישער פאַרטיי פּועלי־ציון אין רומעניע. דערשינען אין מאַי 1947. רעדאַקציע־קאָמיטעט: חיים קראַפט, ד״ר אפרים אייזיקאָוויטש און י. קלאַווער.
54. „קולטור־בלעטער״ — אַרויסגעגעבן פון ייִדישן דעמאָקראַטישן קאָ־מיטעט, קולטור־אָפּטיילונג, מערץ 1948.
55. „קולטור־בלעטער״ — פאַר די שטודיען־קרייזן און פאַקלס־אַטענעען ביים ייִדישן דעמאָקראַטישן קאָמיטעט, דערשינען אין יאָר 1948.
56. „דער קולטור וועג־ווייזער״ — דערשינען אין יאָר 1948, פאַר די קולטור־היימען.
57. ביולעטין פון די פאַקלס־אַטענעען — פון בוקאַרעשט, פאַר די

טעאַטראַלע גרופּן און יידישע כאָרן. דערשינען: מאַי־יוני 1949, יעדע צוויי חדשים ביז 1950.

58. **„צייטשריפט פונם רעליגיעזן יידנטום"** — אַרויסגעגעבן פון דער פעדעראַציע פון די יידישע קהילות אין רומעניע. אָנגעהויבן דערשיינען דעם 19טן אָקטאָבער 1956 און דערשיינט ביזן היינטיקן טאָג. דער איניציאַטאָר — הרב הראָשי ד"ר דוד משה ראָזען. דערשיינט אין דריי שפּראַכן: העברעיש, יידיש און רומעניש, צוויי מאָל אין חודש.

59. **„דער וועקער"** — מיטן זעלבן טיטל דערשינען צום דריטן מאָל. אַ סאָציאַליסטישע יידישע אויסגאַבע. רעדאַקציע: יעקב באָטאָשאַנסקי, יעקב שטערנבערג און אליעזר שטיינבאַרג.

60. **„דגל טריעטש"** — אַן אויסגאַבע וואָס איז דערשינען לכבוד דוד טריעטש, צום מאָביליזירן יידישע עמיגראַנטן קיין ציפּערן. דערשינען יעדן פרייטיק, רעדאַגירט פון אברהם כ"ץ המכונה ארני"ק.

61. **„טריבונע"** — אַ ציוניסטישע, צוויי־וועכנטלעכע אויסגאַבע. רעדאַק־טאָר ד"ר מ. קאָטיק.

62. **„הגבור"** — דערשינען וועכנטלעך. יעדן פרייטיק. רעדאַקטאָר — ליפּא מ. ראַדעסקו.

63. **„בוקאַרעשטער שריפטן"** — אַ יאָרבוך, זינט 1978. רעדאַקציע: וו. טאַמבור, איזי שאַפּיר, י. קאַראַ, ח. פינקלשטיין.

## ב) בראַילע

1. **„דער קאָמפּאַס"** — אַ וועכנטלעכע ציוניסטישע אויסגאַבע, דערשינען אין יאָר 1896. נאָכדעם איז די אויסגאַבע אַריבערגעפירט געוואָרן קיין בוקאַרעשט. רעדאַגירט פון אלעזר רוקח.

2. **„דער האַמער"** — ציוניסטישע אויסגאַבע, דערשינען צוויי מאָל אין חודש פון יאָר 1916. דער ציל פון דער צייטונג, לויטן ערשטן לייט־אַרטיקל: „וויל דאָס יידיש פאָלק אויסלערנען יידיש פילן, יידיש דענקען, יידיש זיך אינטערעסירן און — דער עיקר — יידיש לעבן". רעדאַקציע: אורי בן־אדור און יעקב באָטאָשאַנסקי.

# 3. בעסאַראַביע

## א) קעשענעוו

1. **„בעסאַראַבער לעבן"** — די ערשטע טאָגצייטונג אין יידיש אין בעסאַ־ראַביע, דערשינען אין יאָר 1919. די רעדאַקציע: י. מ. פּישער, י. וויינשטיין און מ. שאַיקעוויטש.

2. **„דער מאָרגען"** — טאָגצייטונג, דערשינען פון דעצעמבער 1919 ביז מאַי 1920. רעדאַקציע: י. וויינשטיין און מ. שאַיקעוויטש.

3. **„דער איד"** — „טעגלעכע צייטונג פאַר ציוניסטישער אויפקלערונג". געשטיצט די פּליטים פון אוקראַינע. דערשינען פון 1920 ביז 1922.

רעדאַקטאָר — מ. פאסטאן, שפעטער — אַ רעדאַקציע־קאָלעגיע: זלמן ראָזענטאַל, מיכאל לאַנדאַו און ישראל וויינשטיין.

4. **„דאָס וואָרט"** — די טאָגצייטונג פאַר ייִדיש נאַציאָנאַלער אינפאָר־מאַציע, דערשינען אין יאָר 1921. רעדאַקטאָרן: מ. בוביס און י. וויינ־שטיין.

5. **„אונזער צייט"** — טאָגצייטונג פאַר ייִדיש ציוניסטישער אינפאָר־מאַציע מיט אַ רייכער ליטעראַרישער ביילאַגע. דערשינען יעדן פריי־טיק און יום־טוב טעג. דירעקטאָר — מ. לאַנדאַו. רעדאַקטאָר — זלמן ראָזענטאַל. דערשינען פון 16טן אויגוסט 1922 ביז 1938.

6. **„המבשר"** — „אַ מאָנאַטליכע בלאַט וועגן עניני אמונה און מאָראַל". אַרויסגעגעבן פון מיסיאָנען, אין יאָר 1924.

7. **„דער פונק"** — אין יאָר 1924 האָט ז. הובערמאַן, דער רעדאַקטאָר, אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַן אומפּאַרטייאיש וואָכנבלאַט וועגן ייִדישן לעבן.

8. **„הנוער"** — צווייישפּראַכיק: ייִדיש און העברעיש, רעדאַקציע — ש. גבעוני, ביילאַגע פון „ערד און אַרבעט", דערשינען אין יאָר 1925.

9. **„פאַרן אידישן קינד"** — „פאַר פּראָבלעמען פון יוגנט־דערציהונג". עקזיסטירט 12 יאָר, פון יאָר 1925 ביז 1937. רעדאַקטאָר — זלמן ראָזענטאַל.

10. **„ערד און אַרבעט"** — אַ וועכנטלעכע אויסגאַבע פון „צעירי ציון" (התאחדות) אין רומעניע. פון יאָר 1925 ביז 1933; אין די יאָרן 1936 ביז 1938 איז באַנייט געוואָרן דאָס אַרויסגעבן „ערד און אַרבעט" אַלס אָרגאַן פון דער פּאַראייניקטער פּאַרטיי „פּועלי־ציון" און „צעירי ציון".

11. **„אויף דער וואַך"** — „צייטשריפט פאַרן ציוניסטישן רעוויזיאָניסטישן געדאַנק", דערשינען אין מאַי 1927.

12. **„די וואָך"** — אָרגאַן פון רעליגיעזן נאַציאָנאַלן אידנטום אין בעסאַ־ראַביע. רעדאַקטאָר י. עפּעלבוים, דערשינען אין יאָר 1928.

13. **„דער שטראָם"** — אַ מאָנאַטלעכע אויסגאַבע פון דער שרייבער־גרופּע פון דער קולטור־ליגע, פאַר ליטעראַטור און פּובליציסטיק, אין יאָר 1930. דערשינען בלויז עטלעכע נומערן.

14. **„אָנזאָג"** — „צייטשריפט פאַר ליטעראַטור, קונסט און צייטפראַגן", דערשינען אין יאָר 1931. רעדאַקציע־קאָלעגיע: י. אַקער, ד. גאַסינער און ה. וויינשטיין.

15. **„אונדזער וועג"** — אָרגאַן פון די סטודענטן ציוניסטן. דערשינען איין מאָל אין צוויי חדשים, אין יאָר 1932. רעדאַקטאָר — יצחק קאָרן.

16. **„בלעטער פאַר יוגנט קולטור"** — ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אויס־גאַבע פאַר יוגנט־קאַמף. דערשינען אין יאָר 1933, רעדאַקטאָר — נתן פלד (פרידל).

17. **„געזונט און היגיענע"** — אַ חודשלעכער זשורנאַל, אַרויסגעגעבן פון „אונזער צייט" און „אָזע", אַפּריל 1937.

18. **„צייט־פראַגן"** — צוליב דער צענזור איז יעדעס מאָל געביטן געוואָרן דער טיטל פון דער צייטשריפט פאַר ציוניסטישע פראָבלעמען. אַרויס־

געגעבן דורך דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע „בנין הארץ" אין יאָר 1938. אין יאָר 1939 איז דער טיטל געווען „אַקטועלע פּראָבלעמען". רעדאַקציע: י. קאָרן און ב. מילגרוים.

19. **„דאָס קאָאָפּעראַטיווע וואָרט"** — אָרגאַן פון פאַרבאַנד פון יידישע קאָאָפּעראַטיוון אין בעסאַראַביע. רעדאַקטאָר — נ. מ. רויטמאַן.

### ב) בעלץ

1. **„דאָס יידישע וואָרט"** — פּעריאָדישע צייטשריפט פון דער יידישער פּאַרטיי ביי דער יוגנט־סעקציע. דערשינען — פעברואַר 1934, רעדאַקטאָר — ד"ר ש. גורפעל.
2. **„דאָס בעלצער וואָרט"** — „דאָס ציוניסטישע וואָכנבלאַט", דערשינען אין יאָר 1936, אונטער דער רעדאַקציע פון ל. קופּערשטיין.
3. **„בעסאַראַבער היינט"** — „אַ ציוניסטיש־רעוויזיאָניסטישע אויסגאַבע. אויפגאַבע: קאַמף פאַר אַ יידישער מלוכה אין ארץ ישראל". רעדאַקטאָר — מיכאל יאַכינסאָן.

### ג) כאָטין

1. **„דאָס כאָטינער וואָרט"** — „אָרגאַן פאַר אויפקלערונג און אינפאָרמירונג פאַר כאָטינער באַפעלקערונג", ערשטער נומער דערשינען אין מערץ 1930.

### ד) בענדער

1. **„דס יידישע פאָלק"** — וועכנטלעך, אַלס ביולעטין. דערשינען 26 נומערן, אָנהויב אין יאָר 1919.

## 4. בוקאָווינע

### א) טשערנאָוויץ

1. **„דאָס נייע לעבן"** — אויסגאַבע פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי „בונד". דערשינען סעפּטעמבער 1921, רעדאַקטאָר — ד"ר יעקב פּיסטינער.
2. **„דאָס יודישע פאָלקסבלאַט"** — אויסגאַבע פון דער ציוניסטישער לאַנדעס אָרגאַניזאַציע פאַר דער בוקאָווינע. דערשינען וואָכנטלעך פון מערץ 1921. רעדאַקטאָרן: ד"ר מאיר עבנער און ד"ר טעאָדאָר ווייסבערגער.
3. **„די פרייהייט"** — אויסגאַבע פון דער יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער פּאַרטיי פּועלי־ציון אין בוקאָווינע. דערשינען יעדן דאָנערשטיק, 1921. רעדאַקטאָר — חיים קראַפט.

4. **„קולטור"** — אויסגאַבע פאַר ליטעראַטור, קונסט און פעדאַגאָגיק. דערשינען — יולי 1921. רעדאַגירט פון אַ קאָלעגיע.
5. **„אַרבעטער צייטונג"** — „וועכנטליכער אָרגאַן פון דער פועלי ציוניס־טישער פאַרטיי אין בוקאָווינע". רעדאַקטאָר — ש. ל. שטיינמעץ, יאָר 1921; פון יאָר 1922 ביז 1929 — שמואל אבא סופר.
6. **„אונזער וואָרט"** — צייטשריפט פון דער יִדישער סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישער פאַרטיי „בונד". דערשינען יעדן פרייטיק, 1922. רעדאַק־טאָר — י. קיסמאַן.
7. **„דער יונגער קעמפער"** — אַ סאָציאַליסטישע אויסגאַבע. דערשינען אין יאָר 1925. רעדאַקטאָר — יוסף קיסמאַן.
8. **„דער שטראַל"** — אַ וועכנטלעכע בונדישע אויסגאַבע, אין יאָר 1926. רעדאַקציע: ד"ר בערל פרידמאַן און ע. מערלינג.
9. **„דאָס יודישע בלאַט"** — אויסגאַבע פון אָרטאָדאָקסישן יודנטום אין רומעניע. דערשינען יעדן פרייטיק, פון כסלו תרפ"ח (1928). פאַראַנטוואָרטלעכער — לאַזאַר ראָט.
10. **„די נייע צייטונג"** — דערשינען יעדן מאָנטיק און פרייטיק. יאָר 1927. אַרויסגעבער — ד"ר פיסטינער, רעדאַקטאָר — מאַרקוס כתבן. פון דעצעמבער 1928 — אָרגאַן פון יִדישן אַרבעטער־בונד. רעדאַק־טאָר — ד"ר י. קיסמאַן.
11. **„דער קאַנטשיק"** — הומאָריסטישע וואָכנצייטונג, אין די יאָרן 1928—1929. רעדאַקטאָר — י. פאַנער.
12. **„טשערנאָוויצער בלעטער"** — אומאָפּהענגיקער אָרגאַן פאַר פּאָליטיק, קולטור אוןווירטשאַפט. דערשינען וועכנטלעך פון יאָר 1928 ביז 1938. רעדאַקטאָר — שמואל אבא סופר. די „טשערנאָוויצער בלע־טער" זענען געוואָרן איינע פון די וויכטיקסטע ליטעראַרישע אויס־גאַבעס אין רומעניע.
13. **„פאָלקס־צייטונג"** — דערשינען יעדן מאָנטיק און פרייטיק, יאָר 1928. רעדאַקטאָר — נתן טראַפּער. „דער ציל — צו אָריענטירן די יִדישע אַרבעטנדע מאַסן".
14. **„דער יידישער פריינד"** — דער אָרגאַן פון אגודת ישראל. דערשינען אין יאָר 1928. רעדאַקטאָר — דניאל שטערנפעלד.
15. **„געציילטע ווערטער"** — ליטעראַטור, טעאַטער און קונסט. רעדאַק־טאָר — י. מאַנגער, אויגוסט 1929, אַן אייגנאַרטיקע אויסגאַבע אין דער פאָרם און אין אינהאַלט.
16. **„יוגנט שטימע"** — חודשלעכע אויסגאַבע, דערשינען אין יאָר 1931.
17. **„די נשמה"** — חודש־שריפט וועגן כאַראַקטער דורך אמונה. דער־שינען דעם 15טן אָקטאָבער 1932. רעדאַקטאָר — מ. נ. ריכטער.
18. **„דער פלאַמענדיקער גראַגער"** — „פּהענגיקעס, קאראפטעס, פּאָלי־טישעס, הומאָריסטיש־סאַטיריש בלעטל". פּורים 1930. רעדאַקטאָר: סאַלאָ זולמאַן. דערשינען איינמאָליק.
19. **„צוקונפט"** — אָרגאַן פון סאָציאַל־דעמאָקראַטישער יוגנט אין רומע־ניע". דערשינען אין יאָר 1930.
20. **„דאָס יודישע וואָרט"** — אָרגאַן פון דער צענטראַלע פון אגודת

ישראל אין רומעניע פון סעפטעמבער 1934. דער ערשטער רעדאַק־טאָר — מרדכי וואלאנאווי, שפּעטער איז באַשטימט געוואָרן אַלס הויפּט־רעדאַקטאָר — חיים מאיר שאהאן, נאָך שפּעטער — שלמה יעקב גראָס. אין יאָר 1937 איז די צייטונג אָפּגעשטעלט געוואָרן דורך דער גאָגאַ־קוזאַ רעגירונג.

21. **„אויפבוי״** — צווייוואָכנטלעכע צייטשריפט פון פועלי־ציון, ערשטער נומער דערשינען דעם 25סטן מערץ 1935. רעדאַקטאָר — יוסף שיץ.

22. **„דאַרנער הומאָר״** — אַ קרומער שפּיגל, פון שמשון פערשט. ערשטער יאָרגאַנג 1936 (מיט לאַטיינישע אותיות).

23. **„דער נייער גראַגער״** — אַ הומאָריסטישע פורים־צייטונג, דערשינען אין מערץ 1936, רעדאַקטאָר — זשאַן ראָזענשטאָק. איינמאָליקע אויסגאַבע.

24. **„דרכנו״** — אָרגאַן פון דער „מזרחי״ אין רומעניע, דערשינען אין יאָר 1937, רעדאַקטאָר — ב. האַגער.

25. **„הומאָר בלעטלעך״** — אַ רייע בלעטלעך געשריבן פון שמשון פערשט, אונטער פאַרשידענע טיטלען: „דער גראַגער״ (20 מאָל), „מצרים־וואָך״ (8 מאָל), „שבועות־קניש״ (2 מאָל), „דער לץ״ (2 מאָל), „טשערנאָוויצער פלאַטקעס״ (6 מאָל), „דאַרנער הומאָר״ (8 מאָל). דער רוב נומערן מיט לאַטיינישער טראַנסקריפּציע.

26. **„דער ריכטיקער קאָמפּאַס״** — רעפּרעזענטירט יודישע, מענשליכע, סאָציאַליסטישע אידעען און אינטערעסן.

## 5. מאַראַמאָרעש

### א) סיגעט

1. **„יודישע פּרעסע״** — אַ וועכנטלעכע אויסגאַבע, דערשינען אין י. 1892.

2. **„די יודישע פאָלקס צייטונג״** — דערשינען יעדע וואָך, פון 1893 ביז 1897. רעדאַקטאָר — הירש לייב גאָטליב.

3. **„סיגעטער צייטונג״** — דערשינען יעדן דאָנערשטיק, אין די יאָרן 1893—1895. רעדאַקטאָר — צבי הירש העללער.

4. **„יידישע פאָלקסבלאַט״** — אין יאָר 1899 דערשינען ווי אַ וואָכנ־שריפט. רעדאַקטאָר — הירש לייב גאָטליב.

5. **„ציון״** — דערשינען יעדע וואָך, אין די יאָרן 1904—1909. רעדאַ־גירט — ה. ל. גאָטליב.

6. **„אהבת ציון״** — אַ ציוניסטישע אויסגאַבע, צווייישפּראַכיק: ייִדיש און אונגאַריש. ערשטער נומער דערשינען מערץ־אַפּריל 1908.

7. **„יידישעס בלאַטט״** — „אָרגאַן פיר יידישע פּראָפעסיאָנעלע, אינטע־רעססען, האַנדל אונד געזעלשאַפטליכן פאַרקעהר״, וועכנטלעכע אויסגאַבע, אין יאָר 1910. רעדאַקטאָר — צבי יודאַ לעאָפּאָלד.

8. **„יודישע צייטונג״** — דערשינען ווי אַ וועכנטלעכע אויסגאַבע אין יאָר 1921. רעדאַקציע: ד״ר אליהו בלאַנק און יוסף אלדור.

9. **„דער מונקאַטשער הומאָריסט״** — אַ וועכנטלעכע אויסגאַבע אין יאָר

1924, רעדאַגירט פון אשר זעליג ווייס. אויסער לאָקאַלן פּאָלקלאָר האָט די צייטונג געווידמעט פיל פּלאַץ פאַר קהילה־פּראָבלעמען און די סכסוכים צווישן די צוויי חסידישע גרופּעס: די בעלזער און מונקאַטשער.

10. **„מאַראַמאָרעשער בלעטער"** — חודש־אויסגאַבע פאַר ליטעראַטור, קונסט און פּאָליטיק. דערשינען אין יאָר 1931. רעדאַקציע: ד"ר נ. שטערענבערג און מ. הירש.

11. **„דער שטערן"** — זשורנאַל פאַר קולטור און פּאָליטיק. דערשינען אין יאָר 1932, רעדאַקטאָר — בערל שנאָבעל.

12. **„אויפגאַנג"** — אילוסטרירטע חודש־אויסגאַבע פאַר ליטעראַטור, טעאַטער און קונסט. דערשינען אין יאָר 1933 ביז 1937. רעדאַקטאָר ישראל דוד איזראַעלי. דאָס איז געווען אַ וויכטיקער ליטעראַרישער זשורנאַל אין מאַרמאָרעש, וואָס האָט געהאַט אַ באַדייטנדיקן דער־פאָלג. צוליב דעם אינהאַלט פון דער אויסגאַבע איז געווען אַ שטאַרקע קעגנערשאַפט צו דער צייטונג און צו דער רעדאַקציע, וואָס דאָס האָט גורם געווען איינצולאַדן אַ שותף א. מ. הירש.

13. **„די יודישע וועלט"** — „ציוניסטיש־רעוויזיאָניסטישע וואָכנצייטונג". דערשינען אין די יאָרן 1934—1943. רעדאַקטאָר — א. מ. הירש.

14. **„אונזער שטימע" (קולנו)** — אַרויסגעגעבן חודשלעך פון „המזרחי" אין אויבער־ווישע מאַראַמאָרעש. יאָר תרצ"ה (1935). רעדאַקציע: יחיאל האָראָוויץ און משה האָראָביץ.

15. **„דער ראַדיאָ"** — וועכנטלעכע אויסגאַבע פון רעליגיעזן נאַציאָנאַלן יידנטום, דערשינען אין יאָר 1935. רעדאַקטאָר — יחזקאל רינג.

14. **„ייִנג מאַראַמאָרעש"** — דער זאַמלהעפט האָט זיך פאַרמאָסטן צו עפענען אַ נייִ קאַפּיטל אין ייִדישן מאַראַמאָרעש, ווי אויך אין רו־מעניע. קאָנצענטרירט אַרום זיך אַ וויכטיקע יונגע גרופּע פון ייִדיש־שאַפער. דערשינען אין מערץ 1941. רעדאַקטאָר — יחזקאל רינג.

17. **„שבתון"** — דערשינען אין יאָר 1946, יעדן פרייטיק. אַרויסגעגעבן פון פועלי אגודת ישראל.

18. **„אונזער לעבן"** — זשורנאַל אַרויסגעגעבן דורכן ייִדישן דעמאָקראַטישן קאָמיטעט פאַר מאַראַמאָרעש, אַפּריל 1947.

19. **„הד הגליל"** — די „מזרחי"־אָרגאַניזאַציע האָט אַרויסגעגעבן אַן אויסגאַבע יעדן פרייטיק, רעדאַקטאָר — יחיאל יהודה אַזאַקסאָן.

## 6. טראַנסילוואַניע

### א) קלויזש

1. **„קול מחזיקי הדת"** — „וואָכענבלאַט פאַר אָרטאָדאָקסישע אינטע־רעסן פון דער יודישער געמיינדע אין טראַנסילוואַניע". דערשינען אין יאָר 1928, רעדאַקטאָר — דוד האַרפּעניס.

2. **„די וואָרהייט"** — דרייִשפּראַכיק: ייִדיש, רומעניש און אונגאַריש. דערשינען אין יאָר 1937.

3. **„שבתון"** — די זעלבע אויסגאַבע אין יאָר 1930 דערשינען אויך אין סיגעט, אַרויסגעגעבן פון „פועלי אגודת ישראל".

### ב) שאַמקוטע מאַרע

1. **„טראַנסילוואַנער יודישע צייטונג"** — דערשינען וועכנטלעך אַלס אָרטאָדאָקסישע אויסגאַבע אין יאָר 1935. רעדאַקטאָר — שמואל צבי ווייס.

### ג) סאַטו מאַרע

1. **„מגד ירחים"** — אַ רעליגיעזע צייטשריפט, דערשינען אין יאָר 1928. די רעדאַקציע: יצחק קליין און יוסף חיים הכהן ווייס.
2. **„אָרטאָדאָקסישע צייטונג"** — אַ שטרענג רעליגיעזע חודש־שריפט, דערשינען אין יאָר 1935.

### ד) אַראַד

1. **„שביל ישראל"** — דערשינען וועכנטלעך, אין יאָר 1933.
2. **„יודישע שטימע"** — דערשינען יעדע וואָך, יאָר 1933 (אין דעזש), רעדאַקטאָר — אהרן דוד ברוין.
3. **„מולדת"** — אַרויסגעגעבן פון „הפועל המזרחי", דרייַשפּראַכיק: העברעיש, יִדיש און אונגאַריש, דערשינען אין יאָר 1947.
4. **„דאָס יִדישע וואָרט"** — אַרויסגעגעבן צוויי מאָל אין חודש פון מרכז אגודת ישראל אין רומעניע אין די יאָרן 1947—1948.

### ה) ביסטריצאַ

1. **„אַלגעמיינע יודישע פּרעסע"** — אויסגאַבע פון אָרטאָדאָקסישן יִדנטום. אין יאָר 1920.

### ו) בראַשאָוו

1. **„אונזער אויפלעבן"** — אַרויסגעגעבן פון דער ציוניסטישער רעוויזיאָניסטישער אָרגאַניזאַציע. רעדאַקטאָר — דוד גוטערמאַן. דערשינען אין אויגוסט 1947.

## קאַפּיטל זיבן

# ייִדיש טעאַטער

**אַריינפיר**

ווען מען פאָרשט די קוואַלן פון ייִדיש און ייִדישער קולטור אין רומעניע, קומט מען שנעל צו דער מסקנה, אַז דער דאָרטיקער ייִדישער טעאַטער איז געווען איינער פון די צענטראַלע, וויכטיקסטע מיטלען צו פאַרשפּרייטן און פאַרפעסטיקן ייִדיש אין רומעניע.

ווי באַקאַנט איז דער יסוד פון ייִדישן טעאַטער אין רומעניע געלייגט געוואָרן אין יאָס אין די זיבעציקער יאָרן פון פריערדיקן יאָרהונדערט (1876) און דער גרינדער איז געווען אברהם גאָלדפאַדען (1840—1908).

עס שטעלט זיך אָבער די פראַגע: צי איז דאָס יאָר 1876 אַ התחלה אָדער אַ המשך? די דאָזיקע פראַגע האָט אגב באַרירט נישט לאַנג צוריק, חיים ראַבינזאָן, אין זיין אַרטיקל „גולדפאַדן — התחלה או המשך״ [1].

די ערנסטקייט פון דער פראַגע באַשטייט אין דעם וואָס ס׳זענען פאַראַן באַווייזן, אַז דאָס אַנטשטיין פון ייִדישן טעאַטער (אין יאָר 1876, אין יאָס), איז נישט געקומען פּלוצלינג, נאָר איז אַרויסגעוואַקסן פון אַ צוגעגרייטן פּרוכטבאַרן באָדן, ווייל נאָך פאַר גאָלדפאַדענען זענען אין פאַרשידענע קהילות אין רומעניע פאָרגעקומען „פּורים־שפּילן״ און פאַרשידענע אַרויסטרעטונגען אין ייִדישע היימען און דאָס אַלץ האָט צוגעגרייט דעם רומענישן שבט אויפצונעמען ייִדיש טעאַטער.

1. חיים רבינזון, אין „על המשמר״ 1981, זיין אַרטיקל: „גולדפאַדן — התחלה או המשך״.

ישראל בערקאָוויטש, אין זיין גרינטלעכער אַרבעט [2] שטעלט זיך אָפּ אויף דער טעאַטער־דערשיינונג בכלל און אויף דער צייט פון פאַר דער גרינדונג פון יידישן טעאַטער. ער גיט אָפּ פּיל פּלאַץ דער ספּעציפישער אַטמאָספער וואָס די בראָדער זינגער און וועלוול זבאַרזשער האָבן געשאַפן מיט זייערע פאָלקסלידער און באַצייכנט זיי אַלס דעם אַוואַנגאַרד פון יידישן טעאַטער. אברהם גאָלדפאַדען האָט טאַקע איינֿיקע פון די פאָלקסזינגער גענוצט אַלס אַקטיאָרן פאַר זיין טעאַטער־פּערסאָנאַל. 20—30 יאָר נאָך פאַר דער אַנטשטייונג פון יידישן טעאַטער פלעגן די יידישע בעלי־מלאכות, אַרבעטער און אויך דער פאָלקסטימלעכער מיטלקלאַס באַזוכן די קרעטשמעס און וויינקעלערס, ווו זיי פלעגן, נאָך אַ שווערן אַרבעטסטאָג, זיך טרעפן מיט באַקאַנטע, נעמען אַ גלאָז וויין און הנאה האָבן פון אַ זאַפטיק יידיש לידל. דאָס האָט פאַרנומען אַ וויכטיק אָרט אין זייער לעבן.

אין די פריערדיקע קאַפּיטלען האָבן מיר אויספירלעך געשריבן וועגן די שווערע רייבונגען צווישן דער השׂכּלה און די חסידים־קרייזן און וועגן דער שטעלונג פון די „יאַהודים" אין אַלט־רומעניע, וועלכע האָבן געקוקט מיט גרויס קעגנערשאַפט אויף דער אַנטוויקלונג פון דער יידיש־פּרעסע און נאָך מער אויפן יידישן טעאַטער. יידיש איז אין די אויגן פון די „יאַהודים" געווען דער אויסדרוק פון קלעריקאַ־ליזם און אָפּגענוצטן לעבנס־שטייגער. מיט זייער עמאַנציפּאַציע האָבן זיי געצילט אויסצוליידיקן דאָס רומענישע יידנטום פון אַלע יידיש־גייסטיקע ווערטן. אין דעם זין האָבן די אָרטיקע משׂכּילים מיטגעמאַכט דעם גוט־באַקאַנטן פּראָצעס פון דע־נאַציאָנאַליזירן די יידישע מאַסן. אַ גרויסער טייל פון די יידישע פאָלקסמאַסן האָבן זיך טאַקע אין יענער צייט דערווייטערט פון די נאַציאָנאַל־יידישע מקורות.

זייענדיק אין אַמעריקע מיט יאָרן שפּעטער, האָט גאָלדפאַדען

2. ישראל בערקאָוויטש, „הונדערט יאָר יידיש טעאַטער אין רומעניע, 1876—1976". פאַרלאַג „קריטעריאָן", בוקאַרעשט 1976.

פֿאַרעפֿנטלעכט זכרונות פֿון זיין טעאַטער־קאַריערע [3] און האָט אין זיי אַרויסגעבראַכט פּרטים פֿון דער גרויסער דילעמע פֿאַר וועלכער ער איז געשטאַנען אין דער באַציונג פֿון דעם פּובליקום:

„...דער צופֿאַל האָט געוואָלט אַז איך זאָל לייגן דעם גרונטשטיין פֿון ייִדישן טעאַטער אין רומעניע, אין אַ לאַנד און פֿאַר אַ פֿעבל וואָס צוריק מיט דרייסיק יאָר האָט ער נאָך קיין באַגריף געהאַט פֿון טעאַטער ליטעראַטור... פֿאַר אַן עולם, וואָס זיין גאַנצע גייסטיקע נאַרונג איז באַשטאַנען פֿון אַ גוט גלעזל אַדאַבערשטער וויין און פֿון ייִדישע „לידלעך" — און ווען איך האָב אויפֿגעפֿירט מיין ערשטע לעבנס־דראַמע ריין אָן קאָמיקער, אָן געזענגע, זענען מאַנכע פֿון פּובליקום צו מיר אַרויפֿגעגאַנגען אויף דער בינע און מיך אָפּאָסטראָפֿירט מיט פֿאָלגנדיקע כאַראַקטעריסטישע ווערטער:

„מיר קומען ניט אין טעאַטער מען זאָל אונדז אָנוויינען אַ קאָפּ... מיר האָבן אונדזערע אייגענע צרות אין דער היים פֿון ווייב און קינדער — מיר קומען אין טעאַטער איר זאָלט אונדז אונטערהאַלטן און פֿאַר אונדזער פּראַנק ווילן מיר, איר זאָלט אונדז פֿריילעך מאַכן... און מיר זאָלן זיך גוט אָנ־לאַכן..."

און פֿון דעם פּראַנק פֿון אַזעלכע באַזוכער איז דאַן אָפּ־געהאָנגען די עקזיסטענץ פֿונעם גאַנצן יונגן ייִדישן טעאַטער — איך האָב געמוזט דערווייל נאָכגעבן דעם ווילן פֿון פּובלי־קום..."

אברהם גאָלדפֿאַדען איז טאַקע געשטאַנען פֿאַר אַ גרויסער די־לעמע: ער איז געקומען קיין יאַס אין יאָר 1876 מיט אַ רייכער ייִדיש־ליטעראַרישער דערפֿאַרונג פֿון רוסלאַנד. ער איז געווען נאָענט צו דער דראַמאַטורגיע אין די אייראָפּעיִשע לענדער און ער איז

3. זע „דער אַמעריקאַנער", 29טן מערץ 1907, „פֿון שמענדריק ביז בן־עמי".

אינשטאַנד געווען צו געבן אַ מער ערנסטן אינהאַלט זיינע פּיעסן, אָבער ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אויב ער וועט נישט געפינען די געמיינזאַמע שפּראַך מיט דער מאַסע, וואָס איז דעמאָלט געווען די מערהייט פון די טעאַטער־באַזוכער, דאַן שטעלט ער אין געפאַר זיין טעאַטער אין רומעניע.

קאָן זיין אַז זיין בייגן זיך צו דער מאַסע איז אויך געשען דער־פאַר, ווייל דאָס פאָלקסטימלעכע איז געווען איינגעוואָרצלט אין זיין כאַראַקטער און טראָץ זיין טעאַטראַלער למדנות איז ער געווען גענויגט צום פאָלקסמענטש. דאָס דאָזיקע געפינען מיר בולט אין גאָלדפאַדענס ביאָגראַפיע.[4]

גאָלדפאַדען דערציילט, אַז ס׳איז אים אָנגעקומען זייער שווער צו שאַפן אַ מעלאָדראַמע אָדער אַן אָפּערעטע מיט אַ נייעם קאָמיזם, מיט אַ שלאָגוואָרט, מיט נייע וויצן — און דאָס שווערסטע פון אַלעמען — קאָמפּאָנירן מוזיק פאַר מענטשן וואָס האָבן קיין נאָטן נישט געלערנט.

באַזונדערס וויכטיק איז זיין אָפּשטעלן זיך אויף דער ייִדישער שפּראַך, ווי זי דערשיינט אין לויף פון די יאָרן אין ייִדישן טעאַטער.

יחזקאל דאָברושין,[5] אין זיין וויכטיקן עסיי וועגן גאָלדפאַדענס דראַמאַטורגיע, שטעלט פעסט, אַז גאָלדפאַדענס ייִדיש אין די ער־שטע פּיעסן זיינע איז אַ פאָלקסטימלעכער, אָבער אַ יאָדערדיקער ייִדיש, אַזוי האָט ער זיך אַנטפּלעקט אין „שמענדריק״, „די באָבע און דאָס אייניקל״ א. אַנד. גאָלדפאַדען פּיילט נישט זיין ייִדיש.

---

4. אברהם גאָלדפאַדען איז געבוירן געוואָרן דעם 12טן יולי 1840 אין אַלט־קאָנסטאַנטין, וואָלין, ביי אַ טאַטן אַ משׂכּיל, וועלכער איז געווען אַ זייגער־מאַכער, און אַ מאַמען פון אַ חסידישן אָפּשטאַם. פון דיביידע השפּעות, השׂכּלה און חסידיזם, איז די פאָלקסטימלעך־חסידישע פון דער מאַמעס צד געווען שטאַרקער און זיך מער אויסגעווירקט אויפן כאַראַקטער פון א. גאָלדפאַדען אין זיין טעאַטראַלער קאַריערע.

5. י. דאָברושין (געבוירן אין יאָר 1883 אין טשערניגאָווער געגנט. אומגעקומען אין י. 1952 אין די לאַגערן. שרייבער, פאָרשער, דראַמאַטורג) ; עסיי „גאָלד־פאַדענס דראַמאַטורגיע״, זע „טעאַטער־בוך״, קיִעוו, 1927, זייטן 9—20.

ווייטער וועלן מיר ברענגען ציטאַטעס פון גאָלדפאַדענס ערשטע יצירות פאַר דער בינע.

„מיט קליינע אויסנאַמען האָט גאָלדפאַדען געזוכט אויס־צומיידן די דייטשמערישע ייִדיש־שפּראַך. ווען גאָלדפאַדען באַנוצט אין זיינע ערשטע סצענישע ווערק דאָס דייטשמערישע לויטן נוסח פון זיינע השׂכּלה־פאָרגייער, פאַרוואַנדלט ער אָט דאָס „דייטש" אין אַ אייגנאַרטיקן שפּיל־מיטל. אין „די באָבע און דאָס אייניקל" רעדט דער לערער איגנאַץ דעם באַוווּסטן „גלאָקע"־דייטש, דאַקעגן מאַקס פון „קונעלעמל" רעדט נישט קיין דייטש אַפילו מיט זיין כּלה קאַראָלינאַ. מאַרקוס פון דער „כּישופמאַכערין" וואַרפט אַמאָל אַריין אייניקע פרעמדע „גע־לערנטע" ווערטער ווי: „אויסווירקן", „זאַגאַר", „קרימינאַל", וואָס באַשאַפן אַרום אים אַ מין דייטשמערישע אַטמאָספער".

גאָלדפאַדענס ייִדיש איז אַן אינטערעסאַנטער אַספּעקט ביים פאָרשן ווי אַזוי ער האָט משפּיע געווען אויפן טעאַטער־פּובליקום און אים ביסלעכוויז דערצויגן צו אַ בעסערער און זויבערער שפּראַך.

**די ערשטע שריט**

אין די זכרונות פון יצחק ליברעסקאַ,[6] דעם אַדמיניסטראַטאָר פון גאָלדפאַדענס טעאַטער, ווערן אויספירלך באַשריבן גאָלדפאַ־דענס ערשטע שריט, זינט ער איז אין יאָר 1876 געקומען קיין יאַס. דער הויפּטצוועק פון גאָלדפאַדענס קומען איז געווען צו פאַרשפּרייטן זיין צייטשריפט „דאָס איזראַעליטישע פאָלקס־בלאַט", וועלכע איז ביז דעמאָלט דערשינען אין טשערנאָוויץ. דער פאָרשטייער פון

6. אין זלמן זילבערצווייגס בוך: „הינטערן פאָרהאַנג" זענען אויך פאַראַן די זכרונות פון יצחק ליברעסקאַ, אַדמיניסטראַטאָר פון גאָלדפאַדענס טעאַטער, זייטן 5—116, דערשינען אין פאַרלאַג פון ב. קלעצקין, ווילנע 1928.

גאָלדפאַדענס צייטשריפט אין יאַס איז געווען יצחק ליברעסקאָ. די משפּחה ליברעסקאָ האָט געזוכט צו פאַרגרעסערן די פאַרשפּרייטונג, אָבער די אַקציע איז געווען נישט דערפאָלגרייך.

אין זיינע זכרונות דערציילט ליברעסקאָ, אַז אין אַ געוויסן טאָג האָט זיין פרוי געזאָגט צו גאָלדפאַדענען, אַז ער וועט דאָ נישט האָבן קיין דערפאָלג מיט זיין צייטשריפט, ווייל אין יאַס זענען פאַראַן יידישע צייטשריפטן ווי „היועץ" און אַנדערע און די רעדאַקטאָרן האָבן נישט קיין ברויט „...אויב איר ווילט — האָט די פרוי געזאָגט — הער גאָלדפאַדען, אויפטאָן אַ וויכטיקע זאַך פאַר די יידן פון רו־מעניע, טאָ נעמט זיך צו שאַפן אַ יידיש טעאַטער, דאָס איז אַ דרינ־גענדיקע זאַך". גאָלדפאַדען האָט זיך צוגעהערט צו דער עצה און האָט גענומען צוגרייטן זיין ערשטע טעאַטער־פאָרשטעלונג.

אין דערווירקלעכקייט איז גאָלדפאַדען אין יענע יאָרן שוין געווען באַקאַנט נישט נאָר אין יאַס נאָר אויך אין אַנדערע שטעט, אַ דאַנק זיינע לידער וואָס פאַרשידענע זינגער און אַרטיסטן האָבן געזונגען.

די יאַסער פריינד האָבן אים געעצהט, אַז ער, גאָלדפאַדען, זאָל אַליין אויפטרעטן אויף אַן אָוונט מיט זיינע לידער.

דער אָוונט איז פאָרגעקומען אין שמעון מאַרקס גאָרטן „פּאָמול ווערדע". ער איז געקומען אַן אויסגעפּוצטער מיט אַ צילינדער און ווייסע הענטשקעס. דער אָוונט האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ פיאַסקאָ, דער עולם האָט אים ממש אויסגעפייפט. אָבער גאָלדפאַדען האָט זיך נישט איינגעבראָכן, נאָר פאַרקערט, זיין מסקנה איז געווען, אַז ער דאַרף זוכן וועגן צו געווינען דאָס פּובליקום.

ווי שוין פריער דערמאָנט, האָט דער רוב פונעם פּובליקום גע־פאָדערט ביי גאָלדפאַדענען אַ לייכטן און פריילעכן אינהאַלט. גאָלד־פאַדען האָט נאָכגעגעבן און געזוכט זיך צוצופּאַסן צום געשמאַק פון פּובליקום. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז אין דעם רעפּערטואַר פונעם ערשטן עטאַפּ האָט גאָלדפאַדען געגעבן מער דעם אימאַזש פון דעם דעמלטיקן יידישן שטייגער־לעבן. גאָלדפאַדען ברענגט עס אין זיין גאָר אינטערעסאַנטער אויטאָביאָגראַפיע:

„...איר זאָלט אייך אַליין אַרויסזעהן ווי אין אַ שפּיגל מיט זייערע גוטע און שלעכטע זיטן, און איר זאָלט אייך נעמען אַ מוסר און אַליין אויסבעסערן אייערע פעלער, וואָס איר מאַכט צווישן זיך יידן, און סיי צווישן זיך און די קריסטן וואָס איר וווינט שטענדיג מיט זיי אינאיינעם. ווען איר האָט געלאַכט און איר האָט אייך געוויילט פון מיינע קאָמישע וויצן, האָט מיר דעמאָלט דאָס האַרץ געוויינט, אויף אייך קוקנדיג. יעצט, ברידער, נאָט אייך אַ דראַמע, אַ טראַגעדיע פונעם לעבן, וויינט איר, און מיין האַרץ וועט זיך דעמאָלט פרייען".

אין דעם ציטאַט ליגט דער שליסל פון גאָלדפאַדענס פאַרשטיין זיין גאַנג אין דער בינעוועלט. עס אַנטפּלעקן זיך צוויי גאָלדפאַדענס: איינער אין דער ערשטער תּקופה, וואָס שטרעבט זיך צוצופּאַסן צום פּובליקום, אָבער דער ציל זיינער איז פאַרט צו דערהייבן דאָס פּובליקום צו אַ בעסערן און העכערן קולטור־ניוואָ. לאָמיר צום ערשט זיך אָפּשטעלן אויף גאָלדפאַדענען פון דער ערשטער טעאַטער־תּקופה און שפּעטער — אויף דעם טעאַטער פון דער צווייטער תּקופה.

אין זיין ערשטער תּקופה,[7] בעת זיינע באַזוכן אין יאַס, באָטאָשאַן, גאַלאַץ, בראַילאַ, בוקאַרעשט, האָט גאָלדפאַדען געשאַפן פאָלגנדיקע פּיעסן: 1) „די רעקטורטן", 2) „די באָבע מיט דעם איניקל, אָדער באָנציע די קנייטלעכלייגערן", 3) די „אינטריגע, אָדער דוואָסיע די פּלאָטקעמאַכערן", 4) „שמענדריג, אָדער די קאָמישע חתונה", 5) „די קאַפּריזנע כּלה, אָדער קאַבצענזאָן עט הונגערמאַן", 6) „די שטומע כּלה", 7) „איקס, מיקס, דריקס", 8) „די שוועבעלעך", 9) „דער קאָטער", 10) „פיר פּאָר פּאַרצע־לייענע טעלער", 11) „קריינדעלע קאָזאַק", 12) „די כּישופמאַ־כערן", 13) „ני בע, ני מע, ני קוקעריקו", 14) „דער פּאַדריאַטשיק, אָדער די רוסיש־טערקישע מלחמה".

---

7. זע ישׂראל בערקאָוויטש, „הונדערט יאָר יִדיש טעאַטער אין רומעניע", זייט 90.

איידער מיר וועלן זיך אָפּשטעלן אויפֿן כאַראַקטער פֿון די ערשטע פּיעסן פֿון גאָלדפֿאַדען, איז וויכטיק צו באַמערקן, אַז די ערשטע שריט צו גרינדן דעם ייִדישן טעאַטער אין רומעניע האָבן זיך אָנגעהויבן אין די זומער־חדשים פֿון יאָר 1876. אויב אין יאַס איז דער אָנהויב געווען אין שמעון מאַרקס גאָרטן „פּאָמול ווערדע" (דער גרינער בוים), איז אין בוקאַרעשט געווען אַ שטענדיקער ייִדי־שער טעאַטער, און די טעאַטראַלע טעטיקייט האָט זיך קאָנצענטרירט אויף איין פּלאַץ, אויפֿן פּלאַץ „זשיגניצאַ". יוליאַן שוואַרץ,[8] שרייבער און עסייִסט, האָט זייער טרעפֿלעך געמאָלן דעם ערשטן ייִדישן טעאַטער אין בוקאַרעשט, און געבראַכט אַ סך אינטערעסאַנטן מאַ־טעריאַל. אין דער געשיכטע פֿון ייִדישן טעאַטער אין רומעניע, זענען „פּאָמול ווערדע" אין יאָר 1876 און „זשיגניצאַ" אין בוקאַרעשט, די הויפּט־סטאַנציעס.

כּדאַי צו דערמאָנען אַז במשך פֿון דער צייט זענען אויפֿגעקומען אַנדערע אַקטיאָרישע גרופּעס, וועלכע האָבן געשפּילט טעאַטער אין פֿאַרשידענע פּלעצער, אָבער מיר האָבן זיך נישט געשטעלט פֿאַר אַן אויפֿגאַבע צו שרייבן די אויספֿירלעכע געשיכטע פֿון ייִדישן טעאַטער אין רומעניע, נאָר בלויז צו פֿאַרצייכענען די עיקרדיקע פֿאַקטאָרן פֿון דער ייִדישער טעאַטער־אַנטוויקלונג, וואָס האָבן גע־האַט אַ השפּעה אויף דער ייִדישער גאַס. אברהם גאָלדפֿאַדען איז, אָן שום ספֿק, געווען דער פֿאָנען־טרעגער, דער וואָס האָט פֿאַרלייגט די יסודות פֿון דער ייִדישער טעאַטראַליע אין רומעניע.

דאָס דערשיינען פֿון א. גאָלדפֿאַדען מיט זיין ייִדישן טעאַטער און זיינע אַליין־געשריבענע פּיעסן, האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה נישט נאָר אויף די פֿאָלקסמאַסן און אויף די ייִדישע אינטעלעקטועלע קרייזן, נאָר אויך אויף באַשטימטע קריסטלעכע קרייזן. ס'איז באַ־קאַנט, אַז די ערשטע פּאָזיטיווע רעצענזיע וועגן אַ גאָלדפֿאַדענס טעאַטער האָט אָנגעשריבן דער רומענישער נאַציאָנאַלער דיכטער

---

8. יוליאַן שוואַרץ: „ליטעראַרישע דערמאָנונגען", פֿאַרלאַג „קריטעריאָן", בוקאַ־רעשט 1975, זייטן 5—43.

מיכאַיל עמינעסקו. דער פאַקט, וואָס מ. עמינעסקו, וועלכער איז אין יאָר 1876 געווען דער שעף־רעדאַקטאָר פון דער רומענישער אויס־גאַבע „קוריערול פון יאַס״, אַ צייטונג פול מיט אַנטיסעמיטישע אַר־טיקלען און נאָטיצן, האָט זיך באַפרייט פון זיין צייטונגס־אַרבעט, באַזוכט גאָלדפאַדענס פאָרשטעלונגען און אָנגעשריבן אַ פּאָזיטיווע רעצענזיע, באַהאַנדלענדיק די פאָרשטעלונג פון אַ ריין טעאַטראַלן שטאַנדפונקט, — איז אַליין און פאַר זיך אַ וווּנדער. עס קען אויך זיין, אַז דאָס איז געשען צוליב דעם, וואָס אין יענער צייט האָט זיך אויך אָנגעהויבן די ערשטע ערנסטע שריט פון רומענישן נאַציאָ־נאַלן טעאַטער און די אינטעלעקטואַלן האָבן געהאַט אַן אינטערעס צו אָבסערווירן יעדער טעאַטראַלע דערשיינונג ביי זיי אין לאַנד. און אפשר אויך דערפאַר, וואָס דער דיכטער מיכאַיל עמינעסקו איז דערצויגן געוואָרן אין באָטאָשאַן אין אַ ייִדישער סביבה און וואַר־שיינלעך פאַרשטאַנען ייִדיש.[9] יוליאַן שוואַרץ באַמערקט אויך, אַז מ. עמינעסקו האָט געשריבן אַ פּיעסע אין רומעניש: „גאַנויצו דעם טאַטנס״, ווו דער הויפּט־פּערסאָנאַזש „לייזער זאָלסט זיין געזונט״, האָט גאַנצע רעפּליקעס אין ייִדיש.

מיר וועלן דאָ ברענגען טיילווייז די רעצענזיע פון מ. עמינעסקו:

„ייִדיש טעאַטער״. אין אַ גאָרטן אויף אַ גרויסער גאַס (ביי שמעון מאַרקס) האָט זיך געעפנט אַ קליינער זומער־טעאַטער, ווו מען שפּילט אין דער ייִדישער שפּראַך. די טרופּע וועלכע קומט פון רוסלאַנד און באַשטייט פון בערך 16 פּאַרשוין, האָט אַ כאַראַקטעריסטישן רעפּערטואַר, וועלכער באַרירט נאָר דאָס שטובּיקע און רעליגיעזע לעבן פון די ייִדן. אַזוי האָט מען דאָנערשטיק דעם 19טן אויגוסט (1876) געשפּילט: 1. די

9. זע: הונדערט יאָר גאָלדפאַדען (1840—1940), רעדאַגירט פון ד״ר יעקב שאַצקי. אין דעם זאַמלבוך האָט ש״ס ראָמאַן (בוקאַרעשט) פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל: „די ערשטע רעצענזיע וועגן ייִדישן טעאַטער אין רומעניע״, פאַרלאַג „ייִוואָ״, ניו־יאָרק 1940. דעסגלייכן זע: יוליאַן שוואַרץ: „ליטע־ראַרישע דערמאָנונגען״, זייטן 32—34.

וועלט אַ גן־עדן (אַ סאַטיריש לידל), 2. דער פאַרליבטער פילאָזאָף און דער אויפגעקלערטער חסיד (חב"דניק) — דיאַלאָג; 3. דער שווער מיטן איידעם; 4. פישל בעל־עגלה מיט משרת סידר, קאָמעדיע. דאָס שפּילן פון די אַקטיאָרן איז געווען זייער גוט. למשל אין דער צווייטער פּיעסע, האָט דער שוישפּילער, וועלכער האָט געשפּילט אַ חסיד, אַזוי געטריי פאָרגעשטעלט אַ ייִדן אַזוי ווי מיר זעען אים אַלע טאָג, אַ הי־ציקן מיטן איילנדיקן און דריבנעם רעדן, אַן איינגעבילדעטן, גיך־לאַכנדיקן און אַ פינטלענדיקן מיט די אויגן — אַזוי אַז מיר דאַרפן אים אָנערקענען פאַר אַ גרויסן טאַלאַנט. אין דער 3־טער פּיעסע האָט דעם איידעם געשפּילט אַן אַנדער אַקטיאָר, וועלכן מיר רעכענען פאַרן טאַלאַנטפולסטן פון דער גאַנצער טרופּע. ער האָט געשפּילט דעם געפּלעפטן ייִדן, דעם שווער וואָס איז איינער פון די יענע, וועלכע ווילן זייער פאָלק אויס־בילדן. דערפאַר האָט ער גענומען פאַר אַן איידעם אַ ישיבה־בחורל, אַ גרויסן לא־יוצלח און ווערט נתפּעל פון דער תּלמודיסטישער לערע..."

ווען מען דערמאָנט מ. עמינעסקוס רעצענזיע און זיין וואַרעמע באַציִונג צום ייִדישן טעאַטער אין יאַס, דאַרף מען אויך דערמאָנען דעם גענעראַל־דירעקטאָר פון די רומענישע טעאַטערס, צווישן די יאָרן 1877—1881, יאַן גיקאַ, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן פיל פאַר־שטענדעניש פאַרן ייִדישן טעאַטער אין רומעניע. ס'האָט זיך פאַר־בונדן צווישן יאַן גיקאַ און אברהם גאָלדפאַדען אַ גוט־פריינדשאַפט, און גיקאַ האָט גאָלדפאַדענען מיטגעהאָלפן באַלד פון זיינע ערשטע שריט אין זיין בינע־טעטיקייט.

שפּעטער וועלן מיר רעדן וועגן בייטראָג פון שרייבער ג. אַב־ראַמסקי, וועלכער האָט זיך דעמאָלט געפונען אין רומעניע און איז געוואָרן צוגעצויגן פון א. גאָלדפאַדענס ייִדישן טעאַטער. ער האָט אָפּגעדרוקט אין יאַס, אין יאָר 1877, אַ קריטישע אַרבעט וועגן טעאַטער, וואָס איז געשריבן אויף אַ הויכן קולטורעלן ניוואָ.

מען דאַרף אויך דערמאָנען, אַז דער גרעסטער ייִדישער אינטע־

לעקטואַל און תּלמיד־חכם אין רומעניע, ד״ר משה גאַסטער, האָט אין אָנהויב פון 80ער יאָרן פון פריִערדיקן יאָרהונדערט, באַ־גלייט מיט גרויס אינטערעס דעם ייִדישן טעאַטער. ד״ר גאַסטער, דער וועלט־באַרימטער אָריענטאַליסט און פאָלקלאָר־פאָרשער, האָט פאַרעפנטלעכט אין די רומענישע צייטונגען פּאָזיטיווע אָפּשאַצונגען וועגן די פּיעסן פון ייִדישן טעאַטער. ווי באַקאַנט האָט ד״ר משה גאַסטער געקענט ייִדיש און האָט אויך פון צייט צו צייט געשריבן אין ייִדיש.

מיר ברענגען דאָ אייניקע אויסצוגן פון די רעצענזיעס — אי־בערגעזעצטע אין ייִדיש — וועלכע ד״ר משה גאַסטער האָט געשריבן אין רומענישע צייטונגען אין די ערשטע יאָרן וועגן ייִדישן טעאַטער:

„...דאָס איינציקע מיטל ווי אָנצוהאַלטן אַ פאַרבינדונג מיט די פאָלקס־שיכטן, צו דערגרייכן אַ זיכערן וועג, צו פאַר־שפּרייטן אין פאָלק סיי בילדונג, סיי געשיכטע...״

„...נישט מיט פאָראורטיילן דאַרף מען אַנטקעגנקומען דעם ייִדישן טעאַטער, נאָר מיט וואָס עס כאַראַקטעריזירט דעם גע־בילדעטן מענטש — — מיט מידת־הרחמים, אינדולגענץ און מיט אָנערקענען דעם אמתן נוצן וואָס עס ברענגט די אַר־בעטנדיקע שיכטן און אויך אַנדערע, אַ ביסל העכערע, ווייל דאָס מזל האָט זיי צוגעשפּילט, ווייל זיי האָבן מצליח געווען...״



לויט דער אויבן געבראַכטער רשימה פון גאָלדפאַדענס אויפ־געפירטע פּיעסן אין דער ערשטער תּקופה פון ייִדישן טעאַטער, שטעלט זיך די פראַגע: וואָס פאַר אַ טעאַטער האָבן מיר פאַר זיך? וואָס איז זיין טעמאַטיק, די שפּראַך, די אַרטיסטן, דער קולטור־ניוואָ בכלל? כּדי דער ענטפער זאָל זיין אַ קלאָרער וועלן מיר ברענגען אַ ריי אויסצוגן פון די פּיעסן.

אָט זענען אייניקע ציטאַטן פון דער קאָמעדיע „שמענדריג אָדער די קאָמישע חתונה״:

**ברײנע:** (אַלליין) פאַר מיין בן יחידל פאַר מיין שמענדריגען מיין קאָפּ זאָלל ער מיר איבערלעבין, מיין זיידען קינד; טאַקי נור אַמאַמע איז אַמבין אויף אים; שונאים ניט פאַרגינער קריכט דאָך דיא אויגען אַרויס אַז זיי זעהן איהם ווי ער וואַקסט. אָהן עין הרע וויא אויף הייוועז — זאָגן זיי: ער איז אַנאַרר, אונ אַנאַרר וואַקסט, — וואַקסען זאָלל ביי זיי האָרנער אויפן שטערן, רבונו של עולם אַנאַרר איז ער, אין זייערע יאָהרן וועט ער קליגער זיין וויא זיי, דערווייל איז ער דאָך נאָר אַקינד, ערסט היינטיגען סענאַ קאָס בר מצוה געוואָרן אָבער אַנאַרר איז ער? נו, וועט עס זאָגען אַנאַרר? איך פרעג אים: שמענדריג׳ל, ווען ווילסטו בעסער פאַר אַ כלה דעם פעטער זרח׳ס שוואַרצע מיאוסע מויד, אָדער רבי יצחק פרנס חודש׳ס טאָכטער וואָס זיא איז אַשאַנע אַקלוגע אונ אַוואויל געלערנטע? אַשאַנע, אַקלוגע וויל איך! האָט מיר מיין חכם געאַנטווערט, נו האָט ער ניט שכל פון אַ בר דעת, סטייטס שמענדריג׳ל זאָג איך, אָבער צירעלע דעם פעטער זרח׳ס האָט דיך דאָך ליב, אונ דער זיידע עליו השלום האָט דאָך צואה געלאָזען אַז דוא זאָללסט זיין צירעלעס חתן? אַנטווערט מיר מיין קרוין: וויסטו וואָס מאַמע, איך וויל ביידען צירעלע וועט זיין מיין כלה, ווי דער זיידע וויל אונ דיא שאַנע כלה וועט זיין מיין כלה ווייל זיא איז אַשאַנע כלה! נו, שונאים, פלאַצט! וואָלט אַנאַרר דאַרויף שכל געהאַט? אַ קלוגער ווייס אין צווייען איז שטאַרקער.

*

**ברײנע:** אַט האָסטו דיר גאָר אַנייען מחותן נאָך וועניג האָב איך פון דיר, שטיק שלאַג איינער, וואָס דוא ביזט מיין ברודער, ווילט זיך דיר נאָך גאָר ווערן מיינער אַ מחותן?

האָסטו געהאַרכט וואָס אַזאַ קאָנן זיך אָנמעסטען?

**זרח:** וואָס? געפאַללט דיר אפשר ניט מיין יחוס?

**ברײַנע:** גענוג פאַר מיר דיין יחוס וואָס דוא ביזט מיין ברודער, וואָס נאָך אָבער ווילסטו פון מיר?

**זרח:** גאָר נישט, גאָר נישט שוועסטער לעבען, איך וויל גאָר נישט, נור איך זאָג דיר, אַז דוא פאַרגעסט פון דיין הצלחה וועד דוא ביזט!

**ברײַנע:** ווער בין איך דענן?

**זרח:** דיא ביזט ברײַנע, ברײַנע דיא אַרענדאַרקע, ברײַנע דיא נגידה, ברײַנע דיא קלוגע אַלץ ביזטו, ברײַנע; אָבער דוא האָסט פאַרגעסן, אַז ביזט דעם טאָטנס אַקינד, איך מיין: דוא געדענקסט ניט, אַז גלייכע קינדער זענען מיר ביידע געוועזן, אין גלייכע אָרעמקייט זיך געהאָ־דיוועט און אין גלייכע קבצנות חתונה געהאַט, נו, דיין מזל איז בעסער געוועזן פאַר מיינעם און גאָט ברוך הוא האָט דיך געהאָלפן, דוא ביזט איצט אַשטיקל נגידה, דאַנק איהם און לויב איהם פאַר זיין חסד, אָבער צוליב דעם דאַרפסטו נישט פעררייסען דיינע אויגען צו קוקען צו הויך און זיך אָנמעסטען וואָס דיר פּאַסט ניט. קורץ גערעדט, איך בין צו דיר געקומען האָרן פון דיר קלאָרע דיבורים: וואָס קלערסטו מכח שמענדריגען חאָטש ער איז נאָך אַ קינד און מיין צירעלע איז מיט דריי יאָר עלטער פאַר אים. אָבער וואָס זאָלל איך טהון, גאָט האָט מיך געשטראָפט איך האָב ניט אַבכבוד שטיקעל ברוידט איהר צו געבן און מיט וואָס איהר חתונה צו מאַכען בודאי ניט אייביג זיטצען קאָן זיא ניט, אַ יידישע טאָכטער טאָר נישט פערזעסן ווערן.

*

**ברײַנע:** דוא מיינסט מיך צו ירש'ן, אָט וואָס דוא מיינסט, נור וואָס טויג מיר דיין צירעלע, אַז איך קאָנן מיך איינקוי־

פען אין גראָסטען יחוס און געבען מיין שמענדריגען אַ כלה רבי יצחק פרנס חודש׳ס אַטאָכטער, אַכלה אַ בריליאַנט, געלערנט, און שאַן, און קלוג, שאַנע מחו־תנים, אַגאָלדענע משפחה, איך קאָנן דער הויכט ווערען, ברודערקע, פאַר וואָס זאָלל איך קריכען צוריק אין דער בלאָטע פון וועלכער גאָט האָט מיך אַרויס געהעבען?

*

**ברײנע:** שמענדריג! שמענדריגעל, מיין לעבען, קום אַריין־גיכער זוהנענאָ!

**שמענדריג:** (פון הינטערען דער סצענע) ה אַ אַ אַ.

**ברײנע:** קום זשע זוהנענאָ! קום נחת האַרן!

**שמענדריג:** (פון הינטערען דער סצענע) מאַמע! מאַמע!

**ברײנע:** וואָס ווילסטו, מיין קרוין, מיין קדשל?

**שמענדריג:** קום דוא צו מיר, איך האָב קיין צייט ניט!

**ברײנע:** וואָס האָסטו דאָרט צו טהון, מיין קרוין? קום אַז אַמאַמע רופט דאַרף מען אַריינגעהען.

**שמענדריג:** איך האָב געחאַפט אַ ביהן, האָב איך איהם אַריינגע־זעצט אין אַגלאָז און איבערגעקערט מיט דער דעק אַרויף, דיא גלאָז, מאַמע, האָב איך איבער געקעהרט, ניט די ביהן, וואַרט איך זיא זאָל אָנמאַכן האָניג, וועל איך לעקען, מאַמוניאַ!

**ברײנע:** וועה צו מיינע יאָהרן, די ביהן וועט איהם נאָך אַ ביס טהון! קום אַריין שמענדריג, גיכער, איך וועל דיר אָנזאָגען אַ בשורה וואָס איז זיסער ווי האָניג, קום זשע גיכער.

**שמענדריג:** איך האָב מורא, פייווישל וועט דערווייל דאָס גאַנצע האָניג אויפעסן!

*

בריינע: ער איז ניט קיין רבי, אַ שדכן איז ער, און וויל דיך פיהרן צו דיין כלה.

שמענדריג: צו צירעלען?

בריינע: ניין, צו רבי יצחק פרנס חודש'ס רייזעלען, מיין ברי־ליאַנט קינד.

שמענדריג: קום דוא אויך, אַלליין וועל איך ניט געהן.

בריינע: ניט אַלליין, מיט רבי פתחיהן, געה מיין זוהן, גיב אימם שלום עליכם!

(שמענדריג געהט צו צו רבי פתחיה'ן, וועלכער איז איינגעשלאָפען געוואָרען ער וועקט אים)

שמענדריג: נאַט אייך שלום עליכם!

(פתחיה שלאָפט ווייטער און חראָפּעט אַ ביסעל)

שמענדריק: (שפּאַרט איהם זיין אויסגעשטרעקטע האַנד) נאַט אייך שלום עליכם! (ער שרייט האָבער) נאַט אייך שלום עליכם! מאַמע ער איז אַ טויבער, נאַט אייך שלום עליכם!!!

פתחיה: (חאַפּט זיך אויף און שטויסט אים אָפּ) וואָס ווילסטו שייגאָץ?

שמענדריק: איר זייט אַלליין אַ שייגאָץ, נאַט אייך שלום עליכם און פיהרט מיך צו מיין כלה!

(פתחיה צוכעט זיך אויס, רייבט אויס די אויגען, געהט צו צום פענצטער, וואַשט די האַנד און ענטפערט)

פתחיה: עליכם שלום, מיין זוהן, אַזוי, אַזוי, אָט טאַקע אַזוי האָב איך ליעב, אַ יונגעל אַ חתן דאַרף זיך ניט שעמען, בריינע, אייער שמענדריג אָהן עין הרע, איז שוין גאָר ניט אַקינד, וויא איך זעה! ווי אַלט איז ער?

שמענדריג: איך בין ניט אַלט, איר זענט אַלט, דאָס דערקען איך פון אייער לאַנגע באָרד, קומט צו דער כלה, ניט צו צירעלען.

פתחיה: וואַרט אַ ווײלע, האָב צייט, איך האָב אויף דיר לאַנגער געוואַרט.

**שמענדריג:** מאַמע, ער וויל ניט געהן, אי, איך ווייס, דו האָסט מיך אונטער געגנאַרט. ער איז גאָר אַ רבי, קום פּייווישעל לאָמיר געהן חאַפּען אַביהן.

✶

**ר' יצחק:** (ראָזע קומט אַריין) רייזעלע, מיין טאָכטער, זאָג מיר מיין ליעב קינד דוא האָסט נאָך ליעב דיין אַלטען טאַטען?

**ראָזע:** פּאָטער, וואָס איז דאָס פאַר אַפראַגע? ווענן האָב איך דיך ניט ליעב געהאַט?

**ר' יצחק:** יאָ, אַללע מאָל מיין קינד, איך ווייס עס, אַללע מאָל האָסטו מיך ליעב געהאַט, נור איצט? איצט מיין קינד?

**ראָזע:** וואָס איז איצט אַנדערס דענן, ליבער פּאָטער? אָך איצט ליעב איך דיך נאָך מעהר, נאָך מעהר וויא אַללע מאָלל.

**ר' יצחק:** ניין, איצט דאַרפסטו מיך פיינט האָבען, איצט בין איך ניט ווערטה מעהר, מיין גוט קינד זאָלל מיך ליעב האָבען. דען איך בין אַשלעכטער אונגעטרייער פּאָטער געוואָרן, איך האָב געגען דיר געטהון אַזוינס וואָס אַגעטרייער פּאָטער דאַרף זיין קינד אַזיינס ניט טהון.

**ר' יצחק:** (רבי פּתחיה דער שדכן קומט אַריין) אָט איז ער, דיין פערקויפער!

**פּתחיה:** אַ גאָט העלף אייך רבי יצחק!

**ר' יצחק:** (זעהר קאַלט) שָלום עליכם אייך, רבי פּתחיה, וואָס גוטס וועט איהר זאָגען?

**פּתחיה:** וואָס גוטס? איך חאַפּ אייך אָן אַז אַלץ איז גוטס! אַלץ זאָג איך אייך איז גוט און איך האָב אייך געבראַכט אַ בשורה אויך אַ גוטע חאַפּ איך אייך אָן! אָט כדומה למשל חאַפּ איך וואָלט איהר זאָגען אַז איך וואָלט אָנזאָגען אַז אייער מחותנת'טע רבי יצחק, און דיין חתן רייזעלע חאַפּ איך דיך אָן — איז געקומען?



**ראָזע:** (אַלליין) אַ אונגליקליכער פּאָטער, ווי וויינט מיר מיין האַרץ קוקענדיג אויף דיר! איז דאָס הויז? איז דער מענש וואָס אַמאָל געווען? ניט זאָרג. לאַנג וועל איך ניט לעבען, גיך. נאָך גיכער פאַר דיר אפשר וועט מיין ליעבענד האַרץ אין מיר אויפהאָרן צו ליידען. אָ, שוין דריי יאָהר אַז איך ליב דוד'ן, מיין ליעבען טהייערן דוד'ן! נור ער האָט מיך פערגעסן און ליעבט מיך מעהר ניט, זאָנסט וואָלט ער חאָטש געשריבען, איך האָב גענוג געוואַרט אויף איהם, מיין האַרץ אין מיר איז שוין פאַרפוילט געוואָרן וואַרטענדיג און באַנ־גענדיג, איך פיהל אַז ניט פיעל איז מיר נאָך געבליבען צו לעבען לאָם איך חאָטש ווי לאַנג איך לעב נאָך מיין אַלטען אונגליקלעכען פּאָטער זיין לאַגע פאַרבעסערן, ער זאָלל חאָטש אין נויטה און צרות ניט דאַרפען קלאָגען נאָך מיר. יאָ קללאָגען וועט ער אָבער זאָלל ער קיין הונגער ניט ליידען!



**שמענדריג:** מאַמע, מאַמע, קום אַהער.

**בריינע:** (לויפט צו) וואָס איז מיין קינד, וואָס דאַרפסטו מיך?

**שמענדריג:** טרעף מאַמע, ווער איז דאָס? ער ווייזט אויף זיין כלה.

**שרייבע:** דיין כלה, דיין ווייב, זונינאָ.

**שמענדריג:** ניין, ניט מיין כלה, טרעף אדרבה.

**בריינע:** וואָס רעדסטו נאַרעשקייט? עס דיא גילדערנע יוך!

**שמענדריג:** (קוקט זיך איין אין טעללער) ניטאָ דאָ גאָר קיין גאָלד, דוא נאַררשט מיך אָפּ מאַמע, דוא זאָגסט, דוא וועסט מיר געבען אַ כלה, אונ גיסט מיר גאָר ניט מיין כלה, איצט זאָגסטו איך זאָלל עסען גאָלדענע יוך, אונ עס איז גאָר קיין גאָלד ניטאָ.

**ברײנע:** אַכלה האָב איך דיר געגעבן, גאָלד וועט גאָט געבען.
**שמענדריג:** מאַמע, דוא טרעפסט טאַקי ניט, ווער דאָ זיצט פאַר־
בונדען דיא אויגען, אַהאַ, איך האָב פרעהער געטראָפן.
איך האָב אַ קוק געטהון, ווייס איך טאַקי אַז דאָס זיצט
צירעלע און מיין כלה איז טאַקי ניטאָ.

✶

מיר וועלן דאָ ברענגען אייניקע ציטאַטן פון דער באַרימטער אָפּערעטע „די כּישופמאַכערין״:

**האָצמאַך:** נאַ וועל איך אייך זינגען „דער רוח זאָל מיך נעהמען״
(זינגט אויף דער שמחה פון מירעלען)
דיא מענשען זענען היינט פאַלש און פאַרשטעלט
אין דער מיינונג איז אַיעדער פערשיעדען:
מיטן מויל רעדט מען גיט גאָר איינס אין דער וועלט,
און אין האַרצען איז מען און־צו־פרידען:
אייער פריינד וועט דוקא ניט זיין אַזוי פויל
בייא זיך אין שטוב אייך שעהן אויף צו נעהמען,
פריינדליך וועט ער ריידען צו־נ־אייך מיט'ן מויל
און זיך טראַכטין „דער רוח זאָל אייך נעהמען״.

✶

צו זיינעם אַ בעל חוב קומט איינער אַריין
און פאָדערט זיין וועקסעל קוויטירען,
דער בעל חוב נעהמט איהם אויף לפּנים גאַנץ פיין
אין הייבען אָןביידע דיסטורירען,
„מיין וויזיט״ — זאָגט דער קרעדיטאָר — „געפעהלט
אייך גאָר ניט וואָהל״
„זאָגט דעם אמת איהר האָט אייך ניט צו שעהמען״
„זעהר איינגענעהם״ — ענטפערט איהם דער בע״ח
מיטן מויל
און טראַכט זיך, „דער רוח זאָל איהם נעהמען״.



**מירעלע:** אָה ניין! געטרייער פאָטער! עס איז שוין ניט מעהר די געטרייע בתיה וואָס האָט מיט אונדז אַמאָהל אין שכינות געוואָהנט, פון איהר איז יעצט געוואָרען אַשלעכטע בייזע שטיעף מאַמע, אַז איך קען שוין מעהר פון איהר ניט אויס האַלטען, איהר טאָכטער איז יעצט די בת יחידה, און מיט מיר אַרבייט זיא נאָך ערגער וויא מיט איין אייזעל, איך מוז זייא בעדינען. דאָרך די נעבכט לאָזט זיא מיך ניט שלאָפען, שיקט מיך אַרום אין גרעסטע רעגינס, אין דיא גרעסטע קעלטען. זידעלט מיך, שעלט מיך, שלאָגט מיך, מוטשעט מיך ביז צום טויט אום איך וויים ניט פאַר וואָס. — אונ דאָ האָב איך קיין איינציגען גוטען פריינד פאַר וועמען מיין שווער ביטער האַרץ אויס צו דער ציילען, מיין חתן איז אַוועק געפאָהרען טאָמער וועט ער קענען אויסווירקן מען זאָל מיין פאָטער בעפרייען, אַזוי בין איך געבליבן עלענד, איך אונגליקליכע יתומה... אַה! גיסט טרערין! רינט וויי ווייט איהר קענט טאָמער וועט איהר מיר קענען גרינגער מאַכען אויף מיין שווער ביטער האַרץ!...



**בתיה:** (פאַר זיך אַלליין) נאַ נאַ, נאַ דיר אַ מויד אויף מיין קאָפּ (פויזע) מען מוז אָבער היינט זעהן מאַכען אַנעק מיט איהר איך וועל איבעררעדען מיט דיא באָבע יאַחנע, זיא וועט מיר דיא בעסטע עצה געבען, אַ מעהר וואָס קען דאָס זיין וואָס זיא איז נאָך נישטאָ? (זיא קוקט זיך אַרום לינקס) דאַכט מיר איך הער עמיצען געהן דאָרט? האַ האַ! דאָס איז זיא אָט־אַ פנים, קאָם וואָס זיא שלעפט זיך די אַלטע מכשפה

(הויך) קומט אַריין באָבע, יאַחנע, האָט קיין מורא ניט, עס איז קיינער ניטאָ אין שטוב.

✶

**באָבע יאַחנע:** ווילסט זיא פּטור ווערין? בע! דאָס איז אויך אַ קלייניקייט, צו דעם וועט מען מן הסתם דיא באָבע יאַחנע אויך אויס זוכען עפּעס אָמין „כישוף״ (טהוט אַ שמעק טאַביקע, קלערט אייניגע מינוטען — נאָכהער גיט זיא פּלוצים אַ חאַפּ אָן בתיה׳ס האַנד, און זאָגט מיט פרייד) בתיה? ס׳איז שוין דאָ נאָך אַ כישוף! דוא ווילסט זיך זיא אין גאַנצען פּטור ווערין (בתיה שאָקעלט מיטען קאָפּ אַ צייכען אויף „יאָ״) הער זשע מיך אויס, דוא שיק זיא מיר היינט אין מאַרק אַריין, און דאָס געלט וואָס דוא וועסט איהר דאַרפען מיט געבין זאָלסטו עס איהר טאַקע אַליין אַריין לייגין אין קעשענע און טאַקע מיניה וביה בייא איהר עס צוריק אַרויס נעהמען, אַזוי אַז זי זאָל עס גאָר ניט באַמערקין, פאַרשטעהסטו? איך דאַרף דאָך דיך קיין סאַך ניט לערנען וויא אַזוי עס צו טהון. אויף אַזוינע זאַכען, ווייס איך דאָך, ביסטו דאָך תמיד אין בריהטשקע געוועהן. נאָ און דער נאָך אַז זיא וועט קומען אין מאַרק אַריין און וועט ניט האָבען צו באַצאָהלען פאַרן פלייש, וועט זיא דאָך מן הסתם אַהיים מורא האָבן צו קומען, וואָרום זיא קען דאָך דיך שוין וואָס בעסער אין גיהנם אַריין צו פאַלען.

✶

(מירעלע ווען זיא דאַרף באַצאָלן פאַרן פלייש, דער־זעט זי אַז מען האָט איר באַגנבעט. זינגט זי מיט טרערן)

**מירעלע:** אוי איהר יודען בני רחמנים!

אַגוט האַרץ איז דאָ בייא אייך! —
בייא אייך איז גענוג דינים,
פסקנט מיר אויב דאָס איז גלייך?
פאַר וואָס לאָזט מען געוועלטיגען דאָרט איינער...
און אויף אַ יתומה קוקט זיך ניט אום קיינער?
אוי איהר יודען בני רחמנים
אַגוט האַרץ איז דאָ בייא אייך! —

מירעלע: נאָ און איך בין געבליבן ביי אַ שטיעפמאַמע — זיא שלאָגט מיך, הרגעט מיך, מוטשעט מיך ביז צום טויט! איצט האָט זיא מיר מיט גענעבען געלד אין מאַרק אַריין אויף איינצוקויפען, האָט מען עס בייא מיר געגנבעט, האָב איך מורא אַהיים צו געהן, דיא שטיעפמאַמע וועט מיך דערהרגענען (וויינט).



באָבע יאַחנע: וואָס פאַר אַ שטיעפמאַמע? וועה איז מיר! אברהמצי האָט אויך ניט געהאָט וואָס צו טהאָן, נאָר חתונה האָבען אויף דער עלטער. — פינצטער איז מיר! אַזוי נאַקעט, דוא קענסט דאָך נאָך אַזוי פאַר־פרוירען ווערין אָן אַ שאַלעכען — קוק אָן, אָן שיך אויך? און וועה איז דיין מומען! (נעמט אַרויס פון אונטערין שאַל אַפּאָר אַלטע שקראַבעס, גיט זייא מירעלען אָן צו טהון) נאָ, טהוא אָן דערווייל די שקראַבעס, וואָס איך האָב זייא טאָקע ערשט דאָ אויפ׳ן מאַרק געקויפט, און קום צו מיר אַהיים!... וועסט זיך בייא מיר אַביסעלע דערוואַרעמען, דערנאָך וועל איך דיך אָפּפיהרען אַהיים, און איך וועל מיך שוין מיט דער שטיעפמאַמען דיינער גוט אָפּרעכענען (נעמט אַראָפּ פון זיך דעם שאַל און גיט איר) נאָ טהו אָן דעם שאַל, זאָלסט דערווייל ניט דערפרוירען ווערין,

און קום שוין מיט מיר אַהייט און וועה איז דיין מומען (זייא געהןביידע אַוועק).



מיר האָבן געבראַכט גרעסערע אויסצוגן פון א. גאָלדפאַדענס ערשטע פּיעסן, וואָס געהערן צו דער קאַטעגאָריע „פאָלקסטימלעכע שאַפונגען", וועלכע האָבן געהאַט פאַר אַ ציל מערער צוציִען די פאָלקסמאַסן צום יִדישן טעאַטער. קלאָר אַז די געבראַכטע אויס־צוגן פון „די באַבע מיטן איינקל", „שמענדריג" און „די כּישוף־מאַכערין" זענען בלויז אַ קליינער טייל פון די פּיעסן. מיר וועלן אָבער מיט זיי באַווייזן, אַז אין דער אַנטוויקלונג פון דער יִדישער שפּראַך אין רומעניע שטעלן אָט די פּיעסן פאָר אַ באַדייטנדיקן פאָרשריט. די שפּראַך איז אַ קלאָרע מיט ווייניק דייטשמערישע אויסדרוקן, כאָטש אברהם גאָלדפאַדען, ווי עס איז באַקאַנט, איז נישט אויסן געווען צו שלייפן דאָס יִדישע וואָרט. גאָדפאַדענס דראַמאַטורגיע האָט אויך געהאַט אַ דערציִערישע ווירקונג. זי האָט געהאָלפן אַריינברענגען אין די יִדישע היימען אַ פאַרבעסערטן ריינערן יִדיש.

אַ יאָר נאָך דעם ווי גאָלדפאַדען האָט אָנגעהויבן שפּילן יִדיש טעאַטער אין רומעניע, איז דערשינען די בראָשור פון ג. אַבראַמ־סקי,[10] אין וועלכער ער אַנאַליזירט פּילזייטיק די פּיעסן פון גאָלד־פאַדען, נישט שוינענדיק נישט דעם פּראָפעסער און נישט די שפּילער.

כאָטש ג. אַבראַמסקי שרייבט אין אָנהייב פון דער בראָשור:

„דאַנק אונד לויב השי"ת וואָס מיר לעבען אין אַזאַ גליק־לעכער צייט וואָס מיר יודען האָבען זיך דער לעבט, אַז מיר

10. ג. אַבראַמסקי: „במה — ישחק או גי־חיזיון", סאלאן „פאמא ווערדע" בקרת מאת הרואה אברם־הגרשוני לבני־קהת. דערשינען אין יִדיש אין בוקאַרעשט, אין יאָר 1876.

זאָללען האָבען אַ־נ־אייגין טעאַטער, ווי מען שפּיעלט יודע־שע פּיעסעס, פאַרפאַסט פון אַ יודעשען מחבר!״...

אָבער נאָך זיינע ברייטערע אויפקלערונגען וואָס ס׳איז אַזוינס טעאַטער, דראַמע, קאָמעדיע, וואָדעוויל, ווי אַזוי ס׳דאַרף זיין אַ יידישער טעאַטער, וואָס מען שפּילט און ווי אַזוי מען דאַרף שפּילן, ווען עס קומט צו אַנאַליזירן גאָלדפאַדענס פּיעסן, איז ער קריטיש און מאַכט בייסיקע באַמערקונגען. עס מאַכט דעם איינדרוק, אַז מיט קליינע אויסנאַמען, געפעלן אים נישט די גאַנצע סעריע פּיעסן וואָס א. גאָלדפאַדען האָט פאַרפאַסט און אויפגעפירט.

ג. אַבראַמסקי שטעלט זיך אָפּ אויף יעדער פּיעסע באַזונדער און באַהאַנדלט קריטיש די אויפפאַסונג פון דער זאַך, די טיפּן, די אויפפירונג בכלל. למשל וועגן „שמענדריג״ שרייבט ער:

„לאָמיר זעהן אָב עס איז ריכטיג, איז דאָס כאַראַקטע־ריסטיש, און צי עס פּאַסט אַזעלכע פאָרשטעלונגען צי דער יעצטיגער צייט? אום אַללעס קלאָהר צו שטעללען מוס איך שפּרעכען פון יעדער איינצעלנע פּערזאָן. איך וועל זייא אויך נעהמען זאָ וויא זייא קאָממען פאָר אין דער קאָמעדיע, שטרעבען אָבער פון דיא פּערזאָנען מוס מען זיך אַריבער טראָגין קיין פּולין אין רוססלאַנד, דענן היע אין רומעניע, — דיינקע איך — אָבער אַפילו אין נייע רוססלאַנד, פינדען מיר ניט אַזעלכע פּערזאָנען...״

ער ווייזט אָן אויף די נעגאַטיווע אויסווירקונגען פון די דאָ־זיקע פאַרקריפּלטע כאַראַקטערן אין גאָלדפאַדענס פּיעסן.

דאָס זעלבע שרייבט ער וועגן אַלע איבעריקע קאָמעדיעס אָדער וואָדעווילן ווי: „איקס, מיקס, דריקס״; „קאָטער״, „שוסטער און שניידער״, „אַ גלאָז וואַסער״, „דער לעבעדיגער טויטער״ און אַנדערע, און ער שטרייכט אונטער:

„דאָס זיינען ניט אויף יודעשען באָדען געוואַקסען, מיר שיינט אַז דער פאַרפאַססער האָט עס גענאַשט פון פראַנ־

צעזישע אָבגעשמאַקטע וואָדעווילין, און האָט אונז יודין טראַקטירט אַלס לעקערייען, מיט זיי, און נאָך זיין מיינונג נאָך ווירד איהם דאָס יודישע פובליקום עוויג דאַנקבאַר זיין דאַפיר, און ער ווירד אונשטערבלעך בלייבין. (מעהר אַ שלעכ־טע מיינונג פיר אונז יודען!) אַז איך האָב בייגעוואָהנט, בשעת מען האָט געשפיעלט, האָב איך מיך דערמאָנט אָן צירק וואָ מען שטעלט פאָר פאַנטאָמינעס, וואָ עס קומט אויך פאָר אַז מען בעהאַלט זיך אין אַ פאַס מיט מעהל אונטערן טיש, אין דעס גלייכין, אָבער ניט אויף אַ טעאַטער. אין דיא אַללע שטיקלעך קיממען אַללע פיר פאַיאַצין פאָר אָבער ניט פאָר פערזאָנען, מען זאָל קענען זאָגין: אָט דער איז אַ מענש וויא געוואָהליך; פאַנטאַזיע, בילדער אונד ניכט מעהר!"

ביים באַהאַנדלען די פיעסן: „מומע סאָסיע", „די שטומע כלה" און די „אינטריגע", שטעלט ער זיך ספּעציעל אָפּ אויף „מומע סאָסיע" און ער שרייבט:

„דיא מומע סאָסיע" איז דאָס בעסטע וואָס ה. ג. פּ. האָט געשאַפען פיר דער סצענע. דאָ באַגעגנין וויר שאָן מענש־ליכע געשטאַלטען, נאַהע אָן דער ווירקלעכקייט, אָב וואָהל זינד נישט יודישע קאַראַקטערען, נאָר דאָס בין איך ניט אויסין. דאָ ווירד פאָר געשטעלט איינע פרוי וויא מען רופט עס אָן: וואָס זיא געהט אין ספּאָדאָק, דער מאָן ליגט בייא איהר ניין איילן אין דער ערד."

„אויך די אַקטריסין האָט זיא צימליך פאָר געשטעלט, אָבוואָהל אַביסיל איבער געזאַלצין, נאָר ניט קשה, מען קען שאָן מיט אַזאַ שפּילין צו פרידין זיין, אין ווירקליך עס האָט מיך געפרייעט זעהן אַ יודישע פרוי פאַר שטעהט וואָס דער פאַרפאַססער האָט געוואָלט פון איהר, אין האָט איהר ראָללע גיט פאַרשטאַנדען. מיר קענען האָפפין אַז אין אַ זעלבע ראָללען וועט זיא אימער זיך אויסצייכענען..."

דאַקעגן „די שטומע כלה״ רייסט ער אומברחמנותדיק אַרונ־
טער:

„נאָר דאָס אַללעס איז נאָך גאָלד געגען דעם וואָס איך האָב שפּעטער בייגעווייאָהנט. זיין „שטומע כלה״ איז איינע עקעלהאַפטע איינע... איך קען מיר ווירקליך קיין וואָרט צי קלויבין איך זאָל עס קענין אָן רופין. איך ווייס ניט ווער איז דאָ משוגע צי דיא וואָס קימען פּאָר אויף דער סצענע, צי דיא שפּיללער זאָמט פּערפאַססער וועלכע שפּילין, אין וועל־כער האָט אַזוינס אָן געשריבין. איך שווער אייך, ליעבע לעזער, דאָס איך אין פיעלע אָנוועזענדע, האָבין ניט געקענט אָן ווידער ווילין דאַס אָנזעהן. אַז איך דער מאָן זיך אָן דעם אויף טריט, בין איך אויסער זיך וויא בערעכינט מען ניט אַז צי ווישין דיע בעזוכער געפונין זיך מענשין וועלכע בעזיטצין איין עסטעהטישעס געפיהל וועלכער קען פאַרלעצט ווערין פאָן זאַלכע אַקטען! אָדער האָט שאָן דער אינטערעס זאָ פּערדאַרבען דעם פּערפאַססערס געפיהל אונדז רעכנונג אַז ער קען עס גאָר ניט בערעכינין אַז ווען ער וועט עפּטער מיט אַזעלכע קאָמעדיען פאָר קאָממען, וועט ער אויף לעצט קענען פיר זיך אַליין שפּילין! אָדער דאָס קלאַטשין פון דעם פּאַביל האָט איהם דעם קאָפּ אַזוי פאַרדרייט, אַז ער דיינקט, אַז יעדע זאַך וואָס וועט נאָר שטיין אויף געשריבין „פאַר פאַסט פון ג. פ.״ וועט שאָן בייפאַל ביי יעדען פינדען...״

נאָך די אַלע קריטישע באַמערקונגען, גיט ער אַן עצה גאָלד־
פאַדענען:

„אויף לעצט גיב איך אייך מיין ראַטה ה. ג. פ. פרייליך אויב איר וועט איהם וועלין אָן נעהמען, אויב איהר ווילט יאָ געלד פאַר דינען אין דעם פובליקום פערגינען צי טהיי־לען, ד.ה. ער זאָל קענען עטליכע שטונדען אַבנדס זיך צי

שטרייען, אין זיך גיט אָן לאַכין (וויא עס שיינט איז דאָך דאָס אייער צוועק) שפּילט בעסער זאַלכע שטיקליך וויא „אַ גלאָז וואַסער", דער לעבעדיגער טוידטע", „שוסטער און שנייר דער", אין ד. ג. וויא עס קאָממען פאָר שיינע לידליך מיט פערשידענע פּאַססען, אָב וואָהל זייא האָבין קיין אינהאַלט, דאָך פערלעטצען זיי דאָס געפיהל ניכט. נאָר פון קאָמעדיען בעפרייט אונז..."

און ג. אַבראַמסקי פאַרענדיקט:

„דער ווייל אַדיו מיינע ליעבע לעזער, אין גיכין האָפּפע איך הערין מיט אייך פון די נוטצען וואָס ה. ג. פּ. בריינגט דעם פּובליקום מיט זיין שפּיללען. דאָך ראַטהע איך יעדען ווער עס וויל לאַכען און פאָר בריינגען איין אַבענד זאָל ער פלייסיג „פּאָמאַ ווערדע" בעזוכען."



אין אברהם גאָלדפאַדענס כּתבים האָבן מיר נישט געפונען קיין קלאָרע תּשובה אויף אַבראַמסקיס קריטיק. מיר ווייסן נאָר, אַז גאָלדפאַדען האָט ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן זיך אויסגעדריקט, אַז ער איז געווען געצוווּנגען צו ברענגען פאַר די פאָלקסמאַסן פון רומעניע אַזעלכע לייכטע שאַפונגען, וואָדעווילן, פרייַלעכע לידלעך, כּדי צוצוציִען זיי צום ייִדישן טעאַטער און דערהייבן זי צו אַ בעסערן געשמאַק.



ס'זענען אַריבער 50 יאָר, זינט דער עד־ראיה ג. אַבראַמסקי האָט אין די יאָרן 1876—1877 געזען אין יאַס גאָלדפאַדענס ערשטע פּיעסן און געשריבן וועגן זיי זיין קריטיק. איז געקומען יחזקאל דאָברושין [11] 50 יאָר שפּעטער און האָט אין זיין עסיי „גאָלדפאַדענס

11. זע „טעאַטער־בוך", קיִעוו 1927, נר. 9. זייטן פון 20.

דראַמאַטורגיע" אונטערגעשטראָכן, אַז עס איז נישט קיין צופעלי־קייט וואָס גאָלדפאַדען האָט לכתחילה געשאַפן זיין טעאַטער־רעפּערטואַר פון לייכטע מוזיקאַלישע לידער־פּיעסן, אָט די פאָרם דאָמינירט אין אַ גרויסער מאָס ביז היינט צו טאָג אינעם ייִדישן טעאַטער. די דאָזיקע פאַרבינדונג פון זינגערישן און שוישפּילערישן עלעמענט איז אַריין אין פלייש און ביין פון ייִדישן טעאַטער און מיט דער צייט איז עס געוואָרן זיין הויפּטצייכן. דערפון נעמט זיך אויך וואָס גאָלדפאַדען האָט אַזוי גערן מאָבּיליזירט זיינע שוישפּי־לער צווישן די בראָדער זינגער און וועלוול זבאַרזשערס נאָענטע פריינד. דער קלימאַט אין מאָלדאַווע און דער עיקר אין יאַס איז געווען רייף דערצו. נישט צופעליק פלעגט גאָלדפאַדען זאָגן: „אַז איך האָב אַ ליד — האָב איך אַ פּיעסע".

אויף וויפל גאָלדפאַדען איז געווען געבונדן און שטאָלץ מיט זיין טעאַטראַלער מיסיע קען מען זען פון דער ציטאַטע פון זיין אויטאָביאָגראַפיע:

„איר דאַרפט זיך נישט שעמען צו רעדן מיט אַן איינפאַך, אָרעם ייִדיש מיידל, ווייל באַלד וועט זי ווערן ביי מיר אַ בת־מלכּה מיט אַ גאָלדענער קרוין, און זי וועט אייך איבעראַשן מיט איר שפּילן און זינגען... איר דאַרפט זיך אויך נישט זשענירן גלייך מיט מיר צו דריקן די מוסקולעזע פאַרהאָ־רעוועטע האַנט פון אַן אָרעמען בראָוון אַרבעטער, ווייל באַלד וועט ער ווערן אַ היסטאָרישער העלד מיט פאַנצער און שווערד, און וועט אַזוי קונסטפול שפּילן זיין ראָלע, אַז איר וועט באַדאַרפן אַ זכיה האָבן, אַז ער וועט מיט אייך טרינקען אַ גלאָז ביר..."

ס'איז איבעריק צו באַווייזן, אַז אין דער אויבנדערמאָנטער ציטאַטע איז קלאָר אויסגעדריקט גאָלדפאַדענס טיפע ליבע און פאַרשטענדעניש פאַר דעם פאָלקסמענטש און אַז דאָס אַלץ איז געשאַפן געוואָרן מיטן פאָלק און פאַרן פאָלק.

דאָברושין זעט טאַקע אין דער גאַנצער סעריע שאַפונגען פון

ערשטן עטאַפּ די פֿאָלקסטיכיע, און די פּערסאָנאַזשן פֿון די פּיעסן זעט ער אין אַ ליכטיקן און פּאָזיטיוון שיין.

**דער צווייטער עטאַפּ פֿון גאָלדפֿאַדען**

מען דאַרף דאָ באַמערקן, אַז צווישן גאָלדפֿאַדענס ערשטער שאַפֿערישער תּקופֿה און דער צווייטער איז פֿאַראַן אַ וועזנטלעכער אונטערשיד. אין דער ערשטער תּקופֿה זענען כּמעט אַלע פּיעסן לייכטע, פֿאַרווײַלערישע קאָמעדיעס, וואָדעווילן און ענלעכע, פּאַסיק פֿאַרן פּשוטן פֿאָלקסמענטש. אין דער צווייטער תּקופֿה ווערן שוין אין די פּיעסן באַהאַנדלט פֿאַרשידענע פּראָגעס און דערשיינונגען ווי: ליבע און קנאה, העלדישקייט און נאַציאָנאַלער שטאָלץ, גליק און גורל און אַנדערע פּראָבלעמען.

דאָ וועלן מיר דערמאָנען נאָר אייניקע פֿון זײַנע פּיעסן פֿון דעם צווייטן פּעריאָד: „שולמית" אָדער בת־ירושלים, מוזיקאַלישע מעלאָדראַמע אין 4 אַקטן און 14 בילדער; „בר־כּוכבא" — אָדער די לעצטע טעג פֿון ירושלים — מוזיקאַלישע מעלאָדראַמע אין 4 אַקטן, מיט אַ פּראָלאָג און 4 בילדער און „דאָקטאָר אַלמאַסאַדאַ". פֿאַרשטענדלעך אַז דאָס זענען נישט אַלע פּיעסן פֿון זײַן צווייטן שאַפֿערישן פּעריאָד. דאָס זענען בלויז אייניקע פֿון זיי.

אין די נאָר וואָס דערמאָנטע פּיעסן איז פֿאַראַן אַ בולטע נטיה צו דערהייבן די חיבת־ציון־געפֿילן, ווײַל אין דער צײַט איז אַ גרויסער טייל פֿון דער אינטעליגענץ און פֿון די פֿאָלקסמאַסן נוטה צו דער באַוועגונג חובבי־ציון. דאָס איז אויך געווען נאַטירלעך, ווײַל נאָך די פּאָגראָמען אין די אַכציקער יאָרן פֿון פֿריִערדיקן יאָרהונדערט האָט זיך געשטאַרקט דער ייִדישער נאַציאָנאַליזם.

גאָלדפֿאַדען האָט מוותּר געווען אויף דעם משׂכּילישן אידעאַל לטובת די נאַציאָנאַלע אידעען. די פּיעסן „שולמית", „דאָקטאָר אַלמאַסאַדאַ" און „בר־כּוכבא" זענען געבויט פֿון היסטאָרישן מאַטעריאַל, פֿאַרבונדן מיט די פּאָזיטיווע געדאַנקען און אָנשוויונגען פֿון דער צײַט.

דרײַ באַדײַטנדיקע פּיעסן זענען געשפּילט געוואָרן אין רו־

מעניע: „שולמית״ אין יאָר 1881; „בר־כּוכבא״ און „דאָקטאָר אַל־מאַסאַדאַ״ אין יאָר 1883. „בר־כּוכבא״ איז געשריבן געוואָרן אין יאָר 1882 אונטערן רושם פון די צאַרישע פּאָגראָמען אין יאָר 1881. גאָלדפאַדען האָט אין צענטער פון דער פּיעסע אַוועקגעשטעלט אַ העלד פון גרויסן נאַציאָנאַלן מאַסשטאַב, בר־כּוכבא, וועלכער פאַרמעסט זיך קעגן דער רוימישער הערשאַפט, וואָס האָט אונטער־געדריקט ארץ־ישראל און געהערשט איבער ירושלים. די דאָזיקע פּיעסע האָט שטאַרק געווירקט אויף די ציוניסטישע קרייזן און אויף דער דערשיטערטער ייִדישער מאַסע.

דאָ ברענגען מיר אייניקע ציטאַטן פון „בר־־כּוכבא״.

**בר־כּוכבא:**

זעט, ווי אונדזערע ברידער שניידט מען איצט ווי דיביימער,
הערט ווי זיי קרעכצן אונטער דער שאַרפער האַק
פון די רוימער!...
און אויף אייך, אַלטע חכמים, לייגן זיי דען כּבוד?
וואָס אַרט זיי יחוס — צי אַ בן־מלך, צי אַ בן־דוד?
אַ מינדסט רוימיש ייִנגל שפּייט אייך אין פּנים,
רייסט אייך אָפּ די קליידער, מאַכט אייך סימנים.
איר רעדט מיט זיי מיט גוטן — זיי ענטפערן אייך מיט כּעס,
אונדזער פאַרמעגן רויבט מען עפנטלעך אין מיטן דער גאַס,
אונדזערע פרויען שענדן זיי — און מיר טאָרן זיך ניט קלאָגן?
אָ, ניין! וואָס איר ווילט, מעגט איר אייך זאָגן!
דאָס יונגע, הייסע בלוט קען ניט צוזען אַזוי קאַלט,
יעדע מינוט פאַר זיך, דעם שׂונאס מערדעריש געשטאַלט!...
האַקט מיר אָפּ דעם קאָפּ, וואַרפט אים אַריין אין קבר,
נאָר ניט רייסן יעדע מינוט צו ביסלעך איטלעכס אבר!
כּל־זמן די האַנט איז דאָ — לאָמיר זי אויפהייבן!
אַז שטאַרבן — זאָלן מיר אַלע! וואָס טויג איינעם איין לעבן?
שטייט־אויף, ברידער, אין נאָמען פון אונדזער הייליק לאַנד,
און לאָמיר אויסקערן פון אים דעם שלעכטן, בייזן פיינד!



**אלעזר:**

— עס איז אמת, ברידער, אַז אין די יונגע ליגט כּוח
עס פעלט זיי אָבער דערצו דער איבערגעלייגטער מוח,
אוי, באַרעכנט נאָר גוט, איידער איר הייבט־אָן צו טאָן,
אַז גאָט האָט איין מאָל גוזר געווען אויף דער שטאָט ציון,
וועט אייך ניט העלפן אייער יונג בלוט, ס׳מעג זיין ווי פייער;
האָט רחמנות אויף דעם רעשט ביסל יִדן, אויב זיי זענען
ביי אייך טייער.
מיט עזות און כּעס וועט איר נאָר אַזוי פיל ניצן,
אַז איר וועט די רוימער אויף אונדז ווי די צערייצטע בערן,
דאָס רעשט ביסל יִדן ביזן לעצטן ביינדל צו פאַרצערן.
איך זאָ גאייך נאָך אַ מאָל: ווילט איר פאָלקן מיין עצה,
לאָמיר אָנבייגן פאַר גאָטס רוט אונדזער מידע פלייצע!

דער פּאַטאָס און די ברויזנדיקע רייד פון בר־כּוכבא קעגן פאַר־שקלאַפונג האָבן אין די 80ער יאָרן פון פריִערדיקן יאָרהונדערט באַוויזן מיטצורייסן דאָס פּובליקום, וואָס האָט מיטגעלעבט מיט אים זיינע נצחונות און געטרויערט איבער זיינע מפּלות, ווען זיין לאַגע איז געוואָרן ערגער און ערגער און אַפילו זיין כּלה דינה, וואָס האָט געהאַלטן מיט אים האָט אים אויך נישט געקענט העלפן.

בר־כּוכבא האָט זיך איינגעקריצט אין די מוחות פון ענטוזיאַז־מירטן פּובליקום ווי אַ העלד, ווי אַן אויפשטענדלער און קעמפער קעגן די רוימער.



אָט איז אַ קליינער ציטאַט פון דער באַרימטער גאָלדפאַדען־פּיעסע „שולמית״:

**שולמית:**

אוי, נישטאָ קיין ערגערער טויט, קיין ערגער קרענקען,
ווי אומזיסט צו האָפן, צו וואַרטן און צו בענקען.

איך האָב דערוואַרט דעם טאָג וואָס ער האָט מיר באַשטימט,
איך גיי אים אַנטקעגן — איך מיין, ער קומט.
איך האָב אָבער געמיינט. איך האָב מיך אָפּגענאַרט גאָר,
יעדע סעקונדע איז מיר אַ טאָג, יעדע מינוט — אַ יאָר.
שוין צוויי מאָל האָט זיך דער ווינטער אַוועקגערוקט.
שוין צוויי מאָל האָט דער פרילינג די ערד דערקוויקט
פיל מענטשן גייען קיין ירושלים, קומען צוריק בשלום,
יעדן זע איך קומען נאָר — ניט מיין אבשלום!
וואָס איז מיט אים געשען? איך קען עס מיר ניט דערקלערן!
ער, דער פיינער, זאָל מיר אומטריי ווערן?
ער וואָס האָט מיר געשווירן אַזאַ טרייע
פאַר גאָט פאַרן הימל, פאַר צוויי עדות נייע?!
ער וואָס האָט מיר געראַטעוועט מיין לעבן,
וואָס איך האָב אים מיין ליבע, מיין האַרץ אַוועקגעגעבן,
ער האָט מיר הייליק געשווירן דאָרט...
ער האָט געקענט אַזוי גיך ברעכן זיין וואָרט?
ער האָט געשפּעט פון מיר, אָרעמע! זיך געמאַכט אַ געלעכטער?
ער האָט זיך פאַרבונדן מיט איינער פון ירושלימס
רייכע טעכטער?

*

אין משך פון דער „שולמית"־דראַמע הויבן זיך אָן אַנט־וויקלען טראַגישע געשעענישן: ביי אבשלומען און אביגיל שטאַרבן פּלוצעם אַוועק ביידע קינדער, און עס דערמאָנט אים שולמיתן, זיין פאַרראַט לגבי איר, אַז דאָס איז אַ שטראָף פאַר ברעכן די שבועה וואָס ער האָט איר געשווירן, ער פאַלט אַריין אין יאוש און וויל באַגיין זעלבסטמאָרד.

*

„שולמית" געהערט צו די פיינסטע און דערפאָלגרייכסטע פּיעסן וואָס גאָלדפאַדען האָט געשאַפן. אירע מעלאָדיעס זענען

אַריין אין פֿאָלק ווי פֿאָלקסלידער און זיי ווערן געזונגען ביזן היינ־טיקן טאָג.

אין צענטער פֿון „שולמית״ שטייט די ליבע.

**דאָס ייִדיש־טעאַטער אין רומעניע און גאָלדפֿאַדענס שאַפֿונג**

אברהם גאָלדפֿאַדען האָט אין רומעניע געפֿונען נישט נאָר זיין היים, נאָר אויך דעם ריכטיקסטן פּלאַץ צו לייגן דעם גרונטשטיין פֿון ייִדישן טעאַטער, וואָס דאָס איז אייגנטלעך געווען זיין טיפֿער באַגער.

זייער רירנדיק האָט איציק מאַנגער [12] אין זיינע „נאָענטע געשטאַלטן״ אויסגעדריקט די גייסטיקע צוגעבונדנקייט פֿון ייִדישן רומעניע צו אברהם גאָלדפֿאַדען. ער שילדערט אַ בילד פֿון גאָלד־פֿאַדענס לעצטע לעבנסטעג. גאָלדפֿאַדען ליגט אין בעט און פֿיבערט און דורך זיין מוח שלענגלט זיך דורך אַ האַלוצינאַציע־שפּיל און אָט זעט ער:

„אָט איז ער ווידער אין יאַס, די הויפּט־שטאָט פֿון מאָל־דאַוויע. ער זיצט ביי יצחק ליבּרעסקו אין שטוב. ס׳איז אָוונט, דער גרויסער ענגלאָמפּ בליצט. אויפֿן טיש זשומעט אַ סאַ־מאָוואַר, היימיש און ליב, ווי אַ ניגון פֿון זיינע קינדער־יאָרן. אַנטקעגן אים ביים טיש זיצט יצחק לובּרעסקו, וועלכער האָט אַראָפּגעבראַכט גאָלדפֿאַדענען קיין יאַס. געפּרוּווט אַרויס־געבן „דאָס איזראַעליטישע פֿאָלקס־בלאַט״, וואָס האָט נע־בעך נישט געהאַט קיין מזל סיי אין לעמבערג סיי אין טשער־נאָוויץ.

„אויפֿן טיש זשומעט דער סאַמאָוואַר, דער ענגלאָמפּ בליצט. די יונגע פֿרוי פֿונעם יאַסער משׂכּיל העקעלט ווייטער איר אַרבעט.

---

12. איציק מאַנגער: „נאָענטע געשטאַלטן״, אַרויסגעגעבן פֿון איציק מאַנגער יובל־קאָמיטעט, ניו־יאָרק, 1961, זייטן 55—62.

מיטאַמאָל הויבט זי אויף איר שיינעם קאָפּ, קוקט אָט אויף איר מאַן, אָט אויף גאָלדפאַדען, מיטאַמאָל טוט זי אַ זאָג צו אים אַ פּאָר ווערטער — ווערטער וואָס זענען געוואָרן זיין גורל: „אפשר וואָלט געווען אַ פּלאַן, הער גאָלדפאַדען, אַז איר זאָלט צונויפנעמען די זינגער, איך מיין, די בעסערע פון זיי, און שאַפן אַ יידיש טעאַטער...״

גאָלדפאַדען איז געווען גערירט פון דעם פּאָרשלאַג. אַזוי שוועבן פאַרביי אין דער האַלוצינאַציע־שפּיל פאַרשידענע אַנדערע בילדער פון זיינע ערשטע שריט בכלל אין מאָלדאַווע, רומעניע...

נישט צופעליק האָט איציק מאַנגער געמאָלן די ענגע פאַרבינדונג פון א. גאָלדפאַדען מיט דער יִדישער ווירקלעכקייט, אין יענער תּקופה, אין רומעניע. מען קען זאָגן, אַז פון אַלע יִדישע קולטור־מענטשן, פון אַנדערע לענדער וואָס זענען אַריינגעקומען אין רומעניע, האָבן א. גאָלדפאַדען און וועלוול זבאַרזשער־עהרענקראַנץ, פאַרנומען די מזרח־וואַנט. גאָלדפאַדען איז מיט דער גרינדונג פון זיין טעאַטער געוואָרן פאַרוואָרצלט אין רומעניע. כאָטש די טעטיקייט פון אברהם גאָלדפאַדען איז געווען פאַרשפּרייט איבער איינע לענדער, האָט ער זיך אָבער אַ לאַנגע צייט אידענטיפיצירט מיט דעם רומענישן יִדנטום, בעיקר מיט די פאָלקסמענטשן.

ווע מען האָט געפייערט אין רומעניע 80 יאָר יִדיש טעאַטער, האָט יעקב שטערנבערג[13] אָפּגעגעבן דעם געהעריקן פּלאַץ פאַר אברהם גאָלדפאַדענס אויפטו אין רומעניע.

י. שטערנבערג האָט פיל מאָל געשריבן מיט רעזערוואַציע וועגן גאָלדפאַדענס אויפטו אין יִדישן טעאַטער, וועגן דער טעמאַטיק פון זיין רעפּערטואַר. אָבער דאָס מאָל האָט יעקב שטערנבערג, דער שרייבער און רעזשיסער, געמאַכט אַ היסטאָרישן איבערבליק און

13. „אַכציק יאָר יִדיש טעאַטער אין רומעניע״ (1876—1956), אַרויסגעגעבן פון בוקאַרעשטער יִדישן מלוכה־טעאַטער, בוקאַרעשט 1956. אין דעם זאַמלהעפט איז געדרוקט יעקב שטערנבערגס עסיי: „דער רומענישער עטאַפּ אין גאָלדפאַדענס טעאַטער־שאַפונג״, זייטן 9—19.

געמאָלן מיט העלע פאַרבן דעם רומענישן עטאַפּ אין גאָלדפאַדענס טעאַטער־שעפערישקייט.

גאָלדפאַדען האָט אין ערשטן עטאַפּ פון זיין טעאַטער־שאַפונג אַזוי שטאַרק זיך אידענטיפיצירט מיטן ייִדישן פאָלקסמענטש אין רומעניע און אַזוי זיך צוגעפּאַסט צו זיין ניוואָ, אַז דאָס האָט ממש געבראַכט שאָדן זיין דיכטונג; ער איז געקומען קיין יאַס מיט ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכע פּלענער, אָבער די ייִדיש־רעדנדיקע סביבה אין רומעניע האָט גאָר אויפגעוויקלט אין אים זיין טעאַטראַלן טאַלאַנט.

יעקב שטערנבערג שרייבט וועגן דעם:[14]

„בלייבנדיק אין אַ פאַרצווייפלטער פּאָזיציע (נאָכן דורכפאַל פון זיינע לידער־רעציטאַציעס) האָט ער אַפּן אָרט זיין שכר באַקומען: ער איז באַלוינט געוואָרן מיט דער וויזיע פון ייִדיש טעאַטער ממש, אַן אמת, צו לייטן גלייך, מיט אַלע קאָנסעקווענצן דערפון. עס איז נישטאָ דעריבער קיין שום ראָמאַניזירונג אין זיין פייערלעך דערציילן: „... פון דעם שוואַרצן סוף, וואָס איך האָב געכאַפּט, איז אַרויס אַ ליכטיגער אָנפאַנג צו אַ פריילעכער צוקונפט!"

אויך אין צווייטן עטאַפּ פון גאָלדפאַדענס טעאַטראַלער שאַפונג, וואָס קאָנצענטרירט זיך אַרום היסטאָרישע, ביבלישע פּיעסן, מיט וועלכער דער פּראָפעסאָר האָט ווי דערהויבן דאָס פּובליקום צו אַ העכערן ניוואָ, קען מען פעסטשטעלן, אַז דער פאָלקסטימלעכער חוש פון גאָלדפאַדען האָט אויך אין דער תּקופה פאַרנומען זיין פּלאַץ. מיר געפינען דאָס אין אייניקע פּיעסן, פאָלקסלידער, וועלכע „קלעפּן" זיך נישט צום אינהאַלט פון דער פאַרשטעלונג, אָבער ער האָט געהאַלטן אַז דאָס איז וויכטיק, ווייל עס גיט צו אַ באַזונדערן חן דער פּיעסע. אַלס ביישפּיל קען דינען דאָס ליד „ראָזשינקעס מיט מאַנדלען", וואָס גאָלדפאַדען האָט אַריינגעבראַכט אין

14. זע „אַכציק יאָר ייִדיש טעאַטער אין רומעניע", זייטן 12—14.

דער פּיעסע „שולמית״. גאָלדפאַדען האָט זיינע היסטאָרישע פּיעסן געזען ווי אַ נאָענטן שותּף צו די נאַציאָנאַלע טענדענצן.

ווען מען מאַכט אַ סך־הכּל פון אברהם גאָלדפאַדען אין רו־מעניע, קען מען פעסטשטעלן, אַז די סיבּה פאַר וואָס ס'איז געלונגען גאָלדפאַדענען דאָ צו שאַפן אַ ייִדיש טעאַטער איז, וואָס דאָס קולטור־לעבן צווישן די ייִדישע מאַסן אין רומעניע האָט שוין גע־האַט געשלאָגן טיפערע וואָרצלען און די אויסווירקונג איז דאָ געווען אַ טאָפּלטע: די ייִדישע פאָלקסטימלעכע סביבה האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף גאָלדפאַדענס שאַפן, און גאָלדפאַדענס שאַפן האָט באַאיינפלוסט דאָס קולטורעלע לעבן פון די ייִדישע מאַסן, אַזוי, אַז אַפילו אַ גאַנץ לענגערע צייט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דער נאָמען פון אברהם גאָלדפאַדען נאָך אַלץ געווען אין צענטער פון ייִדישן קולטור־לעבן אין רומעניע און אַפילו גע־האַט אַ השפּעה אויף דער מאָדערנער ייִדישער דיכטונג.

אברהם גאָלדפאַדען און וועלוול זבאַרזשער האָבן צוזאַמען באַאיינפּוסט די ייִדישע סביבה מיט זייערע שאַפונגען.



דער לעבנסוועג פון אברהם גאָלדפאַדען איז ווייט נישט געווען באַצירט מיט רויזן. טראָץ זיין גרויסן דראַמאַטורגישן טאַלאַנט, טראָץ דעם גרינדן פון ייִדישן טעאַטער אין „פּאַמול ווערדע״ אין יאַס, און דאָס אַנטוויקלען דעם ייִדישן טעאַטער אין גאָרטן „זשיגניצאַ״ אין בוקאַרעשט און זיינע אָפּטע באַזוכן אין די גרעסטע שטעט פון רומעניע, האָט ער דאָך נישט זוכה געווען צו אַ סטאַבילער לאַגע, אויך אין די אַנדערע לענדער וואָס ער האָט באַזוכט. אַפילו אין רומעניע גופא, ווו ער איז אין אַלגעמיין געווען באַליבט און זייער אָנערקענט, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אין אַ קעגנערשאַפט פון איניקע אַקטיאָרן אין שפּיץ מיט דעם באַקאַנטן שוישפּילער זיגמונד מאָגולעסקו, וועלכער האָט אַליין געשאַפן אַ טרופּע און, טראָץ דעם וואָס ער האָט פיל מאָל גענוצט גאָלדפאַדענס פּיעסן, האָט ער זיך אויסגעדרייט צו אים מיט דער פּלייצע און דאָס האָט גאָלד־פאַדענען זייער ווי געטאָן.

א. גאָלדפאַדען האָט אין זיין ייִדישן טעאַטער דערצויגן שפּעטער באַרימטע אַקטיאָרן און אַקטריסעס. גענוג צו דערמאָנען אייניקע פון זיי: ישראל גראָדנער, חיים שמואל לוקאַטשער, אברהם אַקסל־ראָד, עדואַרד מאַרגוליס, יעקב אַדלער, זיגמונד מאָגולעסקו, רודאָלף מאַקס, דוד קעסלער, מאַקס אַבראַמאָוויטש און נאָך אַנדערע. אויך אַ גרופּע אַקטריסעס, וועלכע האָבן באַשיינט די בינעס פון די ייִדישע טעאַטערס.

ער האָט געוואַנדערט פון לאַנד צו לאַנד: גאַליציע, לעמבערג, וואַרשע, פּאַריז, אַמעריקע, מיט דער האָפענונג צו שאַפן אַ פּער־מאַנענטן ייִדישן טעאַטער, ווי אין יאַס אין יאָר 1876. דאָס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן. טראָץ די דערפאָלגן פון זיינע ערשטע פאָרשטעלונגען, האָט ער געמוזט נעמען דעם וואַנדער־שטעקן און וואַנדערן ווייטער.

אָבער די גרעסטע דראַמע האָט ער אפשר איבערגעלעבט אין צפון־אַמעריקע. דאָ האָט ער געהאַט פיל פריינד און ער איז געווען זיכער אַז אויסער דעם וואַרעמען קבלת־פּנים[15] וואָס מען האָט אים דאָ איינגעאָרדנט, וועט מען אים אויך העלפן אויפשטעלן אַ ייִדיש טעאַטער. איז אָבער געקומען זיין גרויסע אַנטוישונג. ער, וואָס האָט געטראָגן די קרוין אַלס דער גרינדער פון ייִדישן טעאַטער, איז נישט אָנערקענט געוואָרן אַפילו פון זיינע אייגענע תּלמידים. די ייִדישע טעאַטראַלע וועלט איז געווען רעזערווירט, זי האָט געזען אין גאָלדפאַדענען אַן ערנסטן קאָנקורענט פאַר זיך, און מען האָט געהאַנדלט לגבי אים נישט ווי מיט אַן אייגענעם. דער שטאָלצער אברהם גאָלדפאַדען האָט דאָס נישט געקענט אַראָפּשלינגען און דעם 9טן יאַנואַר 1908, האָט ער, אַן אַנטוישטער און פאַרביטער־טער, פאַרלאָזן דעם עולם־השקר.

אַזאַ לוויה האָט נאָך ניו־יאָרק נישט געזען. צענדליקער טויזנ־

15. זע: י. בערקאָוויטש: „הונדערט יאָר ייִדיש טעאַטער אין רומעניע", זייטן 106—135; זע אויך: יוליאַן שוואַרץ: „ליִטעראַרישע דערמאָנונגען", פאַרלאַג „קריטעריאָן", בוקאַרעשט, 1974, זייטן 49—55; און פונעם זעלבן: „פאַר־טרעטן און עסייען", דער זעלבער פאַרלאַג, יאָר 1979, זייטן 135—158.

טער מענטשן זענען געקומען אים באַגלייטן צו זיין אייביקער רו. די ענגלישע גרויסע טאָגצייטונגען זענען געווען פול מיט באַשריי־בונגען וועגן אים. דער „ניו־יאָרק וואָרלד" האָט אים אָנגערופן „דער ייִדישער שעקספיר". איצט האָבן אַלע דערפילט וועמען זיי האָבן פאַרלוירן.

גאָלדפאַדנס קלוגע פרוי, פּולינע, האָט, נאָך זיין פּטירה, גע־שריבן אַ בריוו אין דער ייִדישער פּרעסע און צווישן אַנדערע באַ־מערקט: „אַמעריקע קאָן נאָר שיין באַגראָבן, אָבער וועגן אַ לעבע־דיקן זאָרגט זיך קיינער נישט". דאָס איז נישט געווען בלויז אַ סאַר־קאַזם, נאָר ס'האָט זיך אין דעם אָפּגעשפּיגלט אַ ברוטאַלעווירק־לעכקייט.



אברהם גאָלדפאַדען האָט אין משך פון די יאָרן פון זיין טע־אַטראַלער טעטיקייט אָנגעשריבן 60 פאַרשידנאַרטיקע פּיעסן.

מען קען זאָגן, אָן איבערטרייבונג, אַז די תּקופה פון די צען־צוועלף יאָר (1876—1888) פון גאָלדפאַדענס טעאַטראַלער טעטיקייט און שאַפן אין רומעניע זענען געווען די בעסטע און פּאָזיטיווסטע. ער האָט דאָ געהאַט דאָס געפיל פון אַן אייגענער היים.

גאָלדפאַדען האָט געבראַכט גרויס פּרעסטיזש דער ייִדיש־קולטור אין רומעניע און אין נישט אַ קליינער מאָס דערהויבן דעם קולטור־ניוואָ פון די אָרטיקע ייִדישע פאָלקסמאַסן מיטן שאַפן די ייִדישע טעאַטער־בינע אין רומעניע. די בעסטע און פעיִקסטע טע־אַטראַלע כּוחות פון דער גאָרער וועלט האָבן אָנגעהויבן גאַסט־ראָלירן אין ייִדישן טעאַטער אין רומעניע און דאָס האָט דערמעג־לעכט און דערמוטיקט אָרטיקע ייִדישע כּוחות פון יונג־רומעניע זיי זאָלן בייטראָגן און פאַרפעסטיקן די ייִדישע בינע אין רומעניע.

ווען מ'וועט באַהאַנדלען די פּאָסט־גאָלפאַדענס־תּקופה, וועט מען זיך איבערצייגן, אַז גאָלדפאַדענס טאַלאַנט האָט נישט נאָר משפּיע געווען אויפן טעאַטראַלן געביט, נאָר האָט אויך באַוויזן אַריינצוברענגען אין די ייִדישע היימען פּולסירנדיק און מאָדערן ייִדיש־לשון.

## קאַפּיטל אַכט

# די פּאָסט־גאָלדפאַדען תּקופה

### המשך און באַנייונג

נאָך דער פּטירה פון אברהם גאָלדפאַדען, אין יאָר 1908, האָט נישט אויפגעהערט צו ווירקן זיין השפּעה אין טעאַטער און אין קולטור־לעבן פון רומענישן ייִדנטום. ווען מען בלעטערט די אויס־גאַבעס און ביכער וואָס שילדערן 100 יאָר ייִדיש טעאַטער אין רו־מעניע, באַמערקט מען דעם בולטן המשך פון דער גאָלדפאַדען־השפּעה.

לייענענדיק דעם אויספירלעכן באַריכט וועגן 50 יאָר ייִדיש טעאַטער אין רומעניע (1926), זעט מען אַז אין צענטער פון די פייערונגען שטייט די גאָלדפאַדען־תּקופה, דעסגלייכן בעת די פייע־רונגען פון 100 יאָר (1976) ייִדיש טעאַטער. אויך דעמאָלט איז אַרויסגערוקט געוואָרן אין פאָדערגרונט גאָלדפאַדענס שאַפונג. ס'איז קיין ספק נישט אַז דאָס פייער פון דער גאָלדפאַדען־יצירה האָט געטליִעט צווישן ברייטע שיכטן פון די ייִדישע מאַסן אין רומעניע. ס'שטעלט זיך דעריבער אַ גאָר ערנסטע פראַגע: צי זענען די הויפּט־פאַקטאָרן אין ייִדישן טעאַטער אין רומעניע געווען און געבליבן נאָר די גאָלדפאַדען־פאָרשטעלונגען און זייער נוסח? מיר ווייסן אַז אין משך פון די צענדליקער יאָרן נאָך גאָלדפאַדענס טויט האָט די ייִדישע בינע אין רומעניע געהאַט גרויסע טעאַטראַלע דערגרייכונגען, וועלכע האָבן געבראַכט נייע קינסטלערישע ווערטן. גענוג דאָ צו דערמאָנען די תּקופה פון דעם רעזשיסער און דראַ־מאַטורג יעקב שטערנבערג, וואָס האָט געשאַפן אַן אייגענעם, נייעם וועג אין ייִדישן טעאַטער אין רומעניע און נישט נאָר אין רומעניע.

מיר ווייסן אויך וועגן דער תּקופה פון דער „ווילנער טרופּע" (אין די יאָרן 1922—1935), וועלכע האָט געהאַט אַ גרויסן קינסטלערישן דערפאָלג און האָט בלי־ספק פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ הויכפּונקט אין דער יידישער טעאַטער־טעטיקייט אין רומעניע.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט רומעניע מיט די פאַר־איייניקטע פּראָווינצן פון בעסאַראַביע און טראַנסילוואַניע באַזוכט אַ גרויסע צאָל באַקאַנטע יידישע שוישפּילער און זייערע טרופּעס; צייטנווייז זענען עס געווען קורצע באַזוכן, וועלכע האָבן אָבער איבערגעלאָזט אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק אויף די ענטוזיאַס־טישע טעאַטער־צושויערס.

מיר דערמאָנען די דאָזיקע פאַקטן, ווייל פּאַראַלעל מיט דער השפּעה פון גאָלדפאַדענען אויפן יידישן טעאַטער, זענען מיר אויך עדות פון אַנדערע טעאַטראַלע קונסט־דערשיינונגען, איבער וועל־כע מען דאַרף נישט איבערגיין צום סדר־היום. זיי זענען געווען אַ וויכטיקער גורם ביים פאַרשפּרייטן יידישע קולטור צווישן די ברייטע יידישע מאַסן. זיי האָבן אַריינגעבראַכט אין די היימען פון די ליבהאָבער פון יידיש דעם דערהויבענעם קלאַנג פון יידישן לשון.

די פילזייטיקע אַספּעקטן פון דעם יידישן טעאַטער אין רומע־ניע האָבן נישט עדות געזאָגט וועגן קיין סתּירות, נאָר, פאַרקערט, די נייע פאַקטאָרן וואָס זענען דערשינען אין יידישן טעאַטער אין רומעניע האָבן געלעבט אין האַרמאָניע מיט גאָלדפאַדענס טעאַט־ראַלער ירושה. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז גאָלדפאַדענס שאַפונג האָט זיך נישט געדאַרפט פאַרטיידיקן פאַר די נייע בינע־מענטשן, ווארעם זי האָט זיי אויך שפּעטער געשפּייזט און גענערט.

די דאָזיקע דערשיינונג אין יידישן טעאַטער אין רומעניע איז געווען אייגנאַרטיק און האָט צוגעגעבן פיל אָנערקענונג דעם יידישן טעאַטער אין לאַנד, אָבער געהאַט ווייניק אָפּקלאַנג אין די אַרומיקע לענדער.

פאַר וואָס האָט גאָלדפאַדענס יצירה פאַרמאָגט אַזאַ ווירקונגס־כּוח? פאַראַן אַן אינטערעסאַנטע אינטערפּרעטאַציע פון דער שאַ־

פונג פון אברהם גאָלדפאַדען.[1] ס'איז באַקאַנט אַז צווישן א. גאָלד־
פאַדען און יעקב גאָרדין זענען פאָרגעקומען אין די ערשטע יאָרן
שטרייטן וועגן דעם כאַראַקטער פון יידישן טעאַטער. יעקב גאָרדין
האָט געהאַלטן אַז אין יידישן טעאַטער דאַרף הערשן בלויז די
השפעה פון רעאַליסטישן טעאַטער, געשטיצט אויף דער וועלט־
ליטעראַטור. דאַקעגן גאָלדפאַדען, וועלכער האָט געזען פאַר זיך
די פאָלקסמאַסן פון זיין צייט אין רומעניע, האָט געהאַלטן אַז די
יידישע בינע דאַרף געבן ליטעראַריש־מוזיקאַלישע און נאַציאָנאַל־
פאָלקסטימלעכע פיעסן פון פאַרוויילנדיקן כאַראַקטער. יעקב גאָר־
דין איז נישט געקומען אין רומעניע. ער האָט רומעניע וויניק גע־
קענט, אָבער ער האָט געשטרעבט צו פאַרטרייבן גאָלדפאַדענס
השפעה פון דער דעמאָלטיקער יידישער בינע.

אַ מערקווירדיקע דערשיינונג! דער גרויסער יידישער קלאַ־
סיקער י. ל. פרץ האָט זיך דעמאָלט דערנענטערט צום יידישן טעאַ־
טער און ער האָט זייער וואַרעם אָנגעהויבן צו שטיצן אברהם
גאָלדפאַדענס טעאַטער־נוסח, ווייל ער האָט, לויט אים, געקענט
אויספילן אַ גרויסע נאַציאָנאַלע שליחות. אַזוי ווייט, אַז אויף אַ
פראַגע וועגן יידישן טעאַטער האָט זיך י. ל. פרץ אַרויסגעזאָגט אַז
ער פילט זיך אַלס תּלמיד פון אברהם גאָלדפאַדען. די וואַרעמע
באַציונג פון י. ל. פרץ צו גאָלדפאַדענס שאַפונג האָט נאָך מער
פאַרשטאַרקט גאָלדפאַדענס פּאָזיציע אין יידישן טעאַטער. דערצו
דאַרף מען נאָך צוגעבן אַז דער דיכטער און טעאַטראַל יעקב
שטערנבערג, טראָץ דעם וואָס ער האָט געבראַכט זיין אייגענע שיטה
אין יידישן טעאַטער, האָט אויך געהאַט אַ וואַרעמע פּאָזיטיווע באַ־
ציונג צו גאָלדפאַדענס יצירה.



מיר וועלן נאָך צוריקקומען צו דער השפעה פון גאָלדפאַדענס

1. ישראל בערקאָוויטש, „הונדערט יאָר יידיש טעאַטער אין רומעניע", פאַרלאַג „קריטעריאָן", בוקארעשט 1976, זייט 139 און ווייטער.

יצירה אויף דעם ייִדישן טעאַטער אין רומעניע. דערווייל ווילן מיר ברענגען אייניקע עפּיזאָדן וואָס רעדן אַליין פֿאַר זיך. ווען מען האָט אין יאָר 1926 געפּייערט אין בוקאַרעשטער ייִדישן טעאַטער „זשיגניצאַ" 50 יאָר ייִדיש טעאַטער אין רומעניע, אונטער דעם פּאָרזיץ פֿון באַקאַנטן אַקאַדעמיקער באַרבו לאַזאַרעאַנו [2], האָבן די ייִדישע און נישט־ייִדישע פּערזענלעכקייטן קאָנצענטרירט זייער אָפּשאַצונג אויף דער היסטאָרישער ראָל פֿונעם גרינדער פֿון ייִדישן טעאַטער, אברהם גאָלדפֿאַדען. דער גרויסער שוישפּילער וו. מאַק־סימיליאַן האָט אונטערגעשטראָכן אַז דאָס פּייערן די 50 יאָר פֿון ייִדישן טעאַטער אין רומעניע ברענגט כּבֿוד נישט נאָר דעם ייִדישן טעאַטער נאָר דעם טעאַטער בכלל. דאָס דריקט אויס אַ געפֿיל פֿון כּבֿוד צום גרינדער פֿון ייִדישן טעאַטער אין יאַס, דעם גרויסן טעאַטראַל אברהם גאָלדפֿאַדען. ענלעכע וואַרעמע ווערטער אין אַן אָפּשאַצונג וועגן א. גאָלדפֿאַדען זענען געזאָגט געוואָרן דורך דעם דעקאַן פֿון דער רומענישער בינע, פּראָפֿעסאָר קאָנסטאַנטין נאָטאַ־ראַ. ער האָט אונטערגעשטראָכן: „כּבֿוד אברהם גאָלדפֿאַדענען, פֿאַר זיין גרויסן טאַלאַנט, פֿאַר זיין מי, וואָס ער האָט אָן אויפֿהער געשטעלט אין דינסט פֿון טעאַטער". אין דער פּייערונג זענען דער־שינען שוישפּילער, שרייבער און רעזשיסאָרן, צווישן זיי דער טע־אַטראַל און דיכטער יעקב שטערנבערג, דער קריטיקער שלמה ביקל, איציק מאַנגער, דער שוישפּילער איציקל גאָלדענבערג.

מיר וועלן דאָ ברענגען אַ פּאָר ציטאַטן פֿון יעקב שטערנבערגס באַגריסונג: „...דאָס וואָס עס האָט אויפֿגעפֿלאַמט צוריק מיט 50 יאָר אויף אָט די ברעטער, גאָלדפֿאַדען מיט זיינע אָדלערס, מיט זיין העראָישער חבֿרה, האָט סקיצירט זיין חלום, איז נישט געווען אַ שווינדל פֿון ליכט, נאָר אַ גרויסער אמתער נס, וואָס האָט גע־בראַכט ביז צום היינטיקן רעאַלן טריומף".

---

2. אין בוך „אַכציק יאָר ייִדיש טעאַטער אין רומעניע", אַרויסגעגעבן פֿון בוקאַ־רעשטער מלוכה־טעאַטער, ווערט אויספֿירלעך דערמאָנט די פּייערונג פֿון 50 יאָר ייִדיש טעאַטער אין רומעניע, זייטן 60—63.

„אברהם גאָלדפאַדען — דער סימבאָל פון דעם טריומף, ער איז די זון אַרום וועלכער עס דרייט זיך די ערד פון יִידישן טעאַטער, ווייל געגאַנגען זענען מיר פון גאָלדפאַדען ביז צו — גאָלדפאַדען !...״

„עס איז פאַר מיר אַ באַזונדערע פרייד אויסצושרייען צו אייך: די גאָלדפאַדענישע זון, וואָס איר האָט געזען אויפקומען און פאַר־גיין — זייט וויסן אַז זי איז נאָך אַ מאָל אויפגעגאַנגען פאַר אונדז אַ יונגע איבערגעדיכטעטע״.

אָט אַזוי האָט זיך אויסגעדריקט די פירנדיקע יונגע משפחה פון יִידישן טעאַטער אין רומעניע 18 יאָר נאָך דער פטירה פון אברהם גאָלדפאַדען. דער פאַקל וואָס גאָלדפאַדען האָט אָנגעצונדן האָט אויך געלויכטן ביי די 100 יאָריקע פייערונגען פון יִידישן טעאַטער אין רומעניע.

## יעקב שטערנבערגס אייגנאַרטיקייט

די וויכטיקסטע שעפערישע קראַפט אין יִידישן טעאַטער אין רומעניע איז נאָך גאָלדפאַדענען אָן ספק געווען יעקב שטערנבערג. צוזאַמען מיט דער אינטענסיווער קולטור־באַוועגונג נאָך דער ער־שטער וועלט־מלחמה האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַ שטרעבן צו באַ־נייען דעם יִידישן טעאַטער.

די דערשיינונג איז צו מערקן אין אַ סך לענדער מיט אַ יִידישער מאַסיווער באַפעלקערונג. עס קומען אויף טעאַטער־טרופעס מיט אַ קינסטלערישן אינהאַלט. אין יענער צייט האָט מאָריס שוואַרץ געשאַפן דעם יִידישן קונסט־טעאַטער אין ניו־יאָרק. אין יאָר 1916 איז געגרינדעט געוואָרן די „ווילנער טרופע״ און אין 1917 קומט יעקב שטערנבערג מיט זיין פאָרמעסט פאַר אַ בעסערן יִידישן טעאַ־טער אין רומעניע. די דערשיינונג פון יעקב שטערנבערג איז נישט געשטאַנען אין סתירה צו גאָלדפאַדענס ירושה, נאָר איז געווען דער אויסדרוק פון זוכן נייע פאָרמען און אויך נייע קינסטלערישע אויסדרוקן.

מיט זיינע ערשטע טעאַטראַלע שריט האָט יעקב שטערנבערג געוואָלט אַריינברענגען אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין דעם רעווי־

זשאַנער און אים דערהייבן אויף אַ העכערער קינסטלערישער מדר־גה. ער איז געווען אַ שאַרפער קעגנער פון דעם הערשנדיקן רעווי־זשאַנער און ער האָט אַריינגעבראַכט אין דאָזיקן זשאַנער פאַר־שריטלעכע און סאָציאַלע טענדענצן און פאַרטריבן די שונד־מעטאָדן מיט וועלכע מען האָט געוויילט דעם עולם. זיין רעזשי האָט שטאַרק אויסגענומען מיט איר פאָלקסטימלעכקייט און קינסט־לערישע ראַפינירטקייטן. זיינע ספּעקטאַקלען האָבן שטאַרק באַגייס־טערט דאָס פּובליקום וואָס האָט זיי באַזוכט.

אין 1930 האָט שטערנבערג געשאַפן די בוקאַרעשטער ייִדישע טעאַטער־סטודיע „ביטס" אונטער זיין אָנפירונג. די מיטגלידער פון דער סטודיע זענען געווען: מ. ה. מאַקסי, ח. שוואַרצמאַן, דוד ליכט, י. לעוויטאַס, גלייזער, קאַפּלאַן, אָלשאַנסקי, רות טאַרו, שיינ־בוים, א. בערקאָוויטש, ס. בערקאָוויטש, גערשענזאָן, קאַהאַנע, דוד הורוויץ און אַנדערע — זיי אַלע האָבן אַ סך בייגעטראָגן צום קינסט־לערישן ניוואָ פון דער סטודיע.

כּדאַי דאָ צו דערמאָנען עטלעכע ספּעטאַקלען וואָס זענען רע־זשיסירט געוואָרן דורך שטערנבערגן: „אין מיטן דרינען", „צימעס", „פּאַיע ווערדע, גרינע בלעטער", „הערשעלע אָסטראָפּאָליער", „איקס, מיקס, דריקס", „קוקוריקו". „שלום־עליכם", „פּורים־קאַבאַרעט", „חצי שלי, חצי שלך" א. אַנד.

שטערנבערג האָט זיך נישט באַגרענעצט מיט זיין גרויסן טעאַטער־טאַלאַנט בלויז צו רעווי־ספּעקטאַקלען, ער האָט אויך רעזשיסירט ערנסטע פּיעסן פון רומענישע און אויסלענדישע מחב־רים. גענוג צו דערמאָנען די צויבער־אַטמאָספער וואָס שטערנבערג האָט געשאַפן דורך זיין רעזשי אין דימאָווס „יאַשקע מוזיקאַנט", אויך י. ל. פּרצס „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק", שלום־־עליכמס „אוצר", גאָגאָלס „חתונה", פון יעקב שטערנבערגס און ל. מלאך „דער געלער שאָטן" און פיל אַנדערע וואָס זענען געווען קוואַלן פון קינסטלערישער הנאה און האָבן אַרויסגערופן באַגייסטערונג.

שטערנבערג האָט מיט זיין רעזשי דערצויגן אַקטיאָרן און אַקטריסעס. יוליאַן שוואַרץ,[3] וועלכער האָט נאָכגעפאָלגט די טע־

אַטראַלע קאַריערע פון סידי טאַל, שטרייכט אונטער אַז די שוישפּי־לערין, אַ טעמפּעראַמענטפולע אַקטריסע, האָט אין שטערנבערגס רעזשי זיך אַנטפּלעקט מיט איר איידלקייט, מיט איר ליריזם, און ווי שיין און לויטער עס האָט געקלונגען איר יִדיש.

אַ צווייטע גרויסע אַקטריסע איז געווען סעווילאַ פּאַסטער.[4] שטערנבערג האָט זיך דערקענט אויף איר טאַלאַנט און אים זייער אָפּגעשאַצט. זי אַליין האָט דערציילט, ווי שווער ס׳איז איר אָנגעקומען זיך צוצופּאַסן צו דעם קינסטלערישן אופן פון שטערנבערגס טעאַטער, נאָך דעם ווי זי האָט פריִער געשפּילט שונד. זי האָט עס אָפּגעשאַצט און ווען רעזשיסערן פון דייטשן, אָדער אונגאַרישן אָפּערן־טעאַטער האָבן זי באַוואָרפן מיט פאָרשלאָגן מיט פיל בע־סערע באַדינגונגען, און ס׳האָט אויך נישט געפעלט אַ פאָרשלאַג פון באַקאַנטן רעזשיסער וויקטאָר יאָן פּאָפּע פאַרן רומענישן טעאַטער, האָט סעווילאַ זיי אַלעמען אָפּגעזאָגט. די סיבה איז געווען, ווי זי פלעגט זיך אָפט אויסדריקן: „אויב איך בין אַ גוטע אַקטריסע, פאַר וואָס זאָל דאָס יִדישע פּובליקום נישט הנאה האָבן פון מיר?"

יעקב שטערנבערג האָט זיך פאַרוואָרצלט אין דעם פרוכטבאַרן באָדן פון יִדישן טעאַטער אין רומעניע. איינער פון די סאַמע אָנגעזעענע טעאַטער־קריטיקער,[5] וואָס האָט זיך אויספירלעך אָפּגעשטעלט אויף דעם פאַרגלייך צווישן אברהם גאָלדפאַדען, איז שלמה ביקל וועלכער האַלט, אַז יעקב שטערנבערג האָט פאַרנומען אַ צענטראַלע פּאָזיציע אין דער יִדיש־שעפערישקייט, ווי אויך אין געזעלשאַפטלעכן יִדישן קולטור־לעבן אין רומעניע.

שטערנבערג איז געשטאַנען העכער ווי די אַנדערע טעאַטראַלע טוער, אַ חוץ אברהם גאָלדפאַדען. גאָלדפאַדען פלעגט אַרומפאָרן מיט זיינע ספּעקטאַקלען אין אַלע טיילן פון רומעניע און אויך אין

---

3. „פּאָרטרעטן און עסייען", פאַרלאַג „קריטעריאָן", בוקאַרעשט 1973. סידי טאַל, זייטן 192—196.
4. דאָרטן, סעווילאַ פּאַסטער, זייטן 180—184.
5. שלמה ביקל: „רומעניע", געשיכטע, ליטעראַטור־קריטיק, זכרונות, „קיום" פאַרלאַג, פּועלי־ציון, ב.־איירעס, 1961, יעקב שטערנבערג, זייטן 235—240.

די שכנותדיקע לענדער, דאַקעגן איז י. שטערנבערג געווען מער אַ יושב־אוהל, ער פלעגט זיך נישט רירן פון אָרט און האָט נישט באַזוכט די ייִדישע ישובים אין דער וועלט. ער האָט געהאַט דעם דיכטערישן קאַפּריז און אויך געהאַט די באַרעכטיקטע אַמביציע צו רעדן צו דער ייִדישער וועלט דורך זיין ישוב. דערמיט קען מען דערקלערן דעם פאַקט, וואָס דער ייִדישער טעאַטער אין רומעניע איז נישט געווען באַקאַנט מחוץ די גרענעצן פון רומעניע.

יעקב שטערנבערג, דער דיכטער און רעזשיסער, איז געווען געגנויגט צו פּאָליטישן לינקיזם, דאָס וואָס האָט געבראַכט דעם בעסאַראַבער־־רומענישן קינסטלער קיין מאָסקווע. די לעצטע יאָרן האָט ער אַרויסגעוויזן פיל שפּירעוודיקייט צו די ייִדישע נאַציאָ־נאַלע ענינים. לעצטנס פלעגן אָנקומען ידיעות פון מאָסקווע, אַז ער וויל עולה זיין קיין ישראל.

אין יענער תּקופה, אין מאַי 1971, האָט די שרייבער־זשורי ביים בעסאַראַבער פאַרבאַנד אין תּל־אביב צוגעטיילט יעקב שטערנבערגן דעם ליטעראַרישן פּרייז אויפן נאָמען פון יעקב פיכמאַן.

דעם 5.6.1972 האָב איך באַקומען פון אים אַ דאַנקבריוו פאַרן צוגעטיילטן פּרייז.[6]

**די „ווילנער טרופּע"**

ווען מען פּרוּווט אָנווייזן אויף די הויפּט־פאַקטאָרן אין דעם ייִדישן טעאַטער אין רומעניע, נאָכן טויט פון א. גאָלדפאַדען, מוז

6. זע די צייטשריפט „בעסאַראַבער ייִדן", תּל־אביב, יולי 1972 (אב תשל"ח), אַ בריוו פון שטערנבערג:
„חשובער יו"ר האגוד העולמי של יהודי בסרביה, ח' יצחק קאָרן, מיט גרויס באַפרידיקונג באַשטעטיק איך דאָס דערהאַלטן אייער באַגריסונג, דעם דיפּלאָם און די בראָשור אין צוזאַמענהאַנג מיט דער צוגעטיילטער יעקב פיכמאַן־פּרעמיע פאַר ליטעראַטור און קונסט.
„דער נאָמען יעקב פיכמאַן איז ביי מיר געהייליקט און געקרוינט. עס וועט נישט זיין קיין מליצה, ווען איך וועל זאָגן, הייליק טייער. ער פאַרקערפּערט אין מיינע אויגן די איידלסטע מעלות טובות פונעם בעסאַראַבער ייִדישן שבט".

מען פעסטשטעלן, אַז די צוויי וויכטיקסטע טעאַטראַלע פאַקטאָרן זענען געווען — דער רעזשיסער יעקב שטערנבערג פון איין זייט און די „ווילנער טרופע" פון דער צווייטער זייט. זיי דערשיינען כּמעט פּאַראַלעל. שטערנבערג איז דערשינען מיט זיין רעזשי אין 1917 און די ערשטע פאָרשטעלונגען פון די „ווילנער" האָבן זיך אָנגעהויבן אין בוקאַרעשט אין 1922. די ווילנער האָבן מיט זייער טרופּע געשאַפן טעאַטראַלע געשיכטע און האָבן שנעל פאַרכאַפּט די אויפמערקזאַמקייט פון די גרויסע ייִדישע מאַסן צו זייערע פאָר־שטעלונגען. דאָס איז געווען מער ווי טעאַטער. דאָס איז געווען אַ קולטור־פאַרמעסט אין מאַסן־מאַסשטאַב. און אויב מיר זוכן אין יעדער קינסטלערישער מאַניפעסטאַציע דאָס וואָס זי האָט צו־געטראָגן צו אונדזער ייִדיש־קולטור, מוז מען קלאָר פעסטשטעלן אַז די „ווילנער טרופּע" האָט נישט בלויז ביי ייִדן און נישט־ייִדן אַרויסגערופן זייער אַ סך סימפּאַטיע און באַגייסטערונג, נאָר זי איז אויך געווען אַ דייטלעכער דערציערישער פאַקטאָר. אגב, ווען איך זאָג, אַז צווישן די ענטוזיאַסטן זענען געווען פיל נישט־יידן, מוז איך אונטערשטרייכן אַז אין רומעניע האָט מען געהאַט אַן אָפן האַרץ מיט פיל אַנערקענונג צו דער באַפעלקערונג, וועלכע האָט געווידמעט מי און טאַלאַנט צו אַנטוויקלען די טעאַטראַלע קונסט. דאָרט איז, קאָן מען זאָגן, געווען אַן אַלגעמיינער טעאַטער־קולט און טאַקע דערפאַר אַזוי פיל אויפמערקזאַמקייט און אַנערקענונג.

אין די צען יאָר, וואָס די „ווילנער" האָבן פאַרבראַכט אין רו־מעניע, האָבן זיי אויפגעפירט פאָלגנדיקע פּיעסן: „טאָג און נאַכט", „דער דיבוק", „זשאָרזש דאַנדען", „גרינע פעלדער", „די הויפּט־זאַך", „טעג פון אונדזער לעבן", „דער געראַנק", „אויפן אָפּגרונט", „דער לעבעדיקער מת", „דער דאָרפסיונג", „פאַרלוירענע האָפ־נונג", „אוריאל אַקאָסטאַ", „יאַנקל דער שמיד", „דער זינגער פון זיין טרויער", „דער קיביצער", „דאָס גרויסע געווינס" און „דער אוצר" פון שלום עליכם.

נישטאָ קיין צוויי מיינונגען וועגן דעם גלאָררייכן קאַפּיטל פון דער „ווילנער טרופּע" אין רומעניע. מיט זייער שפּילן האָבן זיי

דערגרייכט צו קינסטלערישער שלימות. אין דער ייִדישער און נישט־ייִדישער פּרעסע זענען די „ווילנער", וואָס האָבן צען יאָר געשפּילט אין רומעניע, פאַרצייכנט געוואָרן ווי די טרופּע וואָס האָט נישט געהאַט קיין גלייכן צו זיך, נישט נאָר אין רומעניע נאָר אויך אין די אַרומיקע לענדער.

דער באַקאַנטער דראַמאַטורג, דער דעמאָלטיקער דירעקטאָר פון „נאַציאָנאַלן טעאַטער אין רומעניע", וויקטאָר עפטימיו, איז געווען באַצויבערט פון די פאָרשטעלונגען פון די ווילנער. צווישן אַנדערן שרייבט ער: „...,דער זינגער פון זיין טרויער' איז אַ מאָדעל פון רעאַליסטישן, סטיליזירטן טעאַטער. די טרופּע, וועלכע האָט אונדז מיט דעם מזכּה געווען, וואָלט באַדאַרפט אויפגעהאַלטן ווערן אין בוקאַרעשט, ווו זי ברענגט מיט זיך אַ שטראָם פון איבער די גרענעצן. עפּעס פון די אָנשטרענגונגען צו פולקאָמענקייט פון רוסישן און דייטשן טעאַטער. ס'איז קודם־כּל דער חוב פון די רומענישע ייִדן אָנצווענדן אַלע מעגלעכקייטן און אויפהאַלטן אָט די אומפאַרגלייכלעכע שוישפּילער".

„די ווילנער — שרייבט ער — האָבן אויסצוטראָגן חוץ די שוועריקייטן פון אַלע טעאַטערס די מאַסע פון צו גרויסע שטייערן, 23 פּראָצענט, און באַקומען נישט קיין שום סובסידיעס, די מלוכה וואָלט געקאָנט רעדוצירן די שטייערן".

וויקטאָר עפטימיוס פאָרשלאַג האָט באַוויזן אַז אויך די נישט־ייִדישע בינע־מומחים האָבן איינגעזען אַז די „ווילנער טרופּע" איז געווען אַן אוניקום אין ייִדישן טעאַטער־לעבן אין רומעניע.

מיר געפינען אויך אַן אַנדערע אָפּשאַצונג פון דעם ספּעקטאַקל „דער זינגער פון זיין טרויער", ווו ס'ווערט געזאָגט, אַז „ס'איז דער געלונגענסטער קונסט־ספּעקטאַקל וואָס מיר האָבן זוכה געווען צו זען אין די לעצטע יאָרן נישט נאָר אין רומעניע, נאָר אויך אין די צענטערס פון מערב־איראָפּע. די פּיעסע ווערט געשפּילט אין אַ הויכער שלמותדיקער פאָרם. די טרופּע האָט שוישפּילער וואָס קע־נען זיך פאַרגלייכן מיט די גרעסטע טראַגיקער פון אונדזער צייט".

יעדער ספּעקטאַקל פון די „ווילנער" האָט באַקומען אין דער

פּרעסע אַ פּולזייטיקע באַלויכטונג צוזאַמען מיט די שוישפּילער פון די הויפּטראָלן.

אויפן העלן הימל פון די „ווילנער" אין רומעניע האָבן זיך באַוויזן אַ פּאָר טונקעלע וואָלקנס, וועלכע האָבן געשאַפן אַ שלעכ־טע שטימונג גראָד ביי די גרויסע פריינד פון דער „ווילנער טרופּע". דאָס איז געשען צוליב אַן אַרטיקל אין די „ליטעראַרישע בלעטער" (וואַרשע), אין וועלכן יוסף בולאָוו האָט געשריבן וועגן דעם גרויסן דערפאָלג פון די „ווילנער" אין רומעניע. בולאָוו האָט נישט דער־מאָנט דעם בייטראָג פון יעקב שטערנבערג, אַלס רעזשיסער אין דעם ספּעקטאַקל „דער זינגער פון זיין טרויער". ס'איז געווען גוט באַקאַנט, אַז שטערנבערג האָט צום אויספירן די פּיעסע פּיל בייגע־טראָגן. דאָ האָט גענומען דאָס וואָרט שלמה ביקל דורך אַ שאַרף אַרטיקל אויך אין די „ליטעראַרישע בלעטער", געשריבן מיט אַ גע־וויסן סאַרקאַזם. דאָס אַרטיקל האָט געהייסן „עיקר שכחתי". ביקל האָט אויפגעמישט אַ שאַרפע פּרשה, אונטערשטרייכנדיק אַז דער ישוב אין רומעניע איז געווען פאַרנאַכלעסיקט דורך די אָפיציעלע צענטערס אין וואַרשע און אין ניו־יאָרק. שלמה ביקל דערמאָנט, אגב, אַז די פעיִקע גרופּע פון יִדישע שרייבער אין בוקאַרעשט ווי: אליעזר שטיינבאַרג, יעקב שטערנבערג, איציק מאַנגער און משה אַלטמאַן זענען נישט צוגעלאָזט געוואָרן צו דער טריבונע אין וואַר־שע, כאָטש די רומענישע שרייבער־גרופּע פאַרמאָגט טאַלאַנט, וויסן און אידעאַליזם.

שלמה ביקל גיט צו אין זיין אַרטיקל „עיקר שכחתי", אַז מען טאָר נישט פאַרגעסן, אַז די געשיכטע פון יִדישן טעאַטער אין רו־מעניע הויבט זיך נישט אָן מיט דער פּיעסע „דער זינגער פון זיין טרויער", נאָר מיט פופציק יאָר פריִער, ווען אברהם גאָלדפאַדען האָט געלייגט די יסודות פון אַן ערנסטן יִדישן טעאַטער אין רומעניע, צוערשט אין יאַס, דערנאָך אין בוקאַרעשט. דער בייסיקער „עיקר שכחתי" האָט זיך נישט צעפלאַקערט אין אַ פּאָלעמיק און דאָס פייערל האָט זיך פאַמעלעך איינגעלאָשן.

די גאָלדענע תקופה פון יִדישן טעאַטער אין רומעניע —

1922—1935 — איז זיך צונויפגעפאַלן מיט די יאָרן ווען די „ווילנער טרופּע" איז געווען אין רומעניע. די ווילנער — ווי געזאָגט — האָבן געהאַט אַ גרויסן מאָראַלישן דערפאָלג, זיי האָבן אָבער שטאַרק געהונקען מאַטעריעל. אין די זומער־חדשים זענען די פאָר־שטעלונגען פאָרגעקומען אין בוקאַרעשט און אין יאַס, אָבער אין די ווינטער־חדשים האָבן די „ווילנער" באַזוכט די פּראָווינץ־שטעט פון מאָלדאַווע, בעסאַראַביע און בוקאָווינע. פאַר טראַנסילוואַניע האָבן זיי נישט באַקומען קיין דערלויבעניש צו שפּילן. דאָס האָט אַרויס־גערופן פאַרדרוס אין די ייִדיש־קרייזן אין טראַנסילוואַניע. דער דירעקטאָר מזאה האָט געמאַכט גרויסע אָנשטרענגונגען און ענד־לעך באַקומען אַ דערלויבעניש די „ווילנער" זאָלן מעגן שפּילן אין טראַנסילוואַניע.[7]

און דאָ איז פאָרגעקומען אַן אינטערעסאַנטע זאַך: ווען די ווילנער זענען אָנגעקומען קיין סאַטמאַר, איז דער רבי יואליש טייטלבוים געווען, פאַרשטייט זיך, זייער נישט צופרידן, האָט ער פאַרבאָטן בייצווווינען די פאָרשטעלונגען. אין דער פאָרשטעלונג „דער דיבוק" — האָט ער געזאָגט — מאַכן זיי חוזק פון דער הלכה. זיין וואָרט איז געווען ממש ווי אַ חרם אויף די „ווילנער".

דער פאַקט האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם ביי אַ גרויסן טייל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג. דער דירעקטאָר מזאה האָט גע־טענהט אַז מען קען נישט אָפּלייגן קיין שום פאָרשטעלונג, ווייל די בילעטן פאַר דער גאַנצער וואָך זענען אויספאַרקויפט. אַנדערע האָבן באַמערקט, אַז צוליבן חרם פון רבי יואל טייטלבוים, וועט דער עולם נישט קומען און דאָס וועט ברענגען געוואַלדיקע שאָדנס. מען האָט ריזיקירט און באַשלאָסן דורכפירן די פאָרשטעלונג.

אין טאָג פון דער ערשטער פאָרשטעלונג איז דער גרויסער זאַל אין סאַטמאַר געווען פול געפאַקט. אָבער אַ האַלבע שעה פאַרן אָנהויב פון אָוונט האָט מען איבערגעגעבן דעם דירעקטאָר מזאה,

7. „הונדערט יאָר ייִדיש טעאַטער", זייטן 11160—163.

אַז אַרום דעם זאַל דרייען זיך אַרום אַ גרעסערע צאָל ישיבה־בחורים, מיט פאות און לאַנגע קאַפּאָטעס און ברייטע היטלעך אויפן קאָפּ. דער איינדרוק איז געווען אַז די בחורים ווילן אויפרייסן די פאָרשטעלונג. האָט מזאה געבעטן איינלאַדן איינעם פון די ישיבה־בחורים. דער ישיבה־בחור האָט דאַן געזאָגט דעם דירעקטאָר מזאה, אַז אַזוי ווי זיי ווילן שטאַרק זען דעם „דיבוק" בעטן זיי צו געפינען הינטער די קוליסן אַ פּלאַץ אַז זיי זאָלן קענען זען די פאָרשטעלונג...

דאָס איז געווען אַ גרויסער מאָראַלישער דערפאָלג פאַר די ווילנער.

**באַזוכן פון באַרימטע יידישע אַקטיאָרן**

אין דער תּקופה פון 1922 ביז 1936 האָבן באַזוכט רומעניע באַרימטע יידישע אַקטיאָרן. די באַזוכן פאַלן צונויף כּמעט מיט דער זעלבער תּקופה פון דער „ווילנער טרופּע". דאָס האָט צוגעגעבן פיל פּרעסטיזש דעם יידישן טעאַטער אין רומעניע. די „ווילנער" ווי אויך די אַנדערע באַרימטע יידישע אַקטיאָרן האָבן געגעבן אַ וויכטיקן בייטראָג צו אַנטוויקלען יידיש און איר קולטור אין די יידישע געצעלטן אין רומעניע.

אין יענע יאָרן האָבן גאַסטראָלירט אין רומעניע פאָלגנדיקע אַקטיאָרן: פּאָול באַראַטאָוו, אידאַ קאַמינסקאַ, זיגמונט טורקאָוו, מישאַ פישזאָן, מאָריס שוואַרץ, הערץ גראָסבאַרד, לודוויג זאַץ, לידיאַ פּאָטאָצקאַיאַ, מאַלי פּיקאָן, חיהלע גראָבער און פיל אַנדערע.

מיר געפינען אין דער פּרעסע אַ זייער וואַרעמען אָפּקלאַנג פון רוב פאָרשטעלונגען פון די באַקאַנטע אַקטיאָרן.

וועגן מאָריס שוואַרצס ערשטן אויפטריט ווערט געזאָגט, אַז ער דערשיינט מיט זיין גרויסן טאַלאַנט ווי דער רעפאָרמאַטאָר פון יידישן טעאַטער. ער האָט זיך אויסגעצייכנט אין זיין דראַמאַטיש־מוזיקאַלישער פאָרשטעלונג. מאָריס שוואַרצס אַרויסטריטן האָבן ביים אָנהויב געשאַפן אַ דיסטאַנץ צווישן אים, דעם אינטעליגענטן שוישפּילער, און דער גרויסער צאָל צושויער, וועלכע האָבן אים

געוואַלט זען און הערן, אָבער גאָר אין גיכן האָט ער געפונען אַ געמיינזאַמע שפּראַך און אַ נאָענטקייט מיטן פּובליקום.

אַ גאָר גרויסן איינדרוק האָט געמאַכט אויף דעם ייִדישן צו־שויער אין רומעניע פּאַול באַראַטאָוו מיט זיינע פאָרשטעלונגען: „שמאַטעס", „גאָט פון נקמה". „הינקעמאַן", „דער פאָטער" און אַנדערע.

אין יאָר 1931 קומט פון אַמעריקע מאַלי פּיקאָן און זי נעמט זייער אויס ביי די טעאַטער־צושויער אין רומעניע. אין דער פּרעסע דערשיינען גאָר וואַרעמע אָפּשאַצונגען: „מאַלי פּיקאָן איז אַ פּע־נאָמען! זי זינגט, טאַנצט, שאַפט פאַרשידנאַרטיקע טיפּן, לאַכט און מאַכט אַנדערע לאַכן, וויינט און מאַכט אַנדערע וויינען און אַלץ מיט ברען, וואָס מאַכט דיך שטוינען. זי זשאָנגלירט אָן שום אָנ־שטרענגונגען מיט אַלע אויסדרוקס־מיטלען".

אין יאָר 1934 קומט אַן איבערראַשונג: לידיאַ פּאָטאָצקאַיאַ טרעט אויף אין גאָרדינס „מירעלע אפרת". „מירעלע אפרת" פון לידיאַ פּאָטאָצקאַיאַ האָט זיך איינגעבאַקן אין די הערצער פון דעם ייִדישן פּובליקום אין רומעניע. קיין בוקאַרעשט איז אויך געקומען לודוויג זאַץ מיט די פּיעסן: „דער גזלן", „אַלץ פאַר קינדער". זיין שפּילן ווערט שטאַרק אָפּגעשאַצט פון די טעאַטער־קריטיקער. מישאַ פישזאָן טרעט אַרויס מיט דער פּיעסע „דוד גאָלדער", לויטן ראָמאַן פון אירענאַ נעמיראָווסקי. ער נעמט זייער אויס און דער דירעקטאָר וויקטאָר עפטימיו לאַדט אים איין צו שפּילן פאַר אַרטיסטן פון „נאַציאָנאַלן טעאַטער". אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט ווערט געווידמעט דעם וואָרט־ווירטואָז, הערץ גראָסבאַרד.

ס'איז אינטערעסאַנט צו ברענגען דאָ די אָפּשאַצונג פון די 30ער יאָרן וועגן דעם וואָרט־ווירטואָז הערץ גראָסבאַרד, וואָס לעבט איצט מיט אונדז אין ישראל און ווערט נאָך היינט געזען ווי דער גרויסער וואָרטמייסטער. דעמאָלט, אין דער צייט פון די „ווילנער" אין רומעניע, געפינען מיר פאָלגנדיקע אָפּשאַצונג וועגן אים: „אויב איר ווילט וויסן וואָס ס'הייסט אַ מאַגיקער פון וואָרט, וואָס ס'באַטייט די צויבערקראַפט וועלכע פאַרמאָגט אַ ריינע קונסט־

דיקציע, אָן דער באַגלייטונג פונעם זשעסט און מימיק, אין אַ טרויערישער שילדערונג פון פּייסאַזש, כאַראַקטער, פון די טראַגעדיעס פונעם רעאַלן לעבן און פון דער עלאַן פונעם פּסיכישן און אינטעלעקטואַלן לעבן, גייט הערן הערץ גראָסבאַרד. מיט אַ צעשטרייטן זשעסט, עפנט ער אַ באַנד פּערזן, משלים אָדער מעשהלעך, פּאָעמען אָדער באַלאַדעס".

מ'קען נאָך ברענגען זייער פיל אָפּשאַצונגען וועגן די באַרימטע אַקטיאָרן וועלכע האָבן באַזוכט רומעניע. זיי האָבן אַריינגעבראַכט אָפּפרישונג און טיפע עמאָציעס ביים יידישן טעאַטערפּובליקום אין רומעניע. די דרויסנדיקע אַקטיאָרן האָבן סטימולירט ביידע יידישע טעאַטערס אין יאַס און אין בוקאַרעשט און האָבן זיי דערמוטיקט זיי זאָלן ממשיך זיין מיט אַ בעסערן און מער קינסטלערישן ניוואָ.

סיי די „ווילנער", סיי די לאָקאַלע יידישע טעאַטערס אין רומעניע האָבן שטאַרק געליטן פינאַנסיעל. דאָס האָט זיך אויסגעווירקט אויף דעם אינהאַלט פון דעם שפּילן אויף דער בינע. די סאַמע שווערע תּקופה איז געווען אין דער צייט ווען ס'איז אויסגעבראָכן, אין 1939, די צווייטע וועלט־מלחמה. די רומענישע רעגירונג האָט דאַן פאַרבאָטן שפּילן יידיש טעאַטער. אַפילו רעדן יידיש אויף די גאַסן איז פאַרבאָטן געוואָרן. מען האָט אָפּגעזאָגט די יידישע אַקטיאָרן פון די אַלגעמיינע טעאַטערס. די יידישע טעאַטערס זענען געשלאָסן געוואָרן. דאָס זענען געווען טעג פון שווערע גזירות. פיל פון די אַקטיאָרן האָט מען פאַרשיקט אין די צוואַנגס־לאַגערן.

אין אָט די סאַמע שוואַרצע טעג האָבן יידישע אַקטיאָרן זיך שווער געראַנגלט כּדי נישט איבעררייסן אין גאַנצן מיט דער בינע. מען האָט אָרגאַניזירט קולטור־מאַניפעסטאַציעס אין שולן און טעמפּלען, דורכגעפירט כּלומרשט געבוירנטעג אָדער יאָרצייטן פון באַקאַנטע יידישע שרייבער און שעפער און ביי דער געלעגנהייט ברענגען פון זייערע שאַפונגען.

די געהיימע פּאָליציי („סיגוראַנצאַ") האָט זיך נישט אָריענטירט. האָט מען אין די שווערסטע טעג פאַרשפּרייט צו ביסלעך

קולטור. לויט דער דאָזיקער שיטה זענען די פיינסטע שעפער פון יידישן וואָרט ווי: שלום־עליכם, פּרץ, שלום אַש, גאָלדפאַדען און פיל אַנדערע געבוירן געוואָרן און געשטאָרבן עטלעכע מאָל אין יאָר!...

ערשט נאָך דער באַפרייונג פון רומעניע פון דעם פאַשיסטישן יאָך, דעם 23סטן אויגוסט 1944, האָבן אָנגעהויבן צוריקצוקומען פון די צוואַנגס־לאַגערן אויך אַ סך פון די יידישע אַקטיאָרן און פון די וואָס האָבן באַדינט די יידישע בינע. די ערשטע צייט האָט זיך נישט איינגעגעבן תּיכף צו אָרגאַניזירן טעאַטער־טרופּעס און די אַקטיאָרן האָבן געמאַכט זייערע ערשטע טריט דורך שפּילן מיניאַ־טור־רעפּערטואַר, ס'הייסט: לידער, רעציטאַציעס פון קלאַסיקער און אויך היינטצייטיקע שרייבער. דער רעפּערטואַר האָט אָפּגע־שפּיגלט די טרויעריקע און שווערע איבערלעבונגען פון נאָענטן עבר.

אין יענע טעג איז געמאַכט געוואָרן אַן ערנסטער פּרווו אויפ־צופירן שלום־עליכמס פּיעסע „מענטשן". ס'איז אויך געווען אַ פּראָגראַם צונויפגעשטעלט פון לידער פון מאָריס ראָזענפעלד, י. ל. פּרץ און אליעזר שטיינבאַרג. רעזשיסירט האָט איזאַ שאַפּיראָ.

מיט דער פאַרפעסטיקונג פון די פּאָזיציעס פון נייעם רעזשים האָבן זיך אויך געשאַפן באַדינגונגען פאַר אַ ווירדיק לעבן, אָן נאַ־ציאָנאַלע דיסקרימינאַציעס, פאַר אַלע בירגער פון לאַנד.

אין יאָר 1945 האָט די באַגאַבטע אַקטריסע פון יידישן טעאַטער, דינה קעניג, מיט פיל מי און איניציאַטיוו געגרינדעט אַ טרופּע אין וועלכער ס'האָבן געשפּילט אויסער איר, אויך די אַקטיאָרן: מאַו־ריציו מעקלער, יצחק כאַוויס, בענאַ פּאָליקער, אַבראַשאַ גאָלדינער, פּאַרק גליקמאַן — די טרופּע איז אַרומגעפאָרן איבער זייער פיל שטעט און שטעטלעך מיט אַ רעפּערטואַר פון אברהם גאָלדפאַדען, קאָברין און אַנדערע. עס האָט פון ס'ניי אויפגעברויזט ביי דער טעאַטער־מאַסע די בענקשאַפט צום יידישן וואָרט.

אין זעלבן יאָר האָט דער בוקאַרעשטער „איקוף" געגרינדעט דעם „איקוף־טעאַטער" אונטער דער רעזשי פון יעקב מאַנסדאָרף.

דער „איקוף־טעאַטער״ האָט געשטעלט פאַר זיך ווי אַ הויפּטצוועק צו ברענגען קינסטלערישע פאָרשטעלונגען אויף אַ הויכן ניווא. דער „איקוף־טעאַטער״ האָט אויפגעפירט „איך לעב״, „די פּישופמאַכע־רין״, „טביה דער מילכיקער״ און אַ פּיעסע פון י. ל. פּרץ. דאָס איז געווען דער דעביוט פון דעם „איקוף־טעאַטער״, אונטער דער רעזשי פון יעקב מאַנסדאָרף. די דעקאָראַציעס האָט געמאָלט דער מאָלער משה רודיגער און די מוזיק איז געווען פון חיים שוואַרצ־מאַן.

אין יאַס איז אין דער זעלבער צייט געגרינדעט געוואָרן די טרופּע „יִדיש״, וועלכע האָט דורכגעפירט די ספּעקטאַקלען: „מזל־טוב״, „מענטשן״ פון שלום־עליכם, „די קאַפּריזנע כלה״ פון אברהם גאָלדפאַדען און „פּאַמול ווערדע״ פון זשעני זעלצער.

די צוויי טרופּעס אין יאַס און אין בוקאַרעשט, האָבן פיל בייגעטראָגן אין די יאָרן 1946—1948 צו דער דערוואַכונג פון דער יִדישער בינע, וואָס האָט געשטרעבט צו שאַפן די יסודות פאַר אַ בעסער טעאַטער.

אין יענער תּקופה שאַפן זיך צוויי טעאַטער־קאָלעקטיוון וועל־כע דערפירן צו דער גרינדונג פון די מלוכה־טעאַטערס: אין בו־קאַרעשט, דעם 1טן אויגוסט 1948 און אין יאַס, נאָוועמבער 1948.

די גרינדונג פון די צוויי מלוכה־טעאַטערס שאַפט אַ נייע תּקופה פאַר דער יִדישער בינע אין רומעניע, די מאַטעריעלע באַ־דינגונגען ווערן פאַרבעסערט און נייע פּערספּעקטיוון דערשיינען אויפן האָריזאָנט פון בוקאַרעשטער און יאַסער מלוכה־טעאַטערס.

דאָס געפיל פון גלייכבאַרעכטיקונג שטאַרקט אויך דעם מאָראַל פון די שוישפּילער. דער אינהאַלט פון די פּיעסן אין יאַס און בוקאַ־רעשט ווערט בעסער.

ווען מען באַטראַכט דעם סך־הכּל פון די פאָרשטעלונגען פון די 50ער יאָרן ביז די 80ער פון 20סטן יאָרהונדערט, ווייזט זיך אַרויס, אַז ביידע טעאַטערס — אין בוקאַרעשט און אין יאַס — האָבן אויסגעפירט מער פון 70 יִדישע ספּעקטאַקלען, וואָס זענען געזען געוואָרן פון מער ווי אַ מיליאָן צושויער. דער צוזאַמענשטעל פון

די שווישפּילערס איז אין די 50ער און 60ער יאָרן באַרייכערט גע־וואָרן מיט אַ צאָל יונגע כּוחות וואָס האָבן צוגעגעבן אַ נייעם אימ־פּולס דער ייִדישער בינע אין רומעניע.

די צאָל באַרימטע אַקטיאָרן פון אויסלאַנד ווערן אַלץ ווייני־קער. מען שפּילט אַ טייל פון די אַלטע געלונגענע פּיעסן און פיל פון אברהם גאָלדפאַדענס יצירה. מיט דער צייט ווערט די צאָל צושויער אין ייִדישן טעאַטער אין יאַס באַדייטנט קלענער.

אין אויגוסט 1983 בין איך געשטאַנען זוכן דעם ייִדישן טעאַ־טער אין יאַס. אויפן אָרט פון דעם גאָרטן „פּאָמול ווערדע" האָב איך דערזען אַ מעמאָריאַל־שטאַנד ווו ס'איז אָנגעגעבן, אַז דאָ איז מיט מער ווי 100 יאָר צוריק געווען אַ גאָרטן „פּאָמול ווערדע" און מען האָט דאָ געשפּילט ייִדיש טעאַטער.

אין דער זעלבער צייט איז דער ייִדישער מלוכה־טעאַטער אין בוקאַרעשט נאָך געבליבן אין דעם זאַל „באַראַשעום". דאָס איז דער פּלאַץ ווו מען שפּילט נאָך ייִדישע פּיעסן פאַר אַ קליינער צאָל צושויער. „באַראַשעום" — וואָס איז יאָרנלאַנג געווען דער ייִדי־שער צענטער אין בוקאַרעשט, ראַנגלט זיך אויפצוהאַלטן דאָס ליכטל פון דער ייִדיש־בינע.

## קאַפּיטל ניין

# די ייִדישע שרייבער־משפּחה אין רומעניע

### צעוואָרפענע זאַנגען

די ייִדישע שרייבער־משפּחה אין רומעניע, וואָס דאָס מיינט: די ייִדישע ליטעראַטור אין דעם לאַנד, האָט אין איר אַנטוויקלונג עטלעכע עטאַפּן: איר אָנהייב, איר אויפשטייג, איר טראַגיש־אויפגעצוווּנגענע איינשרומפּונג, וואָס איז פאַרבליבן אין אַ געצוימטן מאַשטאַב אין יאָר 1986, ווען אַ הייפעלע ייִדישע שרייבער ראַנגלען זיך אויפצוהאַלטן דעם ניצוץ פון ווייטערדיקן המשך.

מען קען נישט שרייבן וועגן דער ייִדישער ליטערטור אין רומעניע און זיך נישט אָפּשטעלן — כאָטש בקיצור — אויף אַ ריי מאָמענטן אויף וועלכע מיר שטויסן זיך אָן. איך האָב נישט קיין כּוונה אויסצושעפּן אַלע איינצלהייטן, נאָר אין אַ געוויסער מאָס קלאָר צו מאַכן די אינערלעכע און אויסערלעכע געזעלשאַפטלעכע און גייסטיקע פּראָבלעמאַטיק, וואָס האָט נישט ווייניק געהאָלפן צוגרייטן דעם באָדן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין רומעניע.

אין די פריערדיקע קאַפּיטלעך האָב איך געבראַכט די וואָגיקע מיינונג פונעם דיכטער יעקב גראָפּער וועגן דעם גרויסן פעלער וואָס ס'האָבן באַגאַנגען די ייִדישע פּענמענטשן אין רומעניע, בעיקר אין די פריִערדיקע 2 יאָרהונדערטער, דערמיט וואָס זיי האָבן נישט געזאָרגט צו פאַרנאָטירן קיין ערנסטע אינפאָרמאַציע וועגן די ערשטע ייִדישע שעפער, כּדי ס'זאָל פאַר אונדז קלאָר ווערן דער המשך און די אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור. דאָס וואָס עס איז יאָ געבליבן פון די פריִערדיקע דורות זענען בלויז צעוואָר־

פענע זאַנגען, נישט קיין דורכויס באַגלויבטער מאַטעריאַל פאַר דער געשיכטע פון דער דאָזיקער ליטעראַטור.

די ערשטע פראַגע וואָס עס שטעלט זיך פאַר אונדז: ווי איז געווען דער זייטיקער איינפלוס צווישן דער ייִדישער און רומעני־שער שאַפונג?

ס'איז באַקאַנט, אַז די ערשטראַנגיקע שעפער פון דער רומע־נישער ליטעראַטור האָבן זיך טיילווייז אויסגעלעבט צווישן די קאָמפּאַקטע ייִדישע מאַסן, בעיקר אין די מאָלדאַווישע שטעט און שטעטלעך. איז דעריבער קיין וווּנדער נישט וואָס זיי האָבן אַריינ־געבראַכט אין זייערע שאַפונגען פיל אייגנאַרטיקע ייִדישע טיפּן און ייִדישע מנהגים, אַוועקשטעלנדיק זיי אין אַ פּאָזיטיווער ליכט. גלייכצייטיק קען מען אויך נישט אָפּלייקענען, אַז אין דער רומע־נישער ליטעראַטור זענען פאַראַן בייזוויליקע און אַנטיסעמיטישע שילדערונגען וועגן ייִדן.

ס'איז פאַרשטענדלעך, אַז דער רומענישער פּייזאַזש האָט גע־האַט אַן איינפלוס אויפן ייִדישן שרייבער און זיך אָפּגעשפּיגלט אין דער ייִדישער שאַפונג אין רומעניע. יוליאַן שוואַרץ[1] האָט טאַקע אויפן סמך פון אַ ריי פאָלקסטימלעכע לידער און געזאַנגען אָנגע־וויזן אַז דער ייִדישער דיכטער אין רומעניע איז געווען זייער שטאַרק באַאיינפלוסט פון דער ליריק און פון די פאָלקסמאָטיוון פון דער רומענישער שאַפונג. אויך די אייגנאַרטיקע רומענישע פאָלקס־שאַפונג, די „דאָינאַ", „מיאָריצאַ" און אַנדערע פאָלקסלידער, וועל־כע האָבן באַזונגען די ביטערע דאָליע און טרויער פון רומענישן פאָלקסמענטש, האָבן געפונען אַ טיפן אָפּקלאַנג און נשמה־נאָענטקייט ביים ייִדישן דיכטער און שרייבער אין רומעניע.

יוליאַן שוואַרץ שרייבט:

„...אין אַמאָליקן רומעניע, נישט געקוקט אויף דער פעטער
ערד מיט גאָלדענע זאַנגען, מיט אירע זאַפטיקע פּירות, מיט

---

1. זע יוליאַן שוואַרץ: „ליטעראַרישע דערמאָנונגען", פאַרלאַג „קריטעריאָן", בוקאַרעשט 1975, זייטן 154—174.

אירע שפּעדישקע לאָנקעס באַפּינטלטע מיט בלומען ווי שטערנדלעך, האָט דאָס ייִדישע פֿאָלק אויך געוווּסט פֿון טיפֿע ווייען פֿון אַ האַרט לעבן".

דער ייִדישער דיכטער אין רומעניע האָט מיטגעוווייטיקט די עוולות, די ליידן פֿון זיינע מיטמענטשן, מיטגעפֿילט דעם פֿויערישן אומעט און טרויער.

אָט דער דאָזיקער שותּפֿות־קלימאַט צווישן דער ייִדישער און רומענישער שאַפֿונג איז נאָך פֿונדאַמענטאַל נישט אויסגעפֿאָרשט געוואָרן. אַזאַ פֿאָרשאַרבעט וואָלט געהאָלפֿן בעסער צו פֿאַרשטיין די אַלזייטיקייט פֿון דער דאָרטיקער ייִדישער שאַפֿונג.



מען דאַרף אויך דערמאָנען אַז אַ טייל פֿון די ייִדישע שרייבער, געבוירענע אין אַלט־רומעניע („פּאַמענטענער") האָבן אויסגע־דריקט אַ מיינונג, אַז די אַריינגעקומענע שרייבער פֿון רוסלאַנד, פּוילן, גאַליציע דערשטיקן דעם אייגנאַרטיקן וווּקס פֿון דער אָרטי־קער ייִדישער שאַפֿונג, און פֿאַרפֿלייצן זי מיט פֿרעמדע השפּעות. דער הויפּטקעמפֿער פֿון דער דאָזיקער גרופּע ייִדישע שרייבער, גע־בוירענע אין אַלט־רומעניע, איז געווען ווי דערמאָנט, דער דיכטער יעקב גראָפּער, וועלכער האָט אין אַן איינגעהאַלטענעם טאָן, אָבער קלאָר, געטענהט קעגן די פֿון דער פֿרעמד אַריינגעקומענע. די שריי־בער און קולטור־טוער האָבן, פֿאַרשטייט זיך, נישט מסכּים געווען מיט דער דאָזיקער שטעלונג און האָבן געטענהט און אויפֿגעוויזן אַז זיי פֿילן אויס אַ גרויסע שליחות, זיי ברענגען אַריין תּורה און קולטור צווישן דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין רומעניע.

דער באַקאַנטער שרייבער און עסייִסט, ד"ר שלמה ביקל[2] האָט אין זיין עסיי: „וועגן דעם אָנהויב פֿון דער מאָדערנער ייִדיש־ליטעראַטור אין רומעניע", אָביעקטיוו אָוועקגעשטעלט די טענות פֿון די „פּאַמענטענע", פֿון די הי געבוירענע. ער האָט אָבער

2. זע: „שמואל ניגער־בוך", רעדאַגירט פֿון שלמה ביקל און לייבוש לערער, אַרויסגעגעבן דורכן „ייִוואָ", ניו־יאָרק 1958, זייטן 72—80.

נישט אָנגענומען קיין קלאָרע שטעלונג. מיר שיינט, אַז דאָס פּראָבלעם איז געווען נישט נאָר אויפן געביט פון דער ייִדישער ליטעראַטור, נאָר אויך אויפן געזעלשאַפטלעכן, קולטורעלן און סאָציאַלן געביט. אויף די אַלע געביטן האָבן די „ניי־צוגעקומענע" אַרויפגעלייגט זייער חותם און אויסגעפילט אַ זייער פּאָזיטיווע אויפגאַבע.

לאָמיר ברענגען אייניקע ביישפּילן וועגן דער נישט־ריכטיקייט פון דער קלאַסיפיקאַציע: וועלוול זבאַרזשער, פון זבאַרזש, האָט צענדליקער יאָרן געלעבט צווישן די ייִדן פון רומעניע, דאָרט געשאַפן, געפירט אַ פאַרצווייגטע קולטור־אַרבעט, אַרויסגעגעבן אין בוכפאָרעם זיינע לידער „חזון למועד". ער האָט עלעקטריזירט מיט זיין שאַפונג די דאָרטיקע ייִדישע מאַסן, און צוליב זיין פּאָעמע „רומעניע" אין וועלכער ער האָט זיך אָנגענומען די קריוודע פון די רומענישע ייִדן, איז ער אַרויסגעשיקט געוואָרן פון רומעניע. קען מען אים נישט אַריינרעכענען אַלס מיטגליד פון דער ייִדיש־שרייבער משפּחה אין רומעניע? אָדער לאָמיר דערמאָנען דעם דיכטער און טעאַטראַל אברהם גאָלדפאַדען, פון רוסלאַנד, וועלכער האָט אַריינגעלייגט זיין גייסטיק־שעפערישן טאַלאַנט און אויפגעשטעלט דעם ערשטן ייִדישן טעאַטער אין דער וועלט — אין רומעניע, וואָס האָט געהאַט אַן אָפּקלאַנג אין דער גאָרער וועלט. אונטער דער השפּעה פון גאָלדפאַדען איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסע פּלעיאַדע ייִדישע קינסטלער און שוישפּילער. קען מען אברהם גאָלדפאַדענס טעטיקייט אָנרופן די „פאַרפּלייצעניש" פון די צוגעקומענע ייִדן? מען קען אַזוי אויסרעכענען נאָך פיל אַנדערע פון דער שרייבערוועלט, וועלכע האָבן נישט אָנגעהערט צו דער גרופּע געבוירענע אין אַלט־רומעניע, האָבן אָבער פיל צוגעטראָגן צו דער קולטורעלער אַנטוויקלונג פון דעם אָרטיקן ייִדישן ישוב.

ענלעכע ביישפּילן קען מען געפינען אויך אויפן געזעלשאַפטלעכן שטח פון די ייִדן אין רומעניע. אין 19טן יאָרהונדערט האָט זיך אין ייִדישן ישוב אין רומעניע צעפלאַקערט אַ פאַרביסענער געראַנגל צווישן דעם וועלט־באַווסטן תּלמיד־חכם און פירער פון דער אָרטאָדאָקסיע אין יענער תּקופה — דער מלבי"ם (געבוירן אין

יאָר 1809 אין וואָלאָטשיסק, געשטאָרבן אין 1879 אין קעניגסבערג), קעגן דעם רעפאָרם־פירער, דעם משׂכּיל יהודה באַראַש — אַליין פון בראָד (געבוירן 1818 — געשטאָרבן 1863). ס'זענען געווען ביטערע און פיינלעכע סצענעס אין דער דאָזיקער תּקופה. כאָטש ביידע נישט קיין אָרטיקע, האָבן זיי אָבער אויפגעטרייסלט די אָר־טיקע ייִדן פון זייער אַפּאַטישקייט און צוגעגעבן וואָג דעם גייסטיקן ניוואָ פון ייִדישן רומעניע.

כ'וויל דאָ דערמאָנען אַ באַגעגעניש וועלכע כ'האָב געהאַט מיט דעם דיכטער יעקב גראָפּער, ווען ער איז געקומען פון רומעניע זיך באַזעצן אין ישׂראל. מיר איז אויסגעקומען פיל מאָל צו שמועסן מיט אים. גראָפּער איז געווען אַ גרויסער מייסטער פון שמועסן, זיין טאַלענט פון „קאָזערי" האָט אַלעמען באַצויבערט. איך האָב געקענט זיין שטעלונג וועגן די צוגעקומענע ייִדישע שרייבער קיין רומעניע. ווען איך האָב געפּרוּווט באַרירן די דאָזיקע פראַגע, האָט ער אויסגעמיטן צו רעדן וועגן דעם דאָזיקן אַמאָליקן סכסוך, גלייך ווי ער וואָלט געזאָגט, אַז היינט איז שוין נישט נויטיק דאָס צו באַ־האַנדלען, אָבער ער האָט מיט גרויס שׂכל און עספּרי אונטערגע־שטראָכן דאָס אייגנאַרטיקע אין דער ייִדישער שאַפונג אין רומעניע און דעם חן פון דעם דאָזיקן שבט.

### די וויכטיקסטע קאָמפּאָנענטן פון דער ייִדישער ליטעראַטור

ווען מען וויל אָפּשאַצן די ייִדישע ליטעראַטור און די שרייבער־משפּחה אין רומעניע פון אַלע וויכטיקע פּראָווינצן: מאָלדאַווע, וואַלאַכיע, בעסאַראַביע, בוקאָווינע, מאַראַמאַרעש, קען מען גלייך באַמערקן אַז די דאָזיקע ליטעראַטור איז אַ צונויפגאָס פון פאַר־שידענע קולטור־השפּעות און פון פאַרשידנאַרטיקע ווערטן. דאָס אייגנאַרטיקייט וואָס יעדע פּראָווינץ האָט אַריינגעבראַכט האָט באַ־רייכערט די ליטעראַרישע שאַפונג און די דאָזיקע צונויפשמעלצונג פון די פאַרשידענע ניואַנסן האָט דערהויבן די באַדייטונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין רומעניע.

**מאָלדאָווע־ און וואַלאַכיע־נוסח**

נאָך דער פאַראייניקונג פון דיביידע פירשטנטומס פון אַלט־רומעניע מיט מאָלדאָווע און וואַלאַכיע, אין יאָר 1859, זענען זיי מיט דער צייט געוואָרן די צענטראַלע אַקס פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין רומעניע. די פּראָווינצן פון בעסאַראַביע, בוקאָווינע און מאַראַמאָרעש האָבן צוגעגעבן אַ ווערט־פולן בייטראָג צום כּלל־בילאַנס פון דער ייִדישער ליטעראַטור, פיל מער ווי פּראָווינציעלע קרייזן קענען בייטראָגן.

ביז איצט איז נאָך נישט דורכגעפירט געוואָרן קיין ערנסטע פאָרשאַרבעט וועגן דעם בייטראָג וואָס יעדע פּראָווינץ האָט צוגע־טראָגן צו דער שאַפונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין רומעניע. וועלן מיר דעריבער זיך באַנוגענען מיט אַלגעמיינע שטריכן וואָס זאָלן באַלויכטן די דאָזיקע לאַגע.

מע דאַרף דערמאָנען, אַז אינערהאַלב אַלט־רומעניע איז אויך געווען אַ גרויסע קולטור־דיפערענץ צווישן מאָלדאָווע און וואַ־לאַכיע. דער היסטאָריקער ד״ר מאיר א. הלוי[3] גיט אָן אין זיין פאָרשאַרבעט, אַז ביזן סוף פון 18טן יאָרהונדערט האָבן די מער־הייט ייִדן געלעבט אין מאָלדאָווע. אין בוקאַרעשט, דער הויפּטשטאָט פון וואַלאַכיע, האָט זיך דאָס ייִדישע קולטור־לעבן אָנגעהויבן אַ סך שפּעטער דאַקעגן אין מאָלדאָווע, אין שפּיץ מיט יאַס, וווּהין עס איז געגאַנגען אַ גרעסערער שטראָם ייִדישע פּליטים פון פּוילן און אוקראַינע, האָט זיך שנעלער אַנטוויקלט אַ לעבהאַפט ייִדיש קולטור־לעבן. די פּליטים האָבן דאָ אַריינגעבראַכט מזרח־אייראָפּעישע ייִדישקייט און אין אָנהויב פון 18טן יאָרהונדערט אָנגעהויבן אַרויס־צושטופּן די אָריענטאַלישע מנהגים און פאָרמען וואָס עס האָבן אַריינגעבראַכט די ייִדן פון ביזאַנץ. דאָס ייִדישע קהילה־לעבן און די אינסטאַנצן זענען צוגעפּאַסט געוואָרן צום פּוילישן נוסח און דאָס האָט אויך גורם געווען אין אַ גרויסער מאָס, צו שאַפן

3. זע: „M. A. Halevy, „Comunitățile Evreești din Iași și București, דערשינען אין בוקאַרעשט, 1931.

דעם יִדיש־קולטורעלן זאַפּטיקן לעבנס־שטייגער פון מאָלדאַווע.

יאַס, די הויפּטשטאָט פון מאָלדאַווע, איז שוין אין 17־18טן יאָרהונדערט געווען אַ צוציונגס־אָרט פאַר וויכטיקע רבנים פון די אַרומיקע לענדער, ווי אויך פאַר ערשטראַנגיקע חסידישע פירער וועלכע האָבן זיך דאָ באַזעצט. זיי האָבן געפילט אַז זיי האָבן דאָ די פּאַסיקע ייִדן, וואָס וועלן מיט זיי מיטגיין און עס איז קיין ספק נישט אַז די דאָזיקע רבנים און חסידים האָבן אין דער ערשטער תּקופה צוגעגרייט דעם קלימאַט פאַר אַ ייִדיש־נאַציאָנאַלן שטייגער. ווען ס'האָבן זיך אָנגערוקט די מאָדערנע צייטן, זענען די יאַסער ייִדן גייסטיק מער גרייט געווען אויפצונעמען די פאַרשידענע אײַדעיִשע שטרעמונגען, וועלכע האָבן פאַרפלייצט די ייִדישע געצעלטן אין רומעניע. דער יאַסער פאָלקסטימלעכער ייִד איז טאַקע שנעל געוואָרן דער פּרוכטבאַרער באָדן פאַר דעם אויטענטישן ייִדישן שטייגער. נישט צופעליק האָבן די גדולי־ההלכה און רבנים ווי אויך די גרויסע חסידישע פאַרשטייער זיך דערוואָרבן דעם נאָמען: חכמי יאַס, דאָס האָט אויך אויסגעדריקט דעם גייסטיקן אינהאַלט פון דער קהילה.

ווען זאב בנימין עהרענקראַנץ, באַקאַנט אַלס וועלוול זבאַר־זשער (פון גאַליציע), איז געקומען קיין יאַס אין די 50ער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט און דאָ אָנגעהויבן דאָס נייע ייִדיש קולטור־קאַפּיטל, האָט ער דאָ געפונען דעם געהעריקן אָפּקלאַנג צווישן די פאָלקסמאַסן, די בעל־מלאכות און אַרבעטער. ער איז געוואָרן דער באַצויבערער פון „עמך" אין מאָלדאַווע. די „זבאַרזשער תּקופה" איז טאַקע געוואָרן דער אָנהויב פון דעם בליענדיקן אויפשטייג פון דער ייִדיש־קולטור אין יאַס און אין מאָלדאַווע און אַלץ וואָס עס איז געקומען נאָך דער דאָזיקער תּקופה איז אייגנטלעך געווען דער המשך פון דער יצירה פון וועלוול זבאַרזשער.

וואַלאַכיע מיט דער הויפּטשטאָט בוקאַרעשט, וווּהין ס'זענען אין די פריִערדיקע יאָרהונדערטער נישט אַרייַנגעקומען קיין גרע־סערע צאָלן ייִדישע פּליטים פון די אַרומיקע מזרח־אייראָפּעישע לענדער, איז טאַקע געבליבן ווייט הינטערשטעליק אין פאַרגלייך

מיט מאָלדאַווע. ערשט אין דער צווייטער העלפט פון 19טן יאָר־הונדערט האָט זיך די לאַגע פאַרבעסערט.

מיר האָבן שוין דערמאָנט די וויכטיקע ראָל פון מלבי״ם, וועלכער איז געווען רב ראשי פון בוקאַרעשט אין די יאָרן 1858—1864. ער איז נישט נאָר געווען פון די ערשטע וואָס האָבן פאַרעפנטלעכט אין רומעניע ספרים פון תּורה און הלכה, נאָר איז אויך געווען אַרײַנגעטאָן אינעם טאָג־טעגלעכן לעבן פון די בוקאַרעשטער ייִדן. ער האָט שאַרף באַקעמפט די אַסימילאַציע־טענדענצן וואָס האָבן זיך גענומען באַווייזן ביי די בוקאַרעשטער ייִדן. עס זענען געווען נאָך אייניקע וויכטיקע רבנים, אָבער מיט ווייניקער השפּעה ווי אין מאָלדאַווע. ערשט ביים סוף פון 19טן און אָנהויב פון 20סטן יאָר־הונדערט האָט בוקאַרעשט אָנגעהויבן צו פאַרנעמען אַ מער אַקטיוון פּלאַץ אין ייִדיש־קולטורעלן און פאָלקסלעבן.

ווען מען מאַכט אַ סך־הכּל פונעם קולטורעלן און גייסטיקן לעבן פון די ייִדן אין משך פון דורות אין אַלט־רומעניע, מוז מען אויך צוגעבן, אַז זינט דעם סוף 19טן און אָנהויב 20סטן יאָרהונדערט האָבן צוזאַמען מיט דער ייִדיש ליטעראַרישער און קולטורעלער אַנטוויקלונג אין רומעניע, זיך אויך אָנגעהויבן צו באַווייזן סימנים פון אַסימילאַציע. די יידן, אויך פון די פאָלקסמאַסן, האָבן אָנגעהויבן אינטענסיוו זיך לערנען און רעדן רומעניש, כּדי נישט צו בלייבן אָפּגעזונדערט פון דער סביבה. ס'איז אַוועק אַזוי ווייט, אַז איינער פון די ליטעראַרישע רומענישע קריטיקער, ג. קאַלינעסקו, האָט באַצייכנט אַז אין יענער תּקופה האָבן ייִדן טיילווייז גערעדט רומעניש בעסער פון די רומענער אַליין. די ייִדן זענען געווען די שעפער פון דער רומענישער פילאָלאָגיע און שפּראַכפאָרשונג. זיי האָבן געלייגט דעם יסוד פון דער רומענישער גראַמאַטיק און שפּראַך־וויסנשאַפט. גענוג צו דערמאָנען ד״ר ה. טיקטין (1850—1936), לאַזאַר שיינעאַנו (1859—1934), ד״ר משה גאַסטער (1856—1939), אַלעקסאַר גראַור און פיל אַנדערע.

מען דאַרף אויך דערמאָנען די משפּחה שוואַרצפעלד, וועלכע האָט פיל בייגעטראָגן צו דער פאָרשונג פון ייִדישן לעבן אין אַלט־

רומעניע, בעיקר מ. שוואַרצפעלד, וועלכער האָט געזאַמלט טויזנטער ייִדישע אויסדרוקן אין רומעניע.

כ׳דערמאָן די דאָזיקע פּרטים, כּדי ס׳זאָלן פאַרשטענדלעך זיין די שפּעטערדיקע אָביעקטיווע שוועריקייטן פאַר העברעיִש און ייִדיש אין אַלט־רומעניע צו פאַרנעמען אַ מער אַקטיוון פּלאַץ אין דעם קולטור־לעבן פון דער אָרטיקער ייִדישער באַפעלקערונג אין 20סטן יאָרהונדערט.



## בעסאַראַבער נוסח

די בעסאַראַבער פּראָווינץ האָט קיין מאָל נישט געשטרעבט צו ווערן אַ זעלבשטענדיקע מדינה. זי איז אַלע יאָרן רעגירט געוואָרן דורך אַנדערע.

אין 17טן און 18טן יאָרהונדערט האָבן די אַרומיקע שכנותדיקע לענדער געפירט מלחמות כּדי צו פאַרכאַפּן בעסאַראַביע, אַזוי אַרום האָט זי טאַקע אַ מאָל געהערט צו רוסלאַנד, אַ מאָל צו רומעניע און אַ מאָל צו טערקיי. אין יאָר 1812 איז בעסאַראַביע אַנעקסירט געוואָרן דורך רוסלאַנד. די אַנעקסיע האָט אָנגעהאַלטן מער פון הונדערט יאָר.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1917, איז בעסאַראַביע צוריק פאַראייניקט געוואָרן צו רומעניע, אָבער נאָך 22 יאָר, ד. ה. אין גאַנג פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז זי צוריק אַנעקסירט געוואָרן דורך סאָוויעט־רוסלאַנד.

דער ייִדיש־גייסטיקער פּרצוף פון די בעסאַראַבער ייִדן האָט זיך אָנגעהויבן אויסצופורעמען אין 18טן יאָרהונדערט. ווי שוין דערמאָנט, איז פּאָליטיש בעסאַראַביע געווען אונטער פאַרשידענע מדינות, אָבער אין איר גייסטיק־קולטורעלער אַנטוויקלונג איז זי געווען אַמנאָענטסטן צו מאָלדאָווע.

אין דער דאָזיקער תּקופה האָט אַ גרויסער טייל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג געלעבט אין לאַנדווירטשאַפטלעכע ישובים, און

דאָס האָט נאַטירלעך געפירט צו אַ דערנענטערונג און אַ השפּעה פון מאָלדאַווער פּויער. דאָס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ס'האָט געדראָט אַ טאָטאַלע אַסימילאַציע, צו אַן אויסמישונג פון דער ייִדי־שער באַפעלקערונג מיט דער אָרטיקער. אָפּגעראַטעוועט די דאָזיקע ייִדן פון פאַרשווינדן האָט די חסידישע באַוועגונג. דער חסידיזם האָט צוריקגעגעבן דעם בעסאַראַבער ייִד זיין נאַציאָנאַלן פּרצוף.[4] דאָס איז געשען אין די יאָרן צווישן 1750—1850. דער חסידיזם האָט אויך דערנענטערט דעם בעסאַראַבער ייִדן צו די ייִדישע צענ־טערס פון מזרח־אייראָפּע.

ביז דער אַנעקסיע פון בעסאַראַביע דורך רוסלאַנד אין יאָר 1812 — איז זי געווען געבונדן געזעלשאַפטלעך און גייסטיק צו דער קהילה אין יאַס, וועלכע האָט זיך דאַן געפונען אונטער דער הערשאַפט פון טערקיי, אַזוי אַז דער חכם באַשי פון יאַס האָט באַ־שטימט די תקנות פון די פאַרשידענע קהילות אין בעסאַראַביע.

אין לויף פון 18טן יאָרהונדערט האָט די חסידישע באַוועגונג געווידמעט פיל מי און אויסגעבויט אַ גרויסע נעץ חדרים און שפּע־טער ישיבות. ווען די השׂכּלה־באַוועגונג האָט אָנגעהויבן אַריינ־דרינגען קיין בעסאַראַביע, האָט דער חסידיזם צוזאַמען מיט די וויכטיקע רבנים שאַרף זיך איר קעגנגעשטעלט און די השׂכּלה האָט זיך געמוזט צוריקציִען ביזן סוף 19טן יאָרהונדערט.

בכלל האָט די בעסאַראַבער פּראָווינץ אונטער דער רוסישער הערשאַפט געלעבט אין פּריווילעגירטע באַדינגונגען ביזן יאָר 1880. פון דעם יאָר אָן איז בעסאַראַביע גלייכגעשטעלט געוואָרן מיט אַלע אַנדערע פּראָווינצן פון רוסלאַנד און די אַלע שווערע גזירות פאַר די ייִדן וואָס האָבן געהערשט אין די אַנדערע רוסישע פּראָווינצן זענען אויך חל געווען אויף די בעסאַראַבער ייִדן. איז פאַרשטענדלעך, אַז ווען ס'איז אויפגעקומען די „חיבת־ציון"־באַוועגונג, האָבן די

4. זע „יהדות בסרביה", דאָס אַרטיקל פון יצחק קאָרן: „קוים לדמותה של יהדות בסרביה", אַרויסגעגעבן פון דעם פאַרלאַג „אנציקלופדיה של גלויות", זייטן א—י"ב, ירושלים 1971.

בעסאַראַבער ייִדן זי מאַסנווייז געשטיצט. דער גרויסער ייִדישער ישוב פון רוסלאַנד האָט אויך געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דער אָרטיקער אינטענסיווער קולטור־אַנטוויקלונג. צוזאַמען מיט די ייִדי־שע קולטור־ און דערציונגס־אַנשטאַלטן איז אויך אויפגעקומען אַ גרופּע העברעיִשע און ייִדישע שרייבער. בכלל האָבן העברעיִש און ייִדיש פאַרנומען אַ צענטראַלן פּלאַץ ביי די בעסאַראַבער ייִדן.



דער באַקאַנטער ייִדישער דיכטער אפרים אויערבאַך [5] האָט אין אַן אויספירלעכן עסיי וועגן נוסח בעסאַראַביע טרעפלעך געמאָלן דאָס גייסטיקע און פיזישע געשטאַלט פון די בעסאַראַבער ייִדן, אין וועלכן עס שפיגלט זיך אָפּ די גייסטיקע רחבות און מענטשלעכע פשטות.

די טרויעריקע ניגונים פון די מאָלדאַוואַנער האָבן שטאַרק צו־געצויגן די בעסאַראַבער ייִדן, וועלכע האָבן די ניגונים איינגעזאַפּט אין זיך און דערנאָך זיי אַריינגעפירט אין די אַנדערע קהילות.

א. אויערבאַך באַצייכנט מיט רעכט, אַז דאָס כאַראַקטעריס־טישע פון די בעסאַראַבער ייִדן איז זייער באַציונג און ליבע צו דעם „טשאַרנאָזיאָם״, ד. ה. צו דער פרוכטבאַרער פעטער ערד, צו וועל־כער זיי זענען געווען זייער צוגעבונדן. דערפאַר טאַקע איז דאָ אַזוי געוואַקסן די צאָל ייִדישע פּויערים און ייִדישע קאָלאָניעס.

דער בעסאַראַבער ייִד איז געווען ענג פאַרבונדן מיט דער ערד און מיטן סטעפּ. ער איז געווען מער דאָרפיש ווי שטאָטיש, אַפילו ווען ער האָט געלעבט אין גרעסערע שטעט ווי קעשענעוו און אַנדערע, האָט ער זיך געפירט ווי אַ פּויער, מיט זיין פשטות און גוטן כאַראַקטער.

אין די אויגן פון גרויסן ייִדישן בעסאַראַבער דיכטער יעקב

5. זע „יהדות בסרביה״, פאַרלאַג „אגודת אנציקלופדיה של גלויות״, ירושלים 1971; „נוסח בסרביה״, זייטן 826—854.

פיכמאַן,[6] האָט דער „נוסח בעסאַראַביע״ פאַרמאָגט אַן ערדיש געפיל, עפּעס וואָס איז נאָענט צו דאָרפישקייט: נאַיִוו און גלייכצייטיק זייער לויטער. דאָס איז דער מקור פון וועלכן ס׳זויגן ווירקלעכקייט און ראָמאַנטיק. די דאָזיקע דאָרפסקינדער האָבן געבראַכט מיט זיך נישט נאָר דאָס געזונטע געפיל צו דער נאַטור, נאָר אויך דעם דראַנג צו וויסן און בילדונג, צו פרייִהייט און בכלל די בענקשאַפט צו אַן אייגן היימלאַנד. מיט אָט די אַלע אייגנשאַפטן האָבן דאָס דאָרף און דאָס שטעטל איבערגעשטיגן די גרויסע שטעט. פון דעם איז פאַרשטענדלעך פאַר וואָס די גרעסטע צאָל העברעיִשע און יִדישע שרייבער און דיכטער פון בעסאַראַביע שטאַמען פון די דערפער, קאָלאָניעס און פון קליינעם שטעטל.

## בוקאָווינער נוסח

די בוקאָווינער פּראָווינץ איז אין לויף פון דורות געווען אונטער עטלעכע רעזשימען מיט פאַרשידענע קולטור־קלימאַטן און בכלל דורכגעמאַכט פיל שטורמישע תּקופות.

אין יאָר 1390 האָט דער רומענישער פּרינץ, באָגדאַן, באַפרייט מאָלדאַווע פון אונגאַרן און האָט באַשטימט סוטשיאַווע (שאָץ) אַלס די הויפּטשטאָט פון בוקאָווינע. אין יאָר 1775 איז בוקאָווינע אַריבער פון דער מאָלדאַווישער הערשאַפט צו עסטרייך, טראָץ דעם זענען די באַציִונגען צווישן מאָלדאַווע און בוקאָווינע געבליבן זיך פריינדלעכע. אין יאָר 1786 איז בוקאָווינע באַשטימט געוואָרן אַלס זעלבשטענדיקע פּראָווינץ אין גאַליציע ביז 1850. ווען די עסטרייכיש־אונגאַרישע מאָנאַרכיע איז זיך צעפאַלן, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה (1918), האָט רומעניע פאַרנומען בוקאָווינע.

די גרעסטע השפּעה אויף דער יִדישער בוקאָווינע האָט געהאַט די עסטרייך־אונגאַרישע תּקופה, ווען די דייטשע שפּראַך האָט דאָמינירט אינעם אָרטיקן יִדיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן. די עיקרדיקע

6. יע „בסרביה״, זאַמלבוך, אַרויסגעגעבן פון „חוג עולים מבסרביה״. עסייען פון יעקב פיכמאַן „צמיחה בסרבית״, זייטן 19—100, תל־אביב 1941 — תש״א.

גייסטיקע שטרעמונגען וואָס האָבן זיך אויסגעדריקט אין ייִדישן בוקאָווינע זענען געווען חסידות, די ציוניסטישע באַוועגונג און דער „בונד“.

אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז די טשערנאָוויצער ייִדיש־קאָנפערענץ אין יאָר 1908 האָט זיך נישט אויסגעווירקט אויף דער אָרטיקער ייִדישער באַפעלקערונג אין זין פון פאַרטיפן די ייִדיש־קולטור. די ייִדן האָבן טאַקע דעמאָלט אין גרויסע מאָסן גערעדט ייִדיש, אָבער קיין וויכטיקע ייִדישע פרעסע איז דאָרט נישט דער־שינען און ס׳זענען דאָרט אויך נישט געווען קיין בולטע ייִדישע שרייבער און דיכטער. ס׳זענען געווען סיבות פאַר וואָס מען האָט גערופן די ייִדיש־קאָנפערענץ קיין טשערנאָוויץ, אָבער מען האָט נישט אויסגערעכנט אַז אַזאַ קאָנפערענץ דאַרף פאָרקומען אין אַ פאַרצווייגטן און ייִדישן שאַפונגס־צענטער, כּדי צו דינען ווי אַ ביישפּיל.

ערשט 11 יאָר נאָך דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ, אין יאָר 1919, איז אין טשערנאָוויץ געשאַפן געוואָרן אַ וויכטיקער ייִדישער קולטור־צענטער, דער „ייִדישער שול־פאַראיין“, וועלכער האָט זיך געשטעלט פאַר אַ הויפּט־אויפגאַבע צו פאַרטיפן די ייִדיש־קענטע־נישן, אַריינפירן ייִדיש־לימוד און פאַרשידענע לערן־אַנשטאַלטן. דער שול־פאַראיין איז געווען דער גרויסער פאַקל פאַר ייִדיש און האָט אַרויסגעגעבן אַ גרויסע צאָל ייִדיש־קענער.

דאָס ייִדישע בוקאָווינע איז אַרויף אויף דער ליטעראַרישער אַרענע ערשט אין אָנהויב 20סטן יאָרהונדערט, מיט אַ פאַרשפּע־טיקונג פון צענדליקער יאָרן לגבי אַנדערע ייִדישע געגנטן פון מזרח־אייראָפּע. די פאַרשפּעטיקונג איז זיכער אַ רעזולטאַט פון אַ מאַנגל אין סטאַבילן קולטור־קלימאַט, וועלכער זאָל זיך ווי געהעריק אויסווירקן. מען דאַרף אויך באַמערקן, אַז אין אָנהויב 20סטן יאָר־הונדערט האָבן זיך באַוויזן צווישן די ייִדן פון טשערנאָוויץ שעפער, שרייבער און דיכטער, בעיקר אין דייטש. מיר דערמאָנען דאָ איי־ניקע פון זיי: אַלפרעד מאַרגול־שפּערבער, פּאַול צעלאַן, אַלפרעד

קאַלגער, רודאָלף קראַמער און אַנדערע.[7] די דייטשע השפּעה ליגט אויף דער אַקס טשערנאָוויץ—ווין. ווען איציק מאַנגער פאַרט נישט אַריבער קיין יאַס, וואָלט ער זיכער געווען אַ גראַטענער יידישער שאַפער אין דייטש.

אַ ווענדפּונקט אויף דעם געביט איז געקומען דורכן „שידוך" צווישן דעם יידישן שול־פאַראיין" אין טשערנאָוויץ מיט דער גרופּע יידיש־שאַפער פון ליפּקאַן: אליעזר שטיינבאַרג, יעקב שטערנבערג און משה אַלטמאַן. די ליפּקאַנער האָבן אַריינגעבראַכט אַ נייעם יידיש וויברירנדיקן קולטור־קלימאַט און ס'איז מיט דער צייט אויסגעוואַקסן און רייף געוואָרן אַ גרופּע יידישע שרייבער און דיכטער.

## מאַראַמאַרעשער נוסח

אויף דער מאַפּע פון רומענישן יידנטום געפינען מיר אַ גאָר אייגנאַרטיקן שבט, פון באַרגיידן. מאַראַמאַרעש, וואָס איז געווען אַ טייל פון טראַנסילוואַניע, געפינט זיך נעבן דעם טייך טיסאַ, אַרומגערינגלט פון די הויכע קאַרפּאַטן־בערג, פּיעטראָסיל. די גאַנצע מאַראַמאַרעשער פּראָווינץ איז באַרגיק און דער באָדן פאַר ערד־אַרבעט איז אַ זייער באַשרענקטער (10%).[8]

נאָכן צעפאַלן פון דער עסטרייך־אונגאַרישער מאָנאַרכיע, איז מאַראַמאַרעש צעטיילט געוואָרן אין צוויי טיילן. די גרעסטע טייל איז אַנעקסירט געוואָרן דורך רומעניע און די צווייטע טייל דורך טשעכאָסלאָוואַקיע.

די הויפּט־פּרנסה פון די איינוווינער פון דער פּראָווינץ איז געקומען פון דער האָלץ־אינדוסטריע אין אַלע אירע צווייגן. דאָס האָלץ האָט מען באַקומען פון די אייביקע אַלטע וועלדער. די עקאָנאָמישע באַדינגונגען האָבן געצוווּנגען אַלע איינוווינער צו שווערער אַרבעט.

7. זע Geschichte der Juden in der Bucovina צווייטער טייל, זייטן 1—47. רעדאַקטאָר ד"ר הוגאָ גאָלד, פאַרלאַג „עולמנו", תל־אביב 1962.

8. זע: זאַמלבוך „ספר מאַרמאַראָש", בעריכת ש"י גרוס און י. יוסף כהן. זייטן ט„—ל"ז, פאַרלאַג „בית מאַרמאַראָש" תל־אביב, תשמ"ג.

ווען ס׳זענען אין 17טן יאָרהונדערט אָנגעקומען ייִדן אין דער דאָזיקער פּראָווינץ, האָבן זיי זיך שנעל צוגעפּאַסט צו די אָרטיקע אַרבעטס־באַדינגונגען. די ערשטע ייִדן זענען אַנגעלאָפן פון אוקראַיִנע פון די גזירות ת״ח־ת״ט (1948/49), זיי זענען נישט געווען קיין סך. שפּעטער איז צוגעקומען אַ צווייטער שטראָם ייִדן.

די פאָלקסציילונג אין יאָר 1728 האָט שוין אָנגעוויזן אויף ייִדן אין 32 ישובים. אין די יאָרן 1830—1832 זענען געווען אין מאַראַ־מאָרעש 8429 ייִדישע נפשות, אין שפּיץ מיטן גרעסטן ייִדישן ישוב סיגעט, די הויפּטשטאָט פון דער פּראָווינץ און דער דינאַמישער צענטער פון מאַראַמאָרעשער ייִדן. די אַנדערע ייִדישע קהילות אין דער פּראָווינץ האָבן זיך געגרינדעט אין די יאָרן 1790—1850.

מיטן וווקס פון דער צאָל ייִדן אין דער פּראָווינץ, איז דאָרט אַריינגעדרונגען דאָס חסידות, זינט דער צווייטער העלפט פון 18טן יאָרהונדערט. אויסער אין די שטעטלעך סיגעט און אַנדערע, זענען אויך אין אַנדערע ייִדישע ישובים, אַפילו צו די ווייטע און פאַר־וואָרפענע באַרגייִדן, געקומען גרויסע חסידישע רבנים ווי: ר׳ מנחם שטערן, ר׳ מנחם מענדל מקאָסאָוו און אַנדערע. אַ גרויסע טייל פון די חסידישע קרייזן זענען פאַנאַטיש, זיי האָבן אָבער אויך געפּריי־דיקט ליבשאַפט צו אַרבעט.

מאַראַמאָרעש האָט איינגעזאַפּט אין זיך די ווערטן פון תּורת־החסידות און אין משך פון דורות אויסקריסטאַליזירט דאָס גע־שטאַלט פון דעם ייִדן אין דער דאָזיקער געגנט.

דאָס גייסטיקע און קולטורעלע לעבן האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ שטרענג רעליגיעזן חינוך: חדרים, בתּי־מדרשים, ישיבות. חשובע חסידישע רבנים האָבן באַהערשט די ייִדישע ישובים בראש מיט קהילת סיגעט. סיגעט איז נישט געווען נאָר די הויפּטשטאָט פון דער פּראָווינץ. זי איז געוואָרן דער צוציונגס־פּלאַץ פאַר תּורה־לערנערס פון גאַנצן לאַנד.

אין יאָר 1874 איז אין סיגעט געגרינדעט געוואָרן אַ גרויסע העברעיִשע דרוקעריי, וועלכע האָט געדרוקט מער פון 200 ספרים, בעיקר מיט אַ רעליגיעזן אינהאַלט. מיט דער צייט האָט זיך דאָרט

אַנטוויקלט די ייִדישע פּרעסע און ליטעראַטור. אין די 30ער יאָרן פֿון 20סטן יאָרהונדערט איז סיגעט געוואָרן אַ וויכטיקער צענטער פֿאַר ייִדישער פּרעסע און ליטעראַטור. סיגעט איז אָנערקענט גע־וואָרן אַלס אַ וויכטיקער טייל פֿון דער ייִדישער ליטעראַרישער אַקס אין רומעניע: יאַס, קעשענעוו, טשערנאָוויץ, בוקאַרעשט און סיגעט.

אויף דער שוועל פֿון דעם נאַצי־חורבן איז דערשינען אין סיגעט דער זאַמלבוך „יונג מאַרמאַראָש״ [9] אונטער דער רעדאַקציע פֿון יחזקאל רינג, איינער פֿון די בולטסטע ייִדיש־שרייבער אין מאַרמאַ־ראָש. די רעדאַקציע האָט געוואָלט בולט מאַכן דעם קאַדער פֿון די יונגע ייִדישע שרייבער־כּוחות אין מאַרמאַראָש מיט זייערע אייגנ־אַרטיקייטן. נישט אומזיסט פֿאַרענדיקט זיך די הקדמה פֿונעם זאַמל־העפֿט מיט די ווערטער: „אינדערווייל רופֿן מיר אויס: פּלאַץ פֿאַר יונג־מאַרמאַראָש!״.



אין די אַלע פֿיר פּראָווינצן וואָס מיר האָבן אין קורצן באַריירט איז ייִדיש געווען די שפּראַך פֿון דער היים, פֿון דער גאַס, פֿון בית־מדרש, פֿון דער שול. ייִדיש האָט געשפּרודלט. ס'האָט אין לאַנד נישט געהערשט קיין איינהייטלעכער דיאַלעקט. ווען מ'פֿלעגט רעדן מיט ייִדן פֿון פֿאַרשידענע פּראָווינצן, האָט מען געקענט דערקענען צו וועלכער געגנט ער געהערט.

די נאַצישע אכזריותדיקע האַק האָט אין אָנהייב פֿון די 40ער יאָרן פֿון דעם יאָרהונדערט פֿאַרטיליקט די ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון רומעניע און מיט זיי די לעבעדיקע און שפּרודלדיקע ייִדישע שפּראַך.



מיר ברענגען ווייטער אַן אויספֿירלעכע ליסטע פֿון ייִדישע שע־

9. זע זאַמלהעפֿט, סיגעט, מערץ 1941.

פער אין די אויבנדערמאָנטע פּראָווינצן — אַ קיימאַ־לן פון מער פון 130 ייִדישע שרייבער. מיר ברענגען זיי לויט זייער געבורטאָרט פון די פּראָווינצן. מען דאַרף באַמערקן, אַז די שרייבער האָבן אין פיל פאַלן געביטן דעם פּלאַץ ווו זיי האָבן געשאַפן. יאַס, קעשענעוו, טשערנאָוויץ, בוקאַרעשט און סיגעט האָבן זיך געביטן, ווי געזאָגט, מיט דער געאָגראַפיע. דאָס האָט דעריבער געפירט דערצו אַז אַ שרייבער (דיכטער אָדער פּראָזאַיקער) האָט פיל מאָל געשילדערט דעם פּייזאַזש און די סביבה לויט זיינע איידרוקן פון זיין געבורט־אָרט.

אויף דער פראַגע צי די משפחה ייִדישע שרייבער אין רומעניע האָט באַוויזן צו שאַפן אַ באַזונדערן געשטאַלט וואָס איז אייגנאַרטיק פאַר דער רומענישער סביבה, קען די תשובה זיין נאָר אַ פאַרנעפּל־טע. גרויס רומעניע מיט אירע פאַראייניקטע פּראָווינצן (מאָלדאַווע, וואַלאַכיע, בעסאַראַביע, בוקאָווינע און מאַראַמאַרעש) האָט אין משך פון די 22 יאָר (צווישן ביידע וועלט־מלחמות) נישט באַוויזן צו דערגיין צו אַן אָרגאַנישער גייסטיקער פאַראייניקונג. די קינסט־לערישע מאָזאַיִק שפּיגלט אָפּ די פאַרשידענע גייסטיקע שטריכן פון יעדער פּראָווינץ באַזונדער.

## רשימה פון די ייִדישע שרייבערס אין רומעניע

### מאָלדאַווע — וואַלאַכיע

1. **אביון א.** (באַיאַנזשי שמערל וויינשטיין), געבוירן אין יאָר 1910 אין שטעטל דאַראַבאַן (דאָראַיו), פאַרעפנטלעכט עטלעכע בענדער לידער בעיקר וועגן אַרבעטער־קלאַס.
2. **אייזיקאָוויטש אפרים,** דיכטער. זיין ערשט בוך לידער „אויפן וועג" איז דערשינען אין יאָר 1950 אין בוקאַרעשט. עולה געווען קיין ישראל, 4 ביכער לידער.
3. **איסר וואָלף** (1882—1950), דיכטער, לידערבוך „שיחת אחים" (1907).
4. **אָרנעשטיין ישראל** (1831—1905), געקומען פון פּאָדאָליע, געלעבט אין

רומעניע 35 יאָר. געשריבן סאַטירישע שאַפונגען: „בית יעקב" (1887), „ארבע אבות נזיקין", „דאָס שלעכטע קינד", „עץ הדעת" (1887), „חיבוט הקבר" (1887), „די געהיימניסע פון יאַסער געמיינדע" (דייטשמעריש — 1887), גילגול שוחד" (1906).

5. **בירענבוים משה**, געווען דירעקטאָר פון יתומים־הויז אין יאַס. געשריבן לידער און עטלעכע טעאַטער־שטיק פאַר דעם יידישן טעאַטער אין רומעניע.

6. **בערטיש בערל**, געבוירן אין יאָר 1900 אין שטעטל מיהאַלען, געשטאָרבן 1980. דיכטער פאַר מענטשן פון אַ גאַנץ יאָר, עטלעכע בענד לידער: „שטילע ווינקלען" — בוקאַרעשט 1939, „מעסאַזש" (1965), „אַרום לעאָן בערטישעס לידער, וויקלען זיך ווי רצועות לעבנס פון מאָלדאַווישע ייִדן פון מענטשן פון אַ גאַנצער וואָך, ליריש און בילדעריש לעבן־אויף פאַר אונדזערע אויגן".

7. **בליי אפרים**, געבוירן אין יאָר 1908, דיכטער. אין זיינע לידער קומט צום אויסדרוק די ליבע צו מענטשן, אָבער זיין באַטייליקונג אין דער 2טער וועלט־מלחמה האָט אים אינגאַנצן צערודערט. געשטאָרבן אַ יונגער מענטש אין עלטער פון 55 יאָר, אין יאָר 1965.

8. **בליי רעלי**, געבוירן אין יאָר 1913 אין אַרבאַרע, ראַדעוויץ. זי האָט פאַרעפנטלעכט, ווי איר מאַן, אפרים בליי, לידער אין אייניקע זאַמלונגען. אין די לאַגערן פון טראַנסניסטריע האָט זי געשאַפן רירנדיקע לידער, געזונגען פון די פאַרשיקטע.

9. **בערקאָוויטש ישראל**, געבוירן אין באָטאָשאַן, 1921. זיין ליטעראַרישע שאַפונג איז אַ פאַרצווייגטע. פון זיינע לידער־זאַמלונגען: „מיט די אויגן פון אַ שוואַרצער קאַווע" (1974) אין בוקאַרעשט, „פונקען איבערן דאַך" (1978), „פליענדיקע אותיות" (1984). ער דריקט אויס אין זיינע לידער דעם צער און צאָרן פאַר די זעקס מיליאָן ייִדישע קרבנות.

„די גראָזן רוישן ווי אַמאָל
אַ פאַסטוך־פייפל קלינגט אין טאָל
נאָר באַלד קלינגט אָפּ אַ ווידערקול
וואָס בייט דעם קלאַנג און בייט דעם טאָן:
זעקס מיליאָן!
זעקס מיליאָן!"

י. בערקאָוויטש איז אויך געווען דער היסטאָריקער פון ייִדישן טעאַטער אין רומעניע פון זיינע ערשטע עטאַפּן אָן. ער איז געשטאָרבן דעם 19טן פעברואַר 1988.

10. **בראָדער בערל**, געבוירן אין בראָד אין 1815, געשטאָרבן אין יאַס 1881.

געווען אַ פֿאָלקסזינגער און לידער־שרייבער. געווען דער פֿאָטער פֿון דער גרופּע פֿאָלקסזינגערס א. נ. „בראָדער זינגערס". מיט זײַנע פֿאָלקסלידער האָט ער פֿאַרכאַפּט די יידישע פֿאָלקסמענטשן אין רומעניע און זיי געגעבן גײַסטיקע שפּײַז. די „בראָדער זינגערס" האָבן טיילווייז אויסגע־פּלאַסטערט דעם וועג פֿאַר דעם שעפֿער פֿון יידישן טעאַטער — אברהם גאָלדפֿאַדען.

11. **ברוינשטיין פּנחס,** געבוירן אין יאַס אין יאָר 1864. באַקומען אַ רעליגיעזע דערציונג. געשריבן העברעיש און יידיש, פֿאַרעפֿנטלעכט אַ ריי אַרבעטן אויף יידישער טעמאַטיק.

12. **בראָנשטיין סרול (ישראל),** געבוירן אין שטעפֿאַנעשט. אין זײַנע לידער דערשײַנט ער ווי אַן אַרבעטער־דיכטער. יונג געשטאָרבן (יאָר 1941). זײַן געדאַנקען־גאַנג געזאַמלט אין די שאַפֿונגען: „מאָלדאַווע מײַן היים" (1938) און „כ'האָב געעפֿנט ברייט די טויערן" (1939).

13. **גאָלדענשטיין חיים,** געבוירן אין דאָרף סענשט אין יאָר 1912. אָנגעהויבן צו שרײַבן יידיש שפּעטלעך, אָבער אַרויסגעוויזן זיך ווי אַ סאָלידער פּראָזאַיקער. ברענגט אַרײַן זײַן אייגענעם סטיל און אינהאַלט. זײַנע דער־ציילונגען זענען דערשינען אין בוכפֿאָרם אין בוקאַרעשט אין פֿאַרלאַג „קריטעריאָן": „צופֿיל אין איין וואָך", געמאַכט אַ רושם אין דער שרײַבער־משפּחה (1974); „צוויי נאָוועלן מיט אַ שמיץ" (1977); „דאָס שווײַגנדיקע יאָרהונדערט" (1978); „רעגנבויגנס" (1981); „באַגעגע־נישן" (1984). איצט אין ישראל, זינט 1986.

14. **גאָלדפֿאַדען אברהם,** געבוירן אין קאָנסטאַנטין (אוקראַינע) אין יאָר 1840 — געשטאָרבן אין ניו־יאָרק 1908. גרינדער פֿון ערשטן טעאַטער אין יאַס, רעזשיסער, דיכטער. מיט זײַנע פֿאָלקסלידער האָט ער צוגעצויגן צו זיך גרויסע מאַסן פֿון די פֿאָלקסשיכטן, ער האָט אין משך פֿון זײַנע 68 יאָר געזוכט צו שאַפֿן אַ סטאַבילן יידישן טעאַטער אין די מזרח־אייראָפּעישע לענדער און אויך אין צפֿון־אַמעריקע, אָבער אין קיין שום פּלאַץ איז דאָס אים נישט געלונגען און ער פֿלעגט צוריקקומען קיין רומעניע — יאַס אָדער בוקאַרעשט, ווי צו זיך אַהיים. ער האָט אין ערגעץ נישט געפֿונען אַזוי פֿיל אָנערקענונג און ליבע ווי ער האָט עס געהאַט אין יאַסער יידישן טעאַטער אין גאָרטן „פּאָמול ווערדע" (דער גרינער גאָרטן). אַלס דראַמאַטורג האָט ער אָנגעשריבן אַ ריי טעאַטער־פּיעסן צוגעפּאַסט צו די פֿאָלקסמענטשן מיט דער טענדענץ צו דערהויבן זייער קולטורעלן ניוואָ. מיט דער צײַט האָט ער פֿאַרפֿאַסט זײַנע אייגענע פּיעסן מיט אַ נאַציאָנאַלן אינהאַלט, בעיקר פֿון דער תּנכישער תּקופֿה. פֿאַר די יידישע מאַסן פֿון רומעניע איז דאָס געווען אַ זייער וויכטיקער דערציונגס־אַקט.

גאָלדפאַדען האָט אויך געהאַט אַ פּילזייטיקע שליחות — צוצוגרייטן פאַר זיין טעאַטער אַ גרופּע אַרטיסטן. ער האָט אין דעם זייער מצליח געווען. ער האָט געזאַמלט אַרום זיך די עליטע פון די ייִדישע אַרטיסטן אין רומעניע.

גאָלדפאַדען האָט אויסגענוצט דעם קולטור־באָדן וואָס וועלוול זבאַרזשער האָט צוגעגרייט צווישן די ייִדישע פאָלקסמענטשן, גענוי ווי עס האָבן דאָס געטאָן די „בראָדער זינגער".

גאָלדפאַדען, וועלכער איז געקומען פון רוסלאַנד, איז געווען אַ „דרויסנ־דיקער", האָט זיך אָבער איינגעוואָרצלט אין דעם קולטור־קלימאַט פון די ייִדן אין רומעניע. די ייִדישע פאָלקסמאַסן האָבן אים דערהויבן און געשעצט אַלס „פאָטער פון ערשטן ייִדישן טעאַטער" אין יאַס, דאָס איז געוואָרן פאַר גאָלדפאַדען די ייִדישע גייסטיקע בירגערשאַפט. זיין השפעה האָט דאָ געווירקט נישט נאָר ביי זיין לעבן, נאָר זי פילט זיך נאָך ביים היינטיקן טאָג.

15. **גראָפּער יעקב**, געבוירן אין יאָר 1890 אין שטעטל מיהיילין. געווען אַן אויסגעצייכנטער מאָדערנער דיכטער אין אַלט־רומעניע. גראָפּער דערשיינט אין דער צייט ווען אין דער ייִדישער קולטור־סביבה אין רומעניע הערשן די פאָלקסזינגער און באַהערשן די מאַסן, די ייִדישע היימען, דאָס ייִדישע שטעטל. דער נוסח איז נישט געווען אין גייסט פון דעם ייִדישן אינטעלי־גענט, יעקב גראָפּער, וועלכער האָט געשטרעבט צו שלימותדיקייט און צו געפינען אַן אייגנאַרטיקע קולטור־פאָרם. שוין פון זיינע ערשטע יוגנט־לידער ווערט בולט זיין אייגענער וועג און נוסח. גראָפּער איז טיף פאַר־בונדן מיט זיין געבורט־שטעטל מיהיילין און ער מאָלט די נעכטיקע בילדער, וואָס האָבן דערגאַנצט זיין אייגנאַרטיק גייסטיק געשטאַלט.

אין זיין ערשטן לידערבוך „אין שטן פון אַ שטיין" (1934) האָט ער געבראַכט צום אויסדרוק זיין ראָמאַנטישן געפיל. דאָס ליד „צו אַ חבר" איז זייער כאַראַקטעריסטיש:

„געדענקסטו, אויף דער פריזבע מיר פלעגן ביידע זיצן
ביים רבין, פאַרן חדר און שפּילן זיך אין קנעפּ...
און דו, ווייסן פּישביין אַ טייטל דיר פאַרשניצן,
און איך אַ דריבנער „ייִדל" מיט גלאָז און ציגל קריצן,
צו שניידן אויס אין מייער געקינצלט שיינע טרעפּ".

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

„היינט זע איך איז די פריזבע באַריסן און צערמאָרבן
דער טוי נאָר לאָזט בגנבה צו מאָל האַר דאָרט אַ טרער,

דאָס חדר איז צעוואָרפן, דער רבי איז געשטאָרבן,
דער מויל האָט זיך דאָס חומר גענומען פאַר אַ קרבן,
און מיר, מיר זענען גרויסע, מיר דאַרפן זיי ניט מער.

גראָפּער טרויערט וואָס עס איז געוואָרן פון זייער שפּילעוודיקער יוגנט, אַלץ צעפאַלט און פאַרשווינדט. פון זיין נאָסטאַלגיע פּיקן זיך אויס רמזים פון אַ באַנייונג, פון צוריק דערגרייכן דאָס פאַרלוירענע:

„וואָלטן מיר געקאָנט, מיין חבר, אין איינעם דאָרט נאָך זיצן
און מעשיות זיך דערציילן און טייטלעך זיך פאַרשניצן
דער הימל וואָלט פון ס'ניי געוואָרן בלוי און קלאָר".

שוין ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה ווערט געלייגט דער יסוד פאַר אַן ערנסטער ליטעראַרישער אויסגאַבע „ליכט". די עיקרדיקע דריי מיטגלי־דער פון דער רעדאַקציע: יעקב גראָפּער, מאַטי ראַבינאָוויטש און אפרים וואַלדמאַן, האָבן געמאַכט גרויסע אָנשטרענגונגען כּדי צו שאַפן אַ מאָ־דערנע אויסגאַבע „ליכט", וואָס איז געוואָרן די אָנערקענטע ליטעראַרישע וויזיט־קאַרטע אין רומעניע פאַר אַ נייעם שניט אין דער גייסטיקער ייִדישער שאַפונג. גראָפּער איז נישט נאָר געווען אַ מאָדערנער דיכטער, נאָר אויך אַן אויסערגעוויינלעכער שמועסער. אַפילו אין די גאָר אַקטועלע פראַגן פלעגט ער באַצויבערן זיינע צוהערער. ער איז געקומען קיין ישראל כּדי צו זוכן גייסטיקע סאַטיספאַקציע און געפינען אַן ענטפער צו זיין געפיל פון עלנטקייט. ער האָט זיינע אייגנאַרטיקע מחשבות נישט פאַר־בויגן, נאָר געזוכט וועגן ווי זיי צו רעאַליזירן. געשטרעבט אַרויסצוברענגען די ווערטן און שטאַלץ פון ייִדישן שבט פון רומעניע.
אין 1966 איז ער נפטר געוואָרן אין בערלין, וווהין ער איז געפאָרן אויף אַ קורצן באַזוך. געבראַכט געוואָרן צו קבורה אין חיפה. נאָך זיין טויט זענען דערשינען — אַ דאַנק דער באַמיונג פון זיין פריינד, דער שרייבער אליעזר פרענקעל (וווינט אין אשקלון), 2 בענד אין צוויי שפּראַכן — ייִדיש און העברעיש: „יעקב גראָפּער און זיין צייט", אַרויסגעגעבן דורך דער התאחדות עולי רומניה און דער י. גראָפּערס עזבון־קאָמיסיע אין יאָר 1975.
יעקב גראָפּער האָט איבערגעלאָזט אין דער ייִדישער ליטעראַטור פון רומעניע אַן אייגענעם נוסח און וועג.

16. **דרוקער חיים זעליג**, פּראָזאַיקער. י. קאַראַ שרייבט, אַז דרוקער האָט אָנגעהויבן זיין היסטאָרישן ראָמאַן „דער אַלטער וואַלד־באַווינער" אין „היועץ" אין יאָר 1876 און דערנאָך איבערגעדרוקט אין בוקאַרעשטער

„ייִדישע ביבליאָטעק" אין יאָר 1879. דער אינהאַלט: אַ מעשה פון 16טן יאָרהונדערט אין די מאָלדאַווישע קאַרפּאַטן.

17. **האַלענדער מ.,** געווען אַ לערער און איבערזעצער פון העברעיש אויף יידיש. אין יאָר 1883 פּובליקירט ער זיין ערשטן ראָמאַן: „איינע ייִדישע קאָלאָ־ניע", — וועגן ייִדן אין רומעניע.

18. **העלד משה,** געבוירן אין יאַס אין יאָר 1901. געענדיקט מעדיצין. אַ פּראַ־זאַיקער, זיך באַטייליקט אין פאַרשידענע ליטעראַרישע אויסגאַבעס און אין די „בוקאַרעשטער שריפטן".
אין בוכפאָרם: „פון דער רויטער בריק" און „דער וועלט אַרום", דער־ציילונגען, דערשינען אין פאַרלאַג „קריטעריאָן", אין יאָר 1980. לעבט אין בוקאַרעשט.

19. **העלמאַן זיידל,** געבוירן אין יאַס אין יאָר 1855, געווען חזן און פלעגט אויך דערפאָלגרייך שפּילן אויף דער בינע. געשריבן 150 לידער צו זיינע אויפטריטן. מען האָט אים פאַררעכנט ווי איינעם פון די גרעסטע קאָמפּאָזיטאָרן אין זיין תקופה. ער פלעגט דרוקן זיינע אַרבעטן אין דער ייִדישער אויסגאַבע „המבשר" און אין די יום־טוב בלעטער.

20. **ווייידענפעלד יודל,** געבוירן אין באָטאָשאַן, רומעניע. אין דער היים באַקו־מען אַ רעליגיעזע דערציונג, שפּעטער אַריינגעטרעטן אין אַ רעגירונגס־שול, אָנגעהויבן צו שרייבן אין דער פּועלי־ציון פּרעסע, דערנאָך אַריבערגעגאַנגען צו די „איקוף"־אויסגאַבעס. אין בוכפאָרם: „אויפגאַבע בוך", אין טשער־נאָוויץ פאַרפענטלעכט „מעשהלעך", „אלף בית" פאַר די שילער. אין בוקאַרעשט געדרוקט „זוילן", אַ פּאָעמע, און אין יאָר 1957 אַ באַנד לידער. געשטאָרבן אין יאָר 1966.

21. **וועקסלער ישראל,** געבוירן אין גאַלאַץ. געווען אַ שטענדיקער קאָרעספּאָנ־דענט פון דער צייטונג „היועץ", דאָרטן געדרוקט עטלעכע ראָמאַנען ווי אויך פאַרשידענע איבערזעצונגען. מען האָט זיינע ראָמאַנען געדרוקט אין פאָרם פון ביכלעך: „די דראַמע פון פּאַריז" (1880), אין זעלבן יאָר „ייִד, קריסט און משומד" און פיל אַנדערע ביכלעך.

22. **וועקסלער מאַקס,** געבוירן אין יאָר 1876, געשטאָרבן אין יאָר 1918. ער איז געווען איינער פון די ערשטע ייִדישע סאָציאַליסטן אין רומעניע, וועלכע האָבן געקעמפט קעגן דער אַסימילאַטאָרישער טענדענץ פון די סאָציאַליסטן און האָט געפּרעדיקט אַז „די פּראָפּאַגאַנדע צווישן ייִדן דאַרף זיין געבויט אויף נאַציאָנאַלער טאַקטיק". אין יאָר 1896 גרינדעט ער די ערשטע סאָציאַליסטישע צייטונג אויף ייִדיש אין רומעניע: „דער וועקער" אַרויסגעגעבן אין יאַס.

23. **זיידמאַן חיים,** געבוירן אין האַרלוי אין יאָר 1903 (לעבט איצט אין

ישראל — ירושלים). געדרוקט אַ ריי דערציילונגען, געאַרבעט אין דער צווייוועכנטלעכער צייטשריפט פון רעליגיעזן יידנטום אין דריי שפּראַכן: העברעיש, יידיש און רומעניש. אין יאָר 1982 אַרויסגעגעבן אין תל־אביב אין יידיש אַ בוך זכרונות „דער חוב פון זכרון".

24. **לאַקס משה,** געבוירן אין יאָר 1887 אין האַרלוי, יאַסער קרייז. ער איז געווען אַ בולטער פּובליציסט און עסייאיסט. זיין ערשטע ליטעראַרישע אַרבעט איז געווען וועגן „יעקב פסאַנטיר", דעם ערשטן כראָניקער פון יידנטום אין רומעניע. אין בוכפאָרם דערשינען אין פאַרלאַג „קריטעריאָן" „ליטעראַרישע פונקען" (1967) און „מעמואַריסטישע פעדער־שפּריצן" אין יאָר 1973. געווען אַ זייער לעבהאַפטער רעפערענט און אַרויסגעוויזן פיל קענטעניש.

25. **מאַרק נתן,** געבוירן אין אַ גאַליציאַנער דאָרף סטראָכאַטשין, לעבן סאַנאָק, אין יאָר 1897. באַקומען אַ רעליגיעזע דערציונג. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1917 אָנגעקומען קיין רומעניע, כּדי צו פאָרן ווייטער קיין ארץ־ישראל. ער איז אָבער געבליבן אין רומעניע ביז 1958, עולה געווען קיין ישראל. ער האָט זיך באַטייליקט אין אַ גרויסער צאָל ליטע־ראַרישע אויסגאַבעס, פון די וויכטיקסטע צווישן ביידע וועלט־מלחמות. ביז היינט געדרוקט 8 ביכער, צווישן זיי „לײמענע פויסט", פאַרלאַג „אויפגאַנג" 1937, סיגעט; „דאָס ליכט אין אותיות", פאַרלאַג „ליכט" 1938, בוקאַרעשט, ביז זיין לעצטן בוך: „יידיש ליטעראַטור אין רו־מעניע" (פון איר אָנהויב ביז 1968). געדרוקט אויך אין ישראל אייניקע ביכער אין העברעיש. געשטאָרבן אין חיפה אין יאָר 1988.

26. **מאַסקאָוויטש יעקב יוסף** (לויט זלמן רייזנס „לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור, פּרעסע און פילאָלאָגיע"), האָט ער פאַרעפנטלעכט אין פלויעשט — נאַפט־שטאָט אין רומעניע — אַ טעאַטער־שטיק „אסתר אָדער אַסימילאַטאָרן און ציוניסטן", אין אַ שטאַרק פאַרדייטשמערישטן סטיל אין דעם נוסח פון לאַטיינער און פּראָפעסאָר הורוויץ.

27. **סאַטעק — לעטעאַנו יעקב,** איז באַקאַנט אַלס קעמפער איינצופירן יידיש מיט לאַטיינישע אותיות. געבוירן אין יאָר 1868 אין בראַילאַ — רומעניע. אַרויסגעוויזן גרויסע פעיקייטן צו שפּראַכלעכע פראַגן, און האָט געוואָלט באַווייזן אַז די יידישע קינדער וועלן שנעלער זיך אויסלערנען יידיש מיט לאַטיינישע אותיות. ער האָט די טעאָריע פאַרשפּרייט אין פיל יידישע און רומענישע צייטשריפטן. ער האָט געלערנט מעדיצין. אַרויסגעגעבן אַ זאַמל־בוך פון וועלוול זבאַרזשערס פאָפּולערע לידער.

אין 1908 איז ער איינגעלאַדן געוואָרן צו דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ אַלס דעלעגאַט פון די רומענישע יידן. ער פרוּווט אויך דאָ

דורכצופירן אַ באַשלוס מען זאָל אַקצעפּטירן שרייבן ייִדיש מיט לאַטיינישע אותיות. די קאָנפערענץ האָט נישט באַשטעטיקט זיין פאָרשלאַג. ער איז צוריקגעקומען אַ זייער אַנטוישטער. געשטאָרבן אין יאָר 1939.

28. **סעגאַל שלמה,** געבוירן אין י. 1865 אין שטעפאַנעשט, באָטאָשאַנער קרייז. אין יאָר 1884 האָט ער אַרויסגעגעבן אַ ביכל לידער אין דייטש און שפּעטער אַ וואָכנבלאַט אין ייִדיש: „דורשי ציון“, צו פאַרשפּרייטן דעם ציוניסטישן געדאַנק. איבערזעצער אין ייִדיש, רומעניש און דייטש. אין בוכפאָרם: „האָפענקלאַנג־געדיכטע“, 1911, „אַנטאָלאָגיע פון רומענישע דיכטער“, איבערגעזעצט אין ייִדיש. געשטאָרבן אין 1948.

29. **עזיאל יחיאל־מיכל,** געבוירן אין יאָר 1822. באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע דערציִונג. אין יאָר 1874 אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אין נאָמען פון דער חברה „ציון“ אַ ייִדיש וואָכנבלאַט „היועץ“, אַ צייטונג פאַר דער געמיינדע און פאַמיליע. ער איז אויך געווען דער אַרויסגעבער פון דער איינציקער טאָג־צייטונג „יודישער טעלעגראַף“, דאָס איז געווען אין דער צייט פון דער רוסיש־טערקישער מלחמה (1878—1877). די רומענישע רעגירונג האָט אים אַרויסגעשיקט פון לאַנד אין 1885, נאָך אַ פּאָר יאָר איז ער צוריקגעקומען קיין רומעניע און דאָרט געשטאָרבן אין יאָר 1895.

30. **עהרענקראַנץ וואָלף** (באַקאַנט אַלס וועלוול זבאַרזשער), געבוירן אין זבאַרזש אין יאָר 1826, געשטאָרבן אין יאָר 1883.

וועלוול זבאַרזשער איז פון זיינע פריסטע יאָרן באַאיינפלוסט געוואָרן פון דער השׂכּלה־באַוועגונג. זיינע פאָלקסלידער האָבן אויפגערעגט די חסידישע קרייזן, האָבן אים געצוווּנגען צו פאַרלאָזן זבאַרזש. אין יאָר 1845 איז ער אַוועק קיין רומעניע. געוואָרן אַ מלמד ביי אַ ייִדישן שענקער אין אַ דאָרף נעבן באָטאָשאַן. ער האָט אָבער זיך נישט איינגעשלאָסן אין דאָרף, נאָר פלעגט אָפט קומען קיין באָטאָשאַן און זיך טרעפן מיט ייִדישע בעלי־מלאכות האָרעפּאַשניקעס, געגעסן ביי זיי אַ געבראָטן שטיקל פלייש און פאַרטרונקען מיט אַ גלעזל וויין. ער האָט דערביי געזונגען זיינע פאָלקס־לידער, זיינע סאַטירישע לידלעך... אויך אין רומעניע האָט ער זיך צוזאַמענ־געשטויסן מיט די חסידישע קרייזן, אָבער נישט אין קיין גאָר שאַרפער פאָרם. וועלוול זבאַרזשער מיט זיינע פאָלקסלידער איז געוואָרן באַליבט ביי די ייִדישע פאָלקסמאַסן אין רומעניע. פון באָטאָשאַן האָט וועלוול זבאַרזשער באַזוכט די וויכטיקסטע ייִדישע קהילות אין רומעניע. געווען פיל צייט אין יאַס, בוקאַרעשט, באַקוי. מיט דער צייט פלעגט ער פון רומעניע פאָרן מיט באַזוכן קיין רוסלאַנד, וואַרשע, ווין און קאָנסטאַנ־טינאָפּאָל. וועלוול זבאַרזשער האָט אויך געזאָרגט אַז זיינע פאָלקסלידער און סאַטירעס זאָלן דערשיינען אין בוכפאָרם: אין יאָר 1855 איז דערשינען

אין יאַס אַ בוך מיט זײַנע סאַטירישע לידער „חזון למועד״ ; זײַן צווייטער באַנד פֿאָלקסלידער „מקל נועם״ אין יאָר 1865, און אין לעמבערג אין יאָר 1869 „מקל חובלים״.

אין משך פֿון צענדליקער יאָרן איז װעלװל זבאַרזשער געװען דער באַליבט־סטער פֿאָלקסדיכטער אין רומעניע. די ייִדן זענען געװען באַגײַסטערט פֿון זײַנע לידער און ער האָט פֿיל מיטגעהאָלפֿן צו דערהױבן די פֿאָלקס־מענטשן צו אַ העכערער קולטור־מדרגה אין רומעניע.

31. **ענגעלבערג לוצא**, געבוירן אין פּעטראַ־נעאַמץ אין יאָר 1879, געשטאָרבן אין יאָר 1948. מוזיקער און הומאָריסט. געדרוקט ביכער מיט לאַטײַנישער שריפֿט : „זביטקעס״ — 1907 ; „שבת נאָכן קוגל״ — 1910 און 1926 „די ניין טעג״, הומאָריסטישע דערציילונגען. געװען אַ קאָמיװאָיאַזשאָר.

32. **פינקעלשטיין ישעיהו מאיר**, געבוירן אין פּוילן אין יאָר 1806. אין די פֿער־ציקער יאָרן איז ער אַריבער קיין רומעניע. ער האָט פֿאַרבראַכט אין יאַס און אין גאַלאַץ אין די יאָרן פֿון 1844 ביז 1867. פינקעלשטיין איז געװען אַ באַנקיר, ער האָט געקענט דעם מאָלדאַװישן ייִדיש. ער האָט געשריבן אַ פּיעסע „אַ פּורים־שפּיל אין יאַס״, אונטער דעם פּסעװדאָנים גוטמאַן. מען האָט אים גערעכנט אין זײַן צײַט צװישן די ערשטע מאָדערנע שרײַבער אין רומעניע.

33. **פּסאַנטיר יעקב**, דער ערשטער כראָניקער פֿון די ייִדן אין רומעניע. פֿון טיפֿער ליבע צו ייִדיש האָט ער געשריבן זײַנע בענד װעגן דער געשיכטע פֿון ייִדן — אין ייִדיש. געבוירן אין באָטאָשאַן אין יאָר 1820 און אויסגעלעבט אַ שװער לעבן. ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1900 אין בוקאַרעשט. זײַן פֿאָטער אָשר זעליג איז געװען אַ געבילדעטער מענטש, האָט געקענט עטלעכע שפּראַכן און איז געװען דער „דאָלמעטשער״ (איבערזעצער) אויך אין די אָפֿיציעלע אינסטאַנצן. נאָכן טויט פֿון זײַן פֿאָטער אין יאָר 1835, איז דער יונגער יעקב אַרײַנגעטרעטן אין אַ תּלמוד־תּורה. זײַענדיק באַשאָנקען מיט מוזיקאַלישע פֿעיִקייטן, האָט ער זיך אויסגעלערנט גוט שפּילן אויף אַ צימבל. מיט דער צײַט האָט ער אָרגאַניזירט אַ קאַפּעליע מוזיקאַנטן, אַלע ציגײַנער, און פֿלעגט פֿאָרן מיט זײ פֿון דאָרף צו דאָרף, פֿון שטאָט צו שטאָט.

יעקב פּסאַנטיר האָט זיך נישט באַנוגנט מיט דער ציגײַנערישער קאַפּעליע. ער האָט געפֿילט אַז מען דאַרף אָנשרײַבן די געשיכטע פֿון ייִדן אין רומעניע, כּדי די רומענישע ייִדן זאָלן זיך אַלײן קענען. פֿאַר דעם געדאַנק, אין יענע יאָרן האָט ער נישט געפֿונען קײן מעצענאַטן, זײ זאָלן אים העלפֿן פֿינאַנ־סיעל, ער זאָל קענען זאַמלען די נויטיקע מאַטעריאַלן, פֿלעגט ער װי אַ נע־ונדניק נישטערן אין אַלע ספֿרים פֿון די בתּי מדרשים, זוכן אויף די

בתי הקברות, אַלטע, גאָר אַלטע מצבות און פון דאָרטן אָפּקאָפּירן דעם שריפט. ביי יעדער געלעגנהייט האָט ער געזאַמלט יעדע זאַך וואָס האָט אים גענוצט פאַר זיינע ביכער. זעלטן ווען מיר טרעפן אין דער ייִדישער געשיכטע אַזאַ טיפּ מענטש וועלכער האָט נישט געלערנט אין קיין שול אָדער אוניווערסיטעט און נישט קיין ישיבה, נאָר אַלס אויטאָדידאַקט, מיט אייגענע גייסטיקע אָנשטרענגונגען פאַרפאַסט זיינע ביכער.

אין יאָר 1871 איז דערשינען זיין ערשטער באַנד אין יאַס: „ספר לדברי הימים לארצות רומעניע", בדפוס ה. גאָלדנער. אין יאָר 1873 — דער צווייטער באַנד: „קורות היהודים ברומעניע". דער בוך נעמט אַרום די געשיכטע פון ייִדן פון קעניג שטעפאַן דער גרויסער ביז דער הערשאַפט פון קאַרל דעם ערשטן.

יעקב פסאַנטיר האָט אויך אָנגעשריבן אַ בוך אין יאָר 1890 „ספר הזכרונות" וועגן בוקאַרעשטער אַזילהויז און האָט געבראַכט ביאָגראַפיעס און געשטאַלטן פון די וועלכע זענען אַריינגעטרעטן אין אַזיל אין דער תקופה פון 1880—1890.

טראָץ אייניקע אומפּינקטלעכקייטן, האָבן זיינע ביכער בייגעטראָגן צו דער געשיכטע פון די רומענישע ייִדן. ער איז אויף דעם געביט דער אמתער פּיאָנער.

34. **פעלדבוי יעקב,** געבוירן אין יאָר 1878, געווען לערער פאַר ייִדיש אין טורגא אקנא פון מאָלדאַוויע. דאָ האָט ער אָנגעשריבן זיין ראָמאַן: „גלגול חוזר בעולם, אָדער דער דאָקטאָר אין צדיק־פּאַלטן".

35. **פרענקעל אליעזר,** פּעדאַגאָג, מחבר פון וויכטיקע לערנביכער. געבוירן אין יאַס אין יאָר 1920, איצט אין ישראל, אין אשקלון. פון זיינע לערנביכער: „אונזער שפּראַך", געדרוקט געהיים אין יאַס, אָבער אויפן שער־בלאַט איז געווען אָנגעגעבן, וואַרשע 1934. דאָס איז געווען אונטער דער אַנטאָנעסקו־רעגירונג, ווען ס'איז געווען פאַרבאָטן צו דרוקן אַ ייִדיש וואָרט. אין יאָר 1945 האָט אליעזר פרענקעל, צוזאַמען מיט י. פּאַנער, אַרויסגעגעבן אַן „אַנטאָלאָגיע פון דער מאָדערנער ייִדישער דיכטונג". אין יאָר 1947 איז די אַנטאָלאָגיע דערשינען מיט אַ הקדמה פון איציק מאַנגער.

אין יאָר 1947 האָט א. פרענקעל פאַרעפנטלעכט אַן עסיי אונטערן נאָמען: „צו דער פראַגע וועגן דער צוקונפט פון ייִדיש". דער עסיי האָט אַרויס־גערופן פיל אינטערעס.

36. **פרידמאַן מתתיהו,** אַ זון פון אַ רב פון דער ריזשינער דינאַסטיע, געבוירן אין יאָר 1892, געלעבט אין שטעטל פּאַקשאַן. געווען אַן איידעם פון פּאַק־שאַנער רב. ער איז געווען זייער געשעצט פון דעם „הויף" און פון דעם רבס משפחה. אָבער מתתיהו פרידמאַן האָט אָנגעהויבן אַרויסצוווייזן אַ

צוריקגעהאַלטנקייט צום רבישן לעבנס־נוסח. אים האָט געצויגן צו קענען קומען אין באַרירונג מיט דער דרויסנדיקער וועלט, פילן מער פרייהייט און האָבן אַ מעגלעכקייט צו קומען צו אייגענעם אויסדרוק. קומענדיק אין באַרירונג מיט די יוגנטלעכע פון פּאַקשאַן, האָט ער אויסגעדריקט זיין טיפע אַנערקענונג און אַפּשאַצונג פאַר יִדיש, טראָץ דעם וואָס ער האָט זייער גוט געקענט העברעיש און זי געשעצט. דער דראַנג זיך צו באַפרייען האָט אים געבראַכט דערצו, אַז ער איז שטילערהייט אַנטלאָפן פון פּאַקשאַן און אַריבער די גרענעץ פון בוקאָווינע אין שטאָט סוציאַווע־שאַץ, מיינענדיק אַז דערמיט וועט ער דערגרייכן מער פרייהייט. דער טאַטע זיינער האָט געווירקט ווי אַ שטורעם אויף דער גאַנצער רבנישער משפחה. זיי האָבן אָנגעהויבן צו זוכן אַלע מיטלען כּדי אים איבערצובעטן, אַז ער, מתתיהו, זאָל צוריקקומען און מען וועט אים אַפילו העלפן צו האָבן מער פרייהייט. דער פּחד איז געווען אַז מתתיהו פרידמאַן זאָל נישט גיין אויף די וועגן פון זיין פעטער דער רב פון ליאָווע (אין בעסאַראַביע) און פאַרלאָזן דעם רבנישן וועג. ס'איז זיי געלונגען אים איינצוברעכן און ער איז צוריקגעקו־מען קיין פּאַקשאַן.

אָבער זייענדיק צוריק אין פּאַקשאַן, האָט אים דער אינערלעכער אויפברויז נישט אָפּגעלאָזט און ווען אַ יונגע ליטעראַרישע גרופּע האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן די אויסגאַבע „ליכט", איז ער צוגעשטאַנען און געוואָרן איינער פון אירע פּראָדוקטיווסטע מיטאַרבעטער. ער האָט אין יעדן נומער „ליכט" געשריבן אַ 2־3 עסייען, וואָס האָבן אַרויסגערופן אַ טיפע אָפּשאַצונג ביי אַלעמען. זיינע עסייען זענען ביז היינט אַ וויכטיקער ליטעראַריש־אַקטועלער בייטראָג. מיר וועלן דאָ דערמאָנען אייניקע נעמען פון זיינע עסייען: „אויפן טאָגבוך פון אַ נאַטורמענטש"; „קונסט־חוש ביי יִדן"; „מכוח יִדישקייט"; „פּרצ'ס חסידישע מעשיות"; „טויטשטראָף ביי יִדן" א.אַנד. ער האָט זיך געניצט אויך מיט אייניקע פּסעוודאָנימען. ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1917 פון פלעקטיפוס.

מתתיהו פרידמאַן, וואָס זיינע נאָענטע האָבן אים גערופן מתתיל, איז אָן ספק געווען אַ גאון, האָט ליידער אויפגעבליצט און פאַרשוווּנדן ווי אַ מעטעאָר. די יִדישע ליטעראַטור האָט אין אים פאַרלוירן אַ גרויסן טאַלאַנט.

37. **קאַראַ י.** (פען־נאָמען פון איציק שוואַרץ), געבוירן אין יאָר 1906 אין פּאַדעלוי, נעבן יאַס, און איז ביז איצט ממשיך צו וווינען אין יאַס. י. קאַראַ האָט זיך דעראָבערט אַ בכבודיקן פּלאַץ אין דער סאָציאַל־געזעלשאַפטלעכער און שרייבערישער אַרבעט. ער האָט פילזייטיק באַרייכערט די געשיכטע פון די יִדן אין רומעניע. קאַראַ איז פון די גראָטענע דריי ברידער: יצחק,

יוליאַן און שמחה, וועלכע האָבן אַרומגענומען און באַאַרבעט פיל געביטן פון דער ייִדישער קולטור אין רומעניע.

י. קאַראַ נאָך דעם ווי ער האָט פאַרענדיקט דעם פילאָלאָגישן פאַקולטעט אין טשערנאָוויץ איז ער מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי.

די ערשטע דערציילונג זיינע איז געדרוקט געוואָרן אין י. פאַנערס „קאַנ־טשעק". קאַראַ האָט געווידמעט פיל צייט פאַרן ייִדישן טעאַטער, איבער־געזעצט אַ צאָל פּיעסן. ער האָט זיך אויך אויסגעצייכנט מיט פאָרשן פיל־זייטיק די ייִדישע געשיכטע אין רומעניע. צענדליקער און צענדליקער גע־ביטן האָט ער געדעקט מיט זיין פאָרשן די ייִדיש־טעמאַטיק אין רומעניע. מיט זיינע אַרבעטן זיך באַטייליקט אין די סאַמע וויכטיקסטע אויסגאַבעס אין אייראָפּע און אין אַמעריקע.

אין בוכפאָרם האָט ער אָנגעהויבן מיט דעם העפט „30 יאָר ייִדישע ליטע־ראַטור אין רומעניע", אין יאָר 1948 אַרויסגעגעבן אַ „לערנהעפט פאַר ייִדישער גראַמאַטיק" (בוקאַרעשט 1948), „אַ מאָלדאַוויש ייִנגל" (בוקאַ־רעשט 1976) און „יונגע יאָרן און ווייניקער יונג" (בוקאַרעשט 1980). עס וואַרטן ביי אים נאָך אייניקע ביכער פאַרן פאַרלאַג „קריטעריאָן". זיין לעצט בוך: „יאָרן פון האָפענונג", 1987.

38. **קייש אורי**, דערשיינט אַלס רעדאַקטאָר פון דער „ייִדישער פעריאָדישער אויסגאַבע" אין יאָר 1907, מיט אַ ציוניסטישער ריכטונג. אין יאָר 1925 רעדאַגירט אורי קייש אַ סעריע בראָשורן מיטן אינהאַלט פון „גלות"; „דער היסטאָרישער פּראָגראַם פון ייִדיש לערנען" א. אַנד.

39. **קראַפט חיים**, געבוירן אין דאָרף בעזנאָסע (אַלט־רומעניע) אין 1887, גע־שטאָרבן אין 1964 אין ישראל. געלערנט אין גימנאַזיע אין סערעט (בוקאָ־ווינע). אין 1908 געווען דעלעגאַט צו דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפע־רענץ. ער איז געווען פון די אָנפירערס פון פועלי־ציון (לינקע) אין רומעניע. פון יאָר 1944 ביז 1947 איז ער געווען פאַרשיקט דורך דער סאָוויעטישער מאַכט קיין אוזבעקיסטאַן, דערנאָך געלעבט אין רומעניע, געווען גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער דאָרטיקער אחדות־העבודה פועלי־ציון. אין 1947, שוין אַ בלינדער, עולה געווען קיין ישראל.

מיט ליטעראַרישער אַרבעט דעביוטירט אין 1912 אין לעמבערגער „יודישער אַרבייטער". אויך אין „פרייהייט" — פועלי־ציון אָרגאַן אין טשערנאָוויץ 1919—1924. געווען רעדאַקטאָר פון „אונזער וועג" — בוקאַרעשט אין 1929. מיטגעאַרבעט אין פאַרשידענע אויסגאַבעס אין ישראל זיך געדרוקט אין „פאָלקסבלאַט" (תל־אביב).

40. **ראָבינזאָן חיים**, געבוירן נעבן יאַס. אין יאָר 1944 געקומען קיין ארץ־ישראל, נאָכן דורכמאַכן די נאַצישע לאַגערן. אַ זון פון אַ רב, האָט ער איינגעזאַפּט

ייִדישקייט און אהבת ישראל. פון זיינע ערשטע ליטעראַרישע שריט שאַפט ער איזביידע שפּראַכן אין העברעיש און אין ייִדיש.
ווען ער האָט פאַרענדיקט זיין לערנען אין ירושלימער אוניווערסיטעט האָט ער אינטענסיוו זיך באַטייליקט אין דער ייִדישער און העברעישער פּרעסע. זיינע עסייען רופן אַרויס פיל אינטערעס. אין בוכפאָרם דערשינען אין העברעיש „ימי האדמה" (1966), נאָך אייניקע יאָר אַ צווייטער באַנד.
חיים ראַבינזאָן איז אַ תלמיד־חכם, מלא וגדוש מיט ייִדישן וויסן.

41. **רודיק ליפּעלע**, באַקאַנט אַלס ליפּא ראַדעסקו, געבוירן אין יאָר 1855 אין באַקוי. געווען איז ער אַ פאָלקסזינגער, בדחן, טעאַטער־מענטש און שרייבער. ער איז געווען אַ משכּיל און אין זיינע פאָלקסלידער זענען געווען סאָציאַלע אַספּעקטן. אין יאָר 1884 דערשינען זיין לידער־ביכל „קול רינה", אַ לידער־גאַלעריע, רעדאַגירט פון ליפּא ראַדעסקו; אין יאָר 1882 פאַר־פאַסט אַ פּורים־שפּיל „דעם טאַטנס צוואה, אָדער דער פוגאַש" (קעשענע־גנב). ער פּרוּווט אויך זיין אַן אַרויסגעבער פון אַ צייטונג „הגיבור", ווו ס'הויבט אָן צו דערשיינען אַ ראָמאַן „אַ משומד אין דער משפּחה". גע־שטאָרבן אין באַקוי 1895.

42. **ריספּלער מאיר**, געבוירן אין יאָר 1904. ער איז צוגעטרעטן צו די „איקוף"־קרייזן. האָט אַרויסגעגעבן אין די ראַמען פון מלוכה־פאַרלאַג אויסגע־וויילטע שריפטן פון שלום עליכם (1956), מענדעלע מוכר ספרים (1957), י. ל. פּרץ (1959). האָט אויך אַרויסגעגעבן אייניקע ווערק: „זין", „מיט אָפענע אויגן" (1965).

43. **שוואַרץ יוליאַן (שלום)**, געבוירן אין יאָר 1910 אין פאַדעלוי נעבן יאַס. דורך זיין טראַדיציאָנעלער דערציונג אין דער משפּחה איז ער זיין גאַנץ לעבן געווען געבונדן מיט דער ייִדישער קולטור. ער האָט געפאָרשט און באַשריבן וועגן אַלע אַספּעקטן פון ייִדישן טעאַטער אין רומעניע. אָנגעהויבן האָט ער מיט עסייען אין פיל צענטראַלע ייִדישע אויסגאַבעס אין דער וועלט.
ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט באַשרייבן די ייִדישע פּען־מענטשן און קולטור־טוער, זיינע פּאָרטרעטן זענען באַוווּסט און אָפּגעשאַצט. אין בוך־פאָרם: „ליטעראַרישע דערמאָנונגען" (1975) אין פאַרלאַג „קריטעריאָן" אין בוקאַרעשט; אין זעלבן פאַרלאַג (1979) „פּאָרטרעטן און עסייען". פאַר די דראַם־קרייזן (1947) „פאַרכּישופטער שרייבער" — אַן איינ־אַקטער.

זעלטן טרעפט מען אַזוי פיל וואַרעמקייט, ווי די ייִדישע לייענער האָבן אַרויסגעוויזן צו יוליאַן שוואַרץ. ער איז געווען פון די איבערגעגעבנסטע באַגלייטער און מאָלער פון די ייִדיש־מאַסן אין רומעניע.

44. **שוואַרץ שמחה,** געבוירן אין פּאָדעלוי אין יאָר 1900. געווען דער עלטסטער פון די דריי ברידער ליטעראַטן (שמחה, יצחק און יוליאַן־שלום).
ער איז געווען אַ דיכטער, סקולפּטאָר, אָבער בעיקר זיך אָפּגעגעבן מיט טעאַטער־פּראָבלעמען. אין טשערנאָוויץ האָט שמחה שוואַרץ געגרינדעט אַ קליינקונסט־טעאַטער א. נ. „קאָמעלעאָן", וואָס האָט עקזיסטירט 5 יאָר. פאַר דעם טעאַטער האָט ער צוגעגרייט די טעקסטן, רעזשיסירט און גע־שפּילט. אין יאָר 1936 איז ער אַנגעקומען קיין פּאַריז און דאָרט געלערנט טעאַטער און סקולפּטור. נאָך דער מלחמה האָט ער אין פּאַריז געשאַפן אַ מאַריאָנעטן־טעאַטער „הכל בכל"", וואָס האָט געהאַט גרויס דערפאָלג. זיין באַשלוס איז געווען צו אינסצעניזירן דעם אינהאַלט פון בעלאַ שאַגאַלס בוך „ברענענדיקע ליכט", — בעלאַ איז געווען די פאַרשטאָרבענע פרוי פון מאַרק שאַגאַל. שאַגאַל האָט געווידמעט פיל אינטערעס צו שוואַרצס מאַריאָנעטן־טעאַטער און געלויבט זיין קינסטלערישע דערגרייכונג.
אין יאָר 1952 האָט שמחה שוואַרץ זיך באַזעצט אין בוענאָס־איירעס (אַרגענטינע) און האָט דאָרט פאָרגעזעצט זיין אַרבעט פאַרן יידישן טעאַ־טער. ער האָט אויך געשריבן אַרטיקלען און עסייען ווי אויך זכרונות וועגן זיין געבורטשטאָט פּאָדעלי. ער האָט איבערגעזעצט פון פראַנצויזיש לידער פון באָדלער און ווערלען.

45. **ש"ס ראָמאַן (ש. סאָלאָמאָן),** געבוירן אין פּאַקשאַן אין יאָר 1894. פון זיין פּריסטער יוגנט געדרוקט קאָרעספּאָנדענצן אין אָדעסער „אונדזער לעבן". דעסגלייכן פלעגט ער זיך באַטייליקן מיט איבערזעצונגען אין יאַסער „ביבליאָטעק פאַר יידישע קאָרעספּאָנדענצן", איבערגעזעצט פון דער יידישער ליטעראַטור אויף רומעניש, געווען אַ ביבליאָגראַף, פאַרעפנטלעכט אין זלמן רייזענס לעקסיקאָן אַ פאַרשאַרבעט „די יידישע פּרעסע אין רומעניע, 1854—1926". צוזאַמען מיט י. בערקאָוויטש אַרויסגעגעבן אַ באַנד: „אַכציק יאָר יידיש־טעאַטער אין רומעניע 1876—1956". אין בוכפאָרם פאַר יוגנטלעכע „דערציילונגען פון אַמאָל" 1971.

46. **שוועמער שמואל,** געבוירן אין יאַס אין יאָר 1877. אַ רעליגיעזע דערציונג, באַקומען סמיכות אויף רב. ער האָט רעדאַגירט די חודשלעכע אויסגאַבע „יידישע וויסנשאַפט" (יאַס 1918—1937). אין יאָר 1929 אַרויסגעגעבן: „הונדערט יאָר יידישע געשיכטע" אין קעשענעוו.

## בעסאַראַביע

47. **אויערבאַך אפרים,** געבוירן אין בעלץ, בעסאַראַביע, אין יאָר 1892. זיין טאַטע איז געווען אַ שוחט פון די חב"דער חסידים. אפרים אויערבאַך

איז אין זיין דערציונג געווען אַריינגעטונקען אין אַ טראַדיציאָנעלער אַטמאָ־ספער, ער האָט פּריוואַט אויך געלערנט אַלגעמיינע לימודים. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין העברעיש און יידיש פון יאָר 1908. גאָר אין גיכן איז ער אָנערקענט געוואָרן אַלס אַ געראָטענער יונגער דיכטער. געדרוקט לידער פאַר קינדער.

אין יאָר 1912 אָנגעקומען קיין ארץ ישראל. דאָ געאַרבעט אין פאַרשידענע מושבות (קאָלאָניעס). אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה עוואַקואירט געוואָרן פון ארץ ישראל. ער האָט זיך מאָביליזירט אין יידישן לעגיאָן. צוליב אַ קראַנקייט איז ער אין יאָר 1915 געפאָרן קיין אַמעריקע. דאָרט מיטגעאַרבעט אין פיל יידישע אויסגאַבעס. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ גרויסע צאָל ביכער לידער, דערציילונגען און זכרונות: אין 1915 „אויפן שוועל"; אין 1918 א"י־לידער „קאַראַוואַנען"; „לויטער איז דער אַלטער קוואַל", לידער — 1945; „ווייססשטאָט" — זכרונות וועגן תל־אביב, פּאָעמע 1952.

ער איז געווען איינער פון די גרינדער פון „ציקא" און מיטגעאַרבעט מיטן „אַרבעטער־ציוניזם" אין אַמעריקע. אויף די עלטערע יאָרן געקומען קיין ישראל ווו ער איז נאָך עטלעכע יאָר געשטאָרבן אין תל־אביב.

48. **אַלטמאַן משה,** געבוירן אין יאָר 1890 אין ליפּקאַן. געווען דיכטער, פּראָזע־מייסטער און עסייאיסט. שוין פון זיינע ערשטע טריט האָט ער זיך דער־נענטערט צו צוויי אַנדערע שרייבערס: יעקב שטערנבערג — אויך פון ליפּקאַן און אליעזר שטיינבאַרג. אַריבערקומענדיק קיין טשערנאָוויץ האָבן די דריי שרייבער געענדערט דעם אויסזען פונעם קולטור־לעבן אין גאַנץ בוקאָווינע און אַנדערע פּראָווינצן אין רומעניע. מ. אַלטמאַן האָט אויך פיל געהאָלפן דעם יידישן טעאַטער.

אין בוכפאָרם זענען דערשינען: „בלענדעניש", דערציילונגען (1926) טשער־נאָוויץ, „די ווינער קאַרעטע", בוקאַרעשט (1935), „מדרש פּנחס", ראָ־מאַן (1955).

מ. אַלטמאַן צוזאַמען מיט די ליפּקאַנער פריינד: אליעזר שטיינבאַרג און יעקב שטערנבערג האָבן מיט זייער קולטור־טעטיקייט דערצויגן אַ גרויסע פּלעיאַדע דיכטער און פּראָזאַיקער, וואָס האָבן באַרייכערט די יידישע ליטעראַטור אין רומעניע. געשטאָרבן אין סאָוויעט־רוסלאַנד אין יאָר 1984.

49. **אַקניצער אהרון,** דיכטער און מחבר פון ליטעראַרישע סקיצן. צוליב זיין העפט לידער „וואַנגעלישע מאָטיוון", וואָס איז דערשינען אין יאָר 1938 אין בוקאַרעשט, איז ער אַרעסטירט געוואָרן. דער מאָטיוו, לויט דער דערקלערונג פון דער פּאָליציי איז געווען, אַז אין זיינע לידער איז פאַראַן

אַ באַליידיקונג פון דער קריסטלעכער רעליגיע. ס׳איז פּאַרגעקומען אַ שטור־מישער פּראָצעס. מען האָט געמוזט ברענגען אַלס פּאַרטיידיקונג־עדות דעם באַקאַנטן גלח־שרייבער גאַלאַ גאַלאַסיאַן, דעם היסטאָרישן ליטעראַרישן קריטיקער ראַבינער ד״ר מ. א. הלוי, וועלכער האָט באַוויזן אַז אין אַקניצערס ביכל איז נישט פאַראַן קיין שום באַליידיקונג פון דעם קריסט־לעכן גלויבן. דעם דיכטער האָט מען באַפרייט און ער האָט ממשיך געווען שרייבן לידער.

.50 **באַטאָשאַנסקי יעקב**, געבוירן אין יאָר 1895 אין נײַ־קיליע, בעסאַראַביע און געשטאָרבן אין יאָר 1964.

יעקב באַטאָשאַנסקי האָט געלערנט אין ישיבות פון קעשענעוו און אָדעס. אָנגעהויבן שרייבן אין רוסיש און אַריבער צו ייִדיש. זײַן שרייבן איז געווען זייער פאַרשידנאַרטיק: אַרטיקלען, פעליעטאָנען, רייזע־איינדרוקן, דער־ציילונגען, טעאַטער און ליטעראַרישע קריטיק, פאַרעפנטלעכט אין פיל אויסגאַבעס אין רומעניע און אין אַנדערע לענדער.

אין בוכפאָרם: פאַרעפנטלעכט אַ גרעסערע צאָל ביכער. מיר וועלן דאָ דערמאָנען נאָר אייניקע: „פאַרטרעטן פון ייִדישע שרײַבער״, וואַרשע 1933, „בראשית פון מדינת ישראל״ 1948, „מאַמע ייִדיש״ (עסייען און לעקציעס). בוענאָס איירעס 1952.

געווען מיטרעדאַקטאָר פון „די פרעסע״ אין בוענאָס איירעס; אין „ליכט״ אין רומעניע אויסגעפילט אַ צענטראַל אָרט אין דער רעדאַקציע. אָנגעהויבן אַלס פועלי־ציון אַקטיוויסט, אָבער מיט דער צייט זיך קאָנצענטרירט נאָר צו דער ייִדיש־קולטור.

.51 **באַרדיטשעווער זעליק**, געבוירן אין בעלץ אין יאָר 1898, געשטאָרבן אין יאָר 1937.

געווען לערער און פאָלקס־זינגער. די ליטעראַרישע קריטיקער פון זײַן צייט האָבן אים געזען איינעם פון די לעצטע ייִדישע טרובאַדורן אין רו־מעניע. ער האָט מיט זיינע פאָלקסלידער פאַרכאַפּט די ברייטע פאָלקס־מאַסן. זיינע לידער האָט געזונגען דאָס פאָלק. באַרדיטשעווער איז געווען דער רירנדיקער באַזינגער פון די ליידנדיקע שיכטן, האָרעפּאַשנע ייִדן. צו זיינע לידער האָט ער דאָס רוב אַליין צוגעפּאַסט די ניגונים. אין בוכפאָרם איז דערשינען אַ קליין העפטל מיט 9 פאָלקסלידער וואָס איז געוואָרן אַ נכס פון פאָלק.

אין איינעם פון זיינע פאָלקסלידער קומט צום אויסדרוק די ריכטיקע לאַגע פון אַרבעטס־מענטש:

„ווער עס ווייסט נישט
ווער עס ווייסט נישט
זאָל אַצינדער עס וויסן,
ווי שווער און ביטער,
קאַרג און שיטער
ס'קומט אונדז אָן דער ביסן."

(„מלאכה — מלוכה")

זיינע לידער זענען איבערגעדרוקט געוואָרן אין אורוגוואַי (1949) און אין ישראל.

52. **ברייטמאַן מאָטל**, געבוירן אין בריטשאַן (בעסאַראַביע) אין יאָר 1890. געוואָרן אַ צאָן־דאָקטאָר אין בריטשאַן און אין טשערנאָוויץ. אָנגעשריבן אַ ראָמאַן: „ווען דער מאַן האָט געבליט", אין טשערנאָוויץ 1917. געדרוקט זיינע אַרבעטן אין פיל אויסגאַבעס. געווען אין די רומענישע לאַגערן ביז 1944. פון 1945 — אין טשערנאָוויץ.

53. **גילישענסקי הערץ**, געבוירן אין אוריעוו (בעסאַראַביע) אין יאָר 1891. געווען אַקטיוו אין „בונד" אין רומעניע. אין יאָר 1941 אַרעסטירט און פאַרשיקט געוואָרן אין די לאַגערן און דאָרט פאַרשוווּנדן. זיינע שאַפונגען האָט ער פאַרעפנטלעכט אין די אויסגאַבעס אין רומעניע, וועגן געזעלשאַפטלעכע און פעדאַגאָגישע פּראָבלעמען.

54. **גיציס משה**, 1894—1987.
געבוירן אין כאָטין, אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע און אין 1924 זיך באַזעצט אין טשיקאַגאָ. אין 1926 איז אַרויס זיין דראַמע „גלאָקן". אין משך פון יאָרן זענען דערשינען אין בוכפאָרם זיינע דערציילונגען: „קינדער פון אברהם", „דער בער", „די גרענעץ", „מיראַזשן".

55. **גרינבערג אליעזר**, געבוירן אין יאָר 1896 אין ליפקאַן — בעסאַראַביע. ליפקאַן, וועלכע איז געווען די ליטעראַרישע ציטאַדעל פון דער גאַנצער סביבה, האָט פיל באַאיינפלוסט דעם שעפערישן וועג פון אליעזר גרינבערג. נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1913, איז ער אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע, קיין באָסטאָן, דאָרט געוואָרן אַ לערער. אין יאָר 1921 שטודירט אין מישיגען־אוניווערסיטעט. זינט 1927 זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק.

אליעזר גרינבערג האָט פאַרנומען אַ באַדייטנדיקן פּלאַץ אַלס דיכטער. זיינע לידער און פּאָעמעס זענען דערשינען אין פיל יִידישע אויסגאַבעס. אין בוכפאָרם זענען דערשינען: „גאַסן און עוועניוס" — 1928; „פישער־דאָרף" (פּאָעמע) — 1938; „ביינאַכטיקער דיאַלאָג" — 1953. ער האָט

זיך אויסגעצייכנט דערמיט, וואָס אַלס בעסאַראַבער בחור האָט ער גע־פּרוּווט פּאַרטיפן זיין דיכטערישע שאַפונג מיט נייע געשטאַלטן פון צפון־אַמעריקע. ער האָט זיך אָבער נישט באַפרייט פון זיין ערשטער ייִדישער בעסאַראַבער היים און עטלעכע יאָר פאַר זיין טויט האָט ער וועגן דעם אָנגעשריבן וווּנדערבאַרע לידער.

געשטאָרבן אין יאָר 1977.

56. **גרינבערג חיים**, געבוירן אין דאָרף דאַדאַרעשטי, בעסאַראַביע, אין יאָר 1889, געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין יאָר 1953.

אַ מחבר — עסייאיסט און פּובליציסט, איינער פון די אָנגעזעענע ציוניס־טיש־סאָציאַליסטישע מנהיגים. זייענדיק נאָך אין רוסלאַנד איז ער געווען אַן אַקטיוויסט און פירנדיקע פיגור אין דער „תרבות"־באַוועגונג. ווען די סאָוויעטישע מאַכט האָט גענומען רודפן איז ער אַוועק קיין בערלין. אַלס פירנדיקע פיגור פון „הפועל הצעיר" איז ער אָנגעקומען קיין צפון־אַמעריקע, דאָ האָט ער רעדאַגירט דעם „אידישער קעמפער", אויסגאַבע פון דער ציו־ניסטישער אַרבעטס־באַוועגונג אין אַמעריקע. ער האָט זיך אויסגעצייכנט אַלס גרויסער רעדנער אין ייִדיש, עברית, רוסיש און ענגליש. גאָר שנעל האָט ער פאַרנומען דעם פּלאַץ אַלס אָנגעזעענער מיטגליד אין דער ציוניסטישער וועלט־עקזעקוטיווע.

חיים גרינבערג, וועלכער האָט דאָס אַלץ דערגרייכט אַלס אויטאָדידאַקט, האָט שפּעטער פאַרברייטערט זיינע קענטעניש אין עברית און רוסיש און האָט זיך פאַרטיפט אין היסטאָריע און פילאָזאָפיע. געווען אַ גאָר נאָענטער פריינד מיט די דענקנדיקע קרייזן פון אינדיע און מיט די וויכטיקע קרייזן פון די נעגער אין צפון־אַמעריקע.

באַלד נאָך זיין טויט, אין יאָר 1953, זענען דערשינען אין בוכפאָרם, אין פאַרלאַג „אידישער קעמפער" א) „מענטשן און ווערטן"; ב) „איך און וועלט"; ג) „בלעטלעך פון אַ טאָג־בוך".

57. **האַקען ווערא**, געבוירן אין ליפקאַן (בעסאַראַביע) אין יאָר 1912. זי האָט געלעבט אין ניו־דזשערסי, צפון אַמעריקע. איר ליטעראַרישער אָנהויב איז געווען אין דייטש. נאָכן ייִדישן חורבן אין אייראָפּע האָט זי אָנגעהויבן שאַפן אין ייִדיש אין ליד, עסיי און דראַמע. געדרוקט אין „צוקונפט" (ניו־יאָרק) דערציילונגען און לידער. געשריבן אונטער דער דירעקטער השפּעה פון אליעזר שטיינבאַרג. אַרויסגעגעבן אַ ביכל וועגן אירע קינדער־יאָרן מיט אליעזר שטיינבאַרג, תל־אביב 1969. רעדאַגירט דעם פאַרלאַג „די גאָלדענע פּאַווע", ווו מען האָט פאַרעפנטלעכט אין דייטש פון די ווערק פון מענדעלע, י. ל. פּרץ, שלום עליכם און אָפּאַטאָשו. געשטאָרבן אין יאָר 1988.

58. **וויינשטיין ישראל**, געבוירן אין קעשענעוו אין יאָר 1891, געשטאָרבן אין יאָר 1942 אין טראַנסניסטריע, וווהין ער איז דעפּאָרטירט געוואָרן. געווען אַ פּעיקער זשורנאַליסט און רעדאַקטאָר; ער האָט זיך אויסגע־צייכנט מיט הומאָריסטישע שאַפונגען. דערשינען אין בוכפאָרם זיינע: „שמייכלדיג" אין קעשענעוו 1930, „אויף דער פּיר" — 1933, זיך געדרוקט אין „אונזער צייט" און גענוצט זיך פיל מיטן פּסעוודאָנים: ייִדל מלמד.

59. **זעלצער חיים**, געבוירן אין קעשענעוו אין יאָר 1912. זיין ליטעראַרישע אַרבעט אַלס דיכטער האָט ער אָנגעהויבן אין רוסיש, ערשט שפּעטער האָט ער אָנגעהויבן צו שרייבן לידער אין ייִדיש. ווען ער איז אין יאָר 1972 עולה געווען קיין ישראל, האָט ער פאַרצווייגט זיין דיכטערישע אַרבעט. אין בוכפאָרם זענען נאָר אין ישראל דערשינען: „רו און רואינען" — 1975; „פון פרישן ברונעם" — 1976; „גרינער טאָל", „שאָטנס אין מדבר" — 1979; „זיבן פון איין שיף" — 1982; „שטערן אויפן יריד" (כעלם די פעסטונג פון חכמה) — 1985.

60. **חאַלאָדענקאָ צבי**, געבוירן אין שטעטל מאַנזיר. אויפגעוואַקסן ביי אַ טאַטן אַ שמיד, נישט געהאַט קיין באַדינגונגען צו לערנען, ווייל ער האָט געמוזט אַרבעטן, העלפן אויסהאַלטן די גרויסע משפחה. אָבער גרויס איז געווען זיין ווילן צו לערנען. איז ער געוואָרן אַן אויטאָדידאַקט און געענדיקט אַלס עקסטערן 2 קלאַסן. זיין שטרעבונג איז געווען צו שרייבן לידער. ווען איינ־מאָל איז אים געלונגען צוצוקומען צו ח. נ. ביאַליק אים צו ווייזן זיין העפטל לידער און ביאַליק האָט אים געזאָגט אַז ער זאָל ממשיך זיין צו שרייבן זיינע לידער, איז ער געווען אין זיבעטן הימל. ער האָט געשריבן אַ סך.

ער האָט זיך באַזעצט אין בענדער, געעפנט אַ חדר מתוקן. ווען די סאָוויעטן זענען אַריינגעקומען קיין בעסאַראַביע האָט מען אים פאַרשיקט אין אַ לאַגער אין וואָרקוטאַ וווּ ער איז געשטאָרבן.

ער פלעגט וואַנדערן איבער אַלע בעסאַראַבישע שטעטלעך און אַרויסטרעטן אויף לידער־פאָרלעזונגען.

61. **חסיד מרדכי**, געבוירן אין סעקורען (בעסאַראַביע) אין יאָר 1909. אין יאָר 1926 געענדיקט די גימנאַזיע אין סעקורען. שפּעטער האָט ער געלערנט אין „בית מדרש למורים" אין ווין אונטער דער אָנפירונג פון פּראָפ' חיות. ער האָט אָנגעהויבן צו שרייבן אין די יונגע יאָרן אין פיל ייִדישע אויס־גאַבעס. אין די לעצטע יאָרן געווען רעדאַקטאָר פון „קענעדער אָדלער" אין מאָנטרעאַל. געשטאָרבן אין יאָר 1989.

62. **חרץ (כאַראַץ) מאיר**, געבוירן אין יאָר 1912 אין דאָרף שורי לעבן זגוריצאַ, אויסגעוואַקסן אין דער ייִדישער קאָלאָניע מאַרקולעשט נעבן בעלץ (בעסאַ־

ראַביע). פון יונגערהייט געלעבט אין טשערנאָוויץ. אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אַנטלאָפן פון דער נאַצי־אָקופּאַציע קיין סאָוויעט־רוסלאַנד.

געווען לערער און פרי אָנגעהויבן דרוקן לידער, אָנגעשריבן 600 לידער. אין יאָר 1972 עולה געווען קיין ישראל. דאָ קומט זיין בלי־תקופה פון זיינע ווערק אין בוכפאָרם. ער האָט ביז איצט אַרויסגעגעבן אין ישראל 6 לידער־ביכער, צווישן זיי „אין פרעמדן גלאַנץ" (1974) און אין 1983 „געקליבענע לידער און פּאָעמעס". די טעמאַטיק פון חרצ׳ס שאַפונגען איז אַ פילאַרטיקע: נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע מאָטיוון, לידער אויטאָביאָגראַ־פישע. אַ גרויסע צאָל ווידמעט ער זיין היימשטעטל מאַרקולעשט און בכלל דער פילפאַרביקער בעסאַראַבער לאַנדשאַפט. כמעט די גאַנצע צייט וווינט ער אין ירושלים.

63. **טוטשינסקי בנימין**, געבוירן אין קעשענעוו אין יאָר 1898, ביי זיין פאָטער אַ בעל־מלאכה. זיין דערציונג האָט ער באַקומען אין חדר, שפּעטער גע־לערנט עקסטערן און געענדיקט גימנאַזיע. געוואָרן אַ לערער פון ייִדיש און ייִדישע ליטעראַטור. אָנגעהויבן צו שרייבן עסייען און ליטעראַרישע קריטיק. די ערשטע זאַכן געדרוקט אין קעשענעווער טאָצייטונג „אונזער צייט", „פאַרן ייִדישן קינד", „מאַרמאַראָשער בלעטער". געדרוקט אויך אין העברעיִשע אויסגאַבעס. אין בוכפאָרם דערשינען: „דער משיחיזם אין דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור", קעשענעוו 1930; „אונטער דער האַק" (וועגן ה. לייוויק), 1935; „בין השמשותן און שטורמווינטן" (וועגן ד. בערגעלסאָן), טשערנוויץ 1935. ער האָט פאַרנומען אַ וויכטיקן פּלאַץ אין דער ייִדישער ליטעראַטור־קריטיק נישט נאָר אין רומעניע, נאָר אויך אין אַנדערע לענדער.

64. **טראַכטענבערג יוסף**, געלעבט אין בריטשאַן. גאָר יונג האָט ער געדרוקט זיינע פּאָעמעס: אין יאָר 1933 אין „אויפגאַנג" פון סיגעט: „בעסאַראַ־ביש", „קצבים". אין בוכפאָרם, אין פאַרלאַג „אויפגאַנג" 1925: „אויף בעסאַראַבער ערד". אין יאָר 1940 פאַרשוווּנדן געוואָרן.

65. **יאַקיר יאַנקל**, געבוירן אין בעסאַראַביע אין יאָר 1910. ער האָט געלערנט אין חדר און שפּעטער אין דער „תרבות־שול אין קעשענעוו. אין יאָר 1931 רעדאַגירט צוזאַמען מיט הערש לייב קאַזשבער און הערץ ריווקין, אַרויסגעגעבן דעם ליטעראַרישן זאַמלביכל „אָנזאָג". געדרוקט זיינע אַרבעטן אין בוקאַרעשטער „שויבן". אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען אין סאָוויעט־רוסלאַנד, שפּעטער אין בוקאַרעשט. אין 1948 אַרעס־טירט און פאַרשיקט געוואָרן קיין רוסלאַנד. אין 1956 צוריקגעקומען קיין קעשענעוו.

יאַנקל יאַקיר איז עולה געווען קיין ישראל אין יאָר 1972. אין בוכפאָרם:

„אַ שליטן מיט ישובניקעס" אין יאָר 1974, פאַרלאַג — ווועלטראַט פאַר ייִדיש און ייִדישער קולטור. געשטאָרבן אין יאָר 1980. נאָך זיין טויט האָט די אלמנה אַרויסגעגעבן יאַקירס אַ באַנד: „געשטאַלטן און פאָרטרעטן" אין יאָר 1982.

66. **ליפּינער אליהו**, געבוירן אין כאַטין (בעסאַראַביע) אין 1916. געלערנט אין חדרים, „תּרבות־שול, גימנאַזיע פון שטעטל און דער עיקר ביי זיין פאָטער ר' גדליה ליפּינער. אין די דרייסיקער יאָרן (1935) עמיגרירט קיין בראַזיל, דאָרט געווען לערער פאַר ייִדיש און העברעיִש.

פאַרעפנטלעכט לידער, דערציילונגען, עסייען אין די פּעריאָדישע אויסגאַבעס פון בראַזיל, אַרגענטינע, פאַראייניקטע שטאַטן און ישראל. אין 1939 אַרויסגעגעבן זיין בוך „ביי די טייכן פון פּאָרטוגאַל" (קאָמענטירטע איבערזעצונג פון ר' שמואל אושקים פּאָרטוגעזישן בוך „אַ טרייסט צו די ליידן פון ישראל"). אין 1967 אַרויסגעגעבן, (ייוו"אָ) בוענאָס־איירעס, דאָס בוך „אידעאָלאָגיע פון יידישן אלף־בית", אין 1973 (אין י. ל. פּרץ־פאַרלאַג אין ישראל) איז אַרויס זיין בוך „צווישן מאַראַנענטום און שמד". די פאַרלאַגן אין בראַזיל האָבן אויך אַרויסגעגעבן זיינע ביכער אין פּאָרטוגעזיש. איצט אַרבעט ער אויפן העברעיִשן נוסח פון זיין פונדאַמענטאַלן ווערק אלף־בית. ער האָט פאַרפאַסט נאָך אַנדערע וויכטיקע ביכער. ער איז אַ תּלמיד־חכם און אַ גרויסער קענער פון די דרום־אַמעריקאַנער ייִדישע קהילות, בעיקר פון בראַזיל. זיינע אַרבעטן זענען זייער שטאַרק אָפּגעשאַצט געוואָרן דורך דער ייִדישער און נישט־ייִדישער וויסנשאַפטלעכער וועלט.

67. **לערנער יאָסל**, געבוירן אין בריטשאַן (בעסאַראַביע) אין יאָר 1910. געווען לערער פון העברעיש־ייִדישע לימודים. ער האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן אין יאָר 1929. ווען ער קומט קיין טשערנאָוויץ אין יאָר 1935, דרוקט ער זיינע ליטעראַרישע אַרבעטן אין פאַרשידענע אויסגאַבעס: „די וואָך" אין בוקאַרעשט, „אויפגאַנג" — סיגעט־מאַרמאַראָש און אין די „טשערנאָוויצער בלעטער" אין יאָר 1936. אין בוכפאָרם פון זיינע לידער „דער געזאַנג פון הינטערגאַסן". אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה עוואַקויִרט קיין סאָוויעט־רוסלאַנד. ביים סוף פון דער וועלט־מלחמה צוריקגעקומען קיין טשערנאָוויץ. אין יאָר 1972 עולה געווען קיין ישראל און וווינט אין אַ שטעטל נישט ווייט פון תּל־אביב. אין ישראל פאַרעפנטלעכט ביז היינט 4 ביכער: „כעלעמער פּנקס" — פאַרלאַג: וועלטראַט פאַר ייִדיש און ייִדישער קולטור (1975), „ווי עס הויבט אָן טאָגן" (1977), „ביים פענצטער" (1979), און „מעשיות מיט אַ גוטן מיין" (1983).

68. **מגן יוסף (יוסף שיץ)**, געבוירן אין יעדינעץ — בעסאַראַביע אין יאָר 1909. געענדיקט „תּרבות"־גימנאַזיע, דערנאָך שטודירט יוריספּרודענץ אין טשער־

נאָוויץ. געווען סעקרעטאַר פון „פּועלי־ציון — צעירי ציון" אין רומעניע. אַ זשורנאַליסט. פון 1935 — קאָרעספּאָנדענט פון „אונדזער צייט" (קעשענעוו) און מיטגליד פון דער רעדאַקציע „אויפבוי" און אין פיל אַנדערע יידיש אויסגאַבעס. געשריבן אין העברעישע צייטשריפטן.

אין יאָר 1938 עולה געווען קיין ארץ־ישראל, ווו ער לעבט ביז הײנט אין תּל־אביב. אין יאָר 1945 געווען אַקטיוו אין דער „בריחה" אין מזרח־אייראָפּע און צוריקגעקומען קיין ישראל אין יאָר 1946.

געווען אויך אייניקע יאָרן רעדאַקטאָר פון דער טאָגצייטונג „אונזער וואָרט" אין פּאַריז. די לעצטע יאָרן — רעדאַקטאָר פון דער ייִדיש־וואָכנשריפט „די נייע צייטונג", תּל־אביב.

69. **מיכלי בנימין (דוכאָווני)**, געבוירן אין אָטיק, בעסאַראַביע, אין יאָר 1910. באַקומען אַ רעליגיעזע דערציונג, נאָכן חדר געלערנט אין קעשענעווער ישיבה און ביי פּריוואַטע לערערס געלערנט יידישע און אַלגעמיינע קענטעניש.

אין די יאָרן 1933—1939 געלעבט אין בוקאַרעשט און דאָרט געווען אַלס „צעיר ציון", דערנאָך עולה געווען קיין ארץ־ישראל. דאָ האָט ער אַנטוויקלט אַ ברייטערע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל; פאַרנומען וויכטיקע פּאָזיציעס אין קולטור־אינסטיטוציעס. געווען אויך אַקטיוו אין העברעיִשער און ייִדישער שאַפונג. נאָך פאַר דער עליה קיין ארץ־ישראל איז ער געווען אַקטיוו אַלס מיטאַרבעטער אין דער קעשענעווער טאָגצייטונג „אונזער צייט", דערנאָך אין פּאַריזער „אונזער וואָרט". זיינע עסייען אין ייִדיש און העברעיִש האָבן פאַרנומען אַ בכבודיק אָרט. האָט זיך באַטייליקט אין פיל אויסגאַבעס אין העברעיִש און ייִדיש, אַרויסגעגעבן אין בוכפאָרם עטלעכע ביכער אין העברעיִש. אַ לאַנגע צייט געווען דער רעדאַקטאָר פון „מאזניים". געווען העברעישער ליטעראַטור־קריטיקער און פיל געטאָן פאַר ייִדיש. געשטאָרבן אין תּל־אביב אין 1989.

70. **סאַקציער מאָטל**, געבוירן אין בעסאַראַבער שטעטל לעאָווע (דרום־בעסאַראַביע) אין יאָר 1907. עולה געווען קיין ישראל אין יאָר 1972. זיין לעבן איז פול מיט שווערע איבערלעבונגען פון נאַצי־רעזשים, אַרעסט און פאַרשיקונג אין אַ סאָוויעטישן לאַגער.

אין די יונגע יאָרן — אַ בעל־מלאכה, אַ שניידער, אָבער אויך אַ באַגאַבטער דיכטער. ער האָט רעוואָלטירט קעגן דער ווירקלעכקייט פונעם ייִדישן שטעטל, אָבער טיף אין האַרצן געבליבן געטריי דעם גייסטיקן נעכטן. אין זיין ערשטלינג־באַנד לידער „דערפאַר" פּרוּווט ער דעמאָנסטרירן קעגן דעם שטעטלדיקן שטייגער, אָבער אין טאָג־טעגלעכן לעבן, וואַרפט ער נישט קיין שטיינער אויפן ייִדישן נעכטן. דאָס קען אויך מסביר זיין פאַר וואָס אונ־

טערן לינקן רעזשים איז ער אַרעסטירט געוואָרן פאַר „יִדישן נאַציאָנאַליזם" און פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר.
ער צוזאַמען מיט אַנדערע יונגע שרייבערס האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום דעם זשורנאַל „שויבן" און אויך מיטגעאַרבעט אין אַנדערע וויכטיקע אויס־גאַבעס. זיין קרייז שאַפן, אויסער דער תּקופה אין סאָוויעט־רוסלאַנד, איז געווען דער דרייעק: קעשענעוו — טשערנאָוויץ — בוקאַרעשט. ש. ביקל כאַ־ראַקטעריזירט מאָטל סאַקציער מיט אַ ציטאַט פון אַ בריוו וואָס ער האָט באַקומען: „סאַקציער איז אויסער טאַלאַנטירטער דיכטער — אַן איידעלער מענטש מיט אַ גרויס הייס יִדיש האַרץ, ער האָט אין לאַגער פיל מענטשן געראַטעוועט פון הונגער".
אין ישראל איז ער קרוב 15 יאָר געווען אַקטיוו אין דער יִדישער קולטור־טעטיקייט, געשריבן אין פיל צייטשריפטן. אין בוכפאָרם: „מיטן פאַרבאַ־טענעם בלייער", פאַרלאַג: וועלטראַט פאַר יִדיש און יִדישער קולטור — 1977; „דער שייטער ביים וועג" — 1978; „טויבן אויף אַנטענע" — 1982; „אַ שפור אויפן וועג" — 1986. געווען רעדאַקציע־סעקרעטאַר פון „יִדיש־וועלט". געשטאָרבן דעם 29סטן יאַנואַר 1987.

71. **סיגאַלאָווסקי נח,** געבוירן אין צפון־בעסאַראַביע. עמיגרירט קיין צפון־אַמעריקע. דאָרט אָנגעהויבן אַלס פּראָזאַיקער, געשריבן דערציילונגען. אין בוכפאָרם: אַרויסגעגעבן אין ניו־יאָרק „ראָמאַנעטן", 255 זייטן. אין ניו־יאָרק האָט ער אויך אַרויסגעגעבן דעם זשורנאַל „אונזער אייגן וואָרט". געשטאָרבן אין ניו־יאָרק, יאַנואַר 1986.

72. **פּאַלאַטניק פּיניע,** געבוירן אין יאָר 1903 אין סעקורען — בעסאַראַביע. געלערנט אין חדר ווי אויך אין גימנאַזיע. דעביוטירט אין די וואַרשעווער „ליטעראַרישע בלעטער". אין 1925 האָט ער זיך באַזעצט אין בראַזיל, וווּ ער איז אומגעקומען אין אַן אויטאָ־אַקצידענט אין יולי 1972.
טראָץ די הונדערטער לידער זיינע געדרוקטע אין צייטונגען, זשורנאַלן און ליטעראַרישע זאַמלביכער, האָט ער ביי זיין לעבן קיין בוך נישט אַרויס־געגעבן. ערשט נאָך זיין טויט האָט זיין פּלימעניק, מישעל שיוועלמאַן, אַרויס־געגעבן אין י. 1975, פּיניע פּאַלאַטניקס „אויסגעקליבענע שריפטן": לידער און עסייען, 150 זייטן, בוענאָס־איירעס — ריאָ.

73. **פינטשעווסקי משה,** געבוירן אין יאָר 1894 אין טעלענעשט — בעסאַראַביע. ער האָט באַקומען אַ שטרענג רעליגיעזע דערציונג, דערנאָך געלערנט אין חיים טשערנאָוויצס ישיבה אין אָדעס. אין זיין וואַנדערנדיקן לעבנס־וועג האָט ער באַזוכט אַ גרויסע צאָל יִדישע קהילות. פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער געשריבן העברעיש. אין 1912, זייענדיק אין אַר־

גענטינע, האָט ער אָנגעהויבן צו שרייבן יידיש. געשריבן האָט ער: לידער, אַרטיקלען, דערציילונגען, פּיעסן, אַ קינדער־באַלעט. אין רוסלאַנד געדרוקט זיך אין פיל אויסגאַבעס. אין זיינע פיל־זשאַנערדיקע שאַפונגען שפּיגלען זיך אָפּ זיינע איבערלעבונגען.

אין יאָר 1945, האָט ער געשריבן אַ סעריע חורבן־לידער און פּאָעמעס, צווישן אַנדערע: „קלאַגליד אויף טעלענעשט", „דער בעסאַראַבער ייִד". ער האָט זיך באַזעצט אין כאַרקאָוו און אין די צייטן פון סטאַלין — פאַר־שיקט געוואָרן אין די לאַגערן און דאָרטן געשטאָרבן אין יאָר 1955.

74. **פּאָדריאַטשיק לייזער**, געבוירן אין שטעטל קאָמאַראָוו לעבן סעקורען (בע־סאַראַביע) אין יאָר 1914. ער האָט שטודירט אין לערער־סעמינאַר אין טשערנאָוויץ, געווען לערער אין פּאַרשידענע ייִדישע שולן אין רומעניע. ער איז אַ פּובליציסט און אַ ליטעראַטור־קריטיקער. געווען אויך סעקרעטאַר פון מאָסקווער ייִדישער טעאַטער־סטודיע. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין די „טשערנאָוויצער בלעטער" און אין „סאָוועטיש־היימלאַנד", געהאַט דאָרטן אַ שטענדיקע רובריק „נאָטיצן פון אַ בוקוניסט".

אין יאָר 1972 איז ער עולה געווען קיין ישראל און זעצט פאָר זיין ליטע־ראַרישע קריטיק און עסייען. אין בוכפאָרם: „אין פּראָפיל פון צייטן", תּל־אביב 1978; „שמועסן מיט זיך אַליין" — 1984, לעבט איצט אין תּל־אביב.

75. **פורמאַן ישראל**, געבוירן אין סערעט אין יאָר 1887, געשטאָרבן אין ירושלים אין יאָר 1967. שטודירט אין ווינער אוניווערסיטעט און דאָרט באַקומען דעם טיטל ד"ר יורי און געווען אַדוואָקאַט אין טשערנאָוויץ.

אין 1968 איז דערשינען אין תּל־אביב („המנורה") זיין בוך: „ייִדישע שפּריכווערטער און רעדנסאַרטן", געזאַמלט אין רומעניע: בעסאַראַביע, בוקאָווינע, מאָלדאַווע און סראַנסילוואַניע.

76. **פיכמאַן יעקב**, געבוירן אין בעלץ, בעסאַראַביע, אין יאָר 1881, געשטאָרבן אין יאָר 1958 אין תּל־אביב.

יעקב פיכמאַן איז געווען אַ גרויסער דיכטער און ליטעראַטור־קריטיקער. אין זיינע ליטעראַרישע עסייען האָט ער פּאָראַייביקט פיל ייִדישע פּערזענ־לעכקייטן. זיין איידעלע ליריק האָט ער געוועבט אויף דער קאַנווע פון בע־סאַראַבישן „טשערנאָזיעס" און ארץ־ישראלדיקן פּייזאַזש.

אין זיין לעבנסוועג האָט ער דורכגעמאַכט פיל סטאַנציעס. יעדע סטאַנציע איז געווען פאַר אים אַ גייסטיקע קוואַדלע אויף וועלכער ער האָט אויס־געשמידט און פאַרפולקאָמט זיינע ליטעראַרישע שאַפונגען.

ער האָט פיל געשאַפן אין העברעיִש און טיילווייז אויף אין ייִדיש. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ צאָל ביכער אין העברעיִש, ווי: „גבעולים", „בבואות"

(אַדעס — תרע"ט), „ח. נ. ביאַליק" (ת"א — תרצ"ג), „ימי שמח", „אל הים", „צללים על שדות", „אנשי בשורה", „ערוגות" און פיל אַנדערע.
יִדיש איז געווען ביי אים טיף פאַרוואָרצלט. ער האָט פאַרעפנטלעכט יִדישע שאַפונגען אין פאַרשידענע אויסגאַבעס. אויף דער איניציאַטיוו פון וועלט־פאַרבאַנד פון די בעסאַראַבער, איז אין יאָר 1954 אין בוענאָס־איירעס דערשינען אַ זאַמלבוך פון זיינע וויכטיקסטע יִדישע שאַפונגען א. נ. „דער רעגנבויגן". ער האָט בכלל אַרויסגעוויזן אַ וואַרעמע באַציונג צו יִדיש.
ער האָט געשטיצט ח. נ. ביאַליקן אין זיין קאַמף קעגן די אַלע וואָס האָבן אים באַקעמפט פאַר זיין שטיצן יִדיש. ער האָט אויך געשטיצט די הסתדרות־לייטונג ביי אירע ערשטע שריט אַרויסצוגעבן די יִדיש ליטעראַרישע אויסגאַבע „די גאָלדענע קייט".
נאָכן טויט פון יעקב פיכמאַן, האָט דער וועלט־פאַרבאַנד פון די בעסאַראַבער יִדן אין ישראל, לויט דער איניציאַטיוו פון איר פאָרזיצער יצחק קאָרן, עטאַבלירט דעם ליטעראַרישן פרייז אויפן נאָמען פון יעקב פיכמאַן, פאַר ביידע שפּראַכן העברעיִש און יִדיש. דער פאָרזיצער פון דעם פרייז איז אַ לענגערע צייט געווען פּראָפ' דב סדן.

77. **פישמאַן לייזער**, געבוירן אין סאָראָקאַ (בעסאַראַביע). יונג געשטאָרבן. אַרויסגעגעבן אַ צייטשריפט אונטערן נאָמען „ווינטן". פאַרעפנטלעכט פון צייט צו צייט לידער.

78. **פערשט שמשון**, געבוירן געוואָרן אין נאָוואָסעליץ — בעסאַראַביע. גע־אַרבעט ביי שניידעריי. געשריבן לידער אין נוסח פון פאָלקסלידער. ער האָט נישט געקענט שרייבן קיין יִדישע אותיות, האָט ער זיך גענוצט מיט לאַטייניש. זיינע לידער זענען געווען געשריבן אין אַ סאַטיריש־הומאָריס־טישן טאָן און זענען געדרוקט געוואָרן אין די ספּעציעל אַרויסגעגעבענע הומאָריסטישע בלעטלעך ווי: „דער גראַגער", „שבועות־קויש", „מצרים־וואַד", „דער לץ", „טשערנאָוויצער פלאַטקעס" א. אַנד. ס'זענען דערשינען זיינע „געקליבענע לידער" אין יאָר 1921 אין טשערנאָוויץ, „טרובאַדורישע לידער" אין יאָר 1962 אין בוקאַרעשט.
ער איז געווען דער לעצטער יִדיש־טרובאַדור אין רומעניע. געשטאָרבן אין טיפן עלטער און געבראַכט געוואָרן צו קבורה אין יאַס.

79. **פרידענטאַל שלמה**, געבוירן אין יאָר 1908. פאַרענדיקט „תרבות"־גימנאַזיע, שטודירט אין בעלגיע און אין פראַנקרייך. לעקטאָר פון רוסיש אויפן יאַסער אוניווערסיטעט. דרוקט אינטערעסאַנטע דערציילונגען אין „בוקאַרעשטער שריפטן". אַ באַנד דערציילונגען איבערגעגעבן דעם פאַרלאַג „קריטעריאָן" בוקאַרעשט.

80. **פריזמאַן יחיאל**, געבוירן אין יאָר 1911 אין זגוריצע (בעסאַראַביע), געשטאָרבן

אַ גאַר יונגער. אַ זון פון אַ דיין. געשריבן לידער און דערציילונגען. זיינע ערשטע לידער פאַרעפנטלעכט אין „טשערנאָוויצער בלעטער", „אויפבוי" (מאַראַמאַרעש) און אין אַנדערע אויסגאַבעס.

81. **צעלמאַן צבי**, געבוירן אין יאָר 1913 אין אַ דאָרף נעבן סאָראָקאַ. אין יאָר 1934 געקומען קיין בוקאַרעשט און דאָרט אַריינגעטרעטן אין דער גרופּע „יונג רומעניע". געווען אַ דיכטער. אין בוכפאָרם: „מאַסקן־קאַראַהאָד", ליד און תּפילה (1937), בוקאַרעשט; זיין באַקאַנטע פּאָעמע „בלוט" אין יאָר 1939, בוקאַרעשט. נאָך דעם יאָר 1940 איז ער פאַרשוווּנדן.

82. **קאַזשבער הערש לייב**, דאָס איז געווען דער פעןָ־נאָמען פון הערש וויינשטיין. געבוירן אין שטעטל קאַזשבאַ (בעסאַראַביע) אין יאָר 1906. דערציילער, געלעבט אין גרויס דחקות. אין יאָר 1939 — לערער פון ייִדישער ליטע־ראַטור. געווען אויך אַ באַגאַבטער רעדנער. אין בוכפאָרם: „קאַזיאָנע גימנאַזיע" טשערנאָוויץ 1937. אין 1941 פאַרשיקט געוואָרן אין טיף רוס־לאַנד און דאָרט, אין סאַמאַרקאַנד אין 1941, געשטאָרבן פון טיפוס.

83. **קירזשנער גרשון**, געבוירן אין כאָטין (בעסאַראַביע) אין יאָר 1908. אין יאָר 1940 אַרעסטירט דורך דער געהיים־פּאָליציי און אומגעקומען אין די לאַגערן אין יאָר 1943.

אַ דיכטער, מיטגעאַרבעט אין די „טשערנאָוויצער בלעטער". אין בוכפאָרם אַרויסגעגעבן צוויי לידער־זאַמלונגען: „היינט און מאָרגן", פאַרלאַג „פריינט" — טשערנאָוויץ, 48 זייטן. ער דרוקט דאָ אויס צער און צאָרן קעגן דעם הערשנדיקן רעזשים און פּראָטעסטירט קעגן דעם געדריקטן לעבן אין זיין שטעטל. די צווייטע לידער־זאַמלונג „וועלט באַרג אַרויף" — טשערנאָוויץ 1937.

84. **ראַבאָי אייזיק**, געבוירן אין וואַוואָלער וואַלד, קאַמענעץ פּאָדאָלסק, גע־שטאָרבן אין לאָס־אַנדזשעלעס. זיין פאָטער, יוסף חיים, איז געווען אַ וואַלד־קאַסירער. ווען אייזיק איז געבוירן געוואָרן איז די משפּחה אַריבערגעפאָרן אין בעסאַראַבישן שטעטל רישקאַן. אייזיק ראַבאָי האָט געלערנט ביי מלמדים און דערנאָך אין בית־המדרש. ביי די בעסאַראַבער איז ער געווען פאַררעכנט פאַר אַ זייער גראָטעסקנעם זון. ער איז געווען אַ דערציילער און ראָמאַניסט. פון זיינע בעסטע ווערק איז זיין „בעסאַראַבער ערד".

אין 1904 איז ער אַוועק קיין אַמעריקע. אין משך פון צענדליקער יאָרן האָט ער מיט זיין אייגנאַרטיקער שאַפונג פאַרנומען אַ וויכטיקן פּלאַץ אין דער ייִדישער ליטעראַטור. ער האָט געפּילט אַ באַזונדערע נאָענטקייט צו זיין בעסאַראַביע און עס אויסגעדריקט מיט פיל טאַלאַנט.

85. **ראָזענטאַל זלמן**, געבוירן אין טעלענעשט אין יאָר 1892. ער איז געווען אַ זון פון אַן אָרעמער אָבער יחוסדיקער משפּחה. פון זיין פריסטער יוגנט

האָט ער זיך דערנענטערט צו דער לאָקנדיקער בעסאַראַבער נאַטור, צום סטעפּ און צו דעם לעבן פון די ישובניקעס און פּויערים, וואָס איז מיט דער צייט געוואָרן דער הויפּט־מאַטעריאַל פאַר זיינע בעלעטריסטישע אַר־בעטן.

זלמן ראָזענטאַל האָט מיט זיין כאַראַקטער און טאַלאַנט אויסגעדריקט דאָס אייגנאַרטיקייט פון בעסאַראַבער ייִדנטום. ער איז געווען באַגייסטערט פון יעקב פּיכמאַנס יצירה און פיל געלערנט פון אים.

אין 1914 האָט ער געגרינדעט אין טעלענעשט אַ שולע. ער האָט אויך גע־לערנט אין אוניווערסיטעט, געלעבט אַ שטיק צייט אין קעשענעוו. פאַר־עפנטלעכט זיינע בעלעטריסטישע אַרבעטן ווי אויך קינדער־לידער אין אַ גרעסערער צאָל ייִדישע אויסגאַבעס. אין יאָר 1922 אַרויסגעגעבן אַ טאָג־צייטונג „דער איד" און די טאָגצייטונג „אונזער צייט" (1922—1938) ביז זי איז פאַרמאַכט געוואָרן. אין דער תּקופה געשריבן פיל לידער, וועלכע זענען געזונגען געוואָרן דורכן פאָלק. פון יאָר 1925 אַרויסגעגעבן אַ חודש־אויסגאַבע „פאַרן ייִדישן קינד" אין העברעיִש „אשכולות". אין בוכפאָרם: „פון מיין היים", קעשענעוו 1936, און „אונזער לאַנד" — 1938.
אין יאָר 1941 פאַרשיקט געוואָרן אויף 14 יאָר קיין אַרכאַנגעלסק. צוריק־געקומען קראַנק און צעבראָכן. געשטאָרבן אין יאָר 1959.

86. **רויזן בערל**, פּעדאַגאָג, ליטעראַטור־פאָרשער, איבערזעצער. געבוירן אין 1913 אין שטעטל אָטאַקי — בעסאַראַביע. פאַרענדיקט דעם לערער־סעמינאַר ביים ייִדישן שול־פאַראיין אין טשערנאָוויץ און דעם פילאָלאָגישן פאַקול־טעט פון דעם טשערנאָוויצער מלוכה־אוניווערסיטעט. געווען לערער פון ייִדישער שפּראַך און ליטעראַטור און פון ענגלישער שפּראַך. דעביוטירט אין 1936 אין וואַרשעווער זשורנאַל „ייִדיש פאַר אַלעמען" מיט אָפּהאַנדלונגען וועגן ייִדישע שפּראַך־פּראָבן, אויטאָר פון ליטעראַטור־פאָרשערישע אַרבעטן וועגן דער שאַפונג פון א. לערמאָנטאָוו, אַ פּושקין, מ. סאַלטיקאָוו־שטשעדרין, א. טשעכאָוו, ל. טאָלסטאָי, וו. קאָראָלענקאָ, א. קופּרין, מ. באַזשאַן, מ. גאָרקי א. אַנד. אין פאַרבינדונג מיט דער ייִדישער טעמע אין זייערע ווערק. ער האָט אויך אָנגעשריבן אַ גאַנצע סעריע אַרטיקלען וועגן: שלום עליכמען, פּרוגן, פרישמאַנען, א. שטיינבאַרגן, סידי־טאַל, י. האַלפּערן, ג. קאַגאַנאָוויטש און וועגן פיל אַנדערע. איבערגעזעצט פּראָזע־ווערק און פּאָעזיע פון רוסיש, ענגליש, דייטש. זיינע גייסטרייכע אַרטיקלען זענען תּמיד געווען קלאָר געשריבן, גרינטלעך אויסגעפאָרשט און מיט אַ סך מי דאָקומענטירט. אין אַ רייכער פשטותדיקער שפּראַך מיט ברייט און גרויס באַהאַוונטייקט אין דער ייִדישער און אין דער וועלט־ליטעראַטור.

זיינע אַרבעטן האָבן זיך געדרוקט אין „פֿאָלקס־שטימע", „סאָוועטיש היימ־לאַנד", „נייע פּרעסע", „ייִדישע קולטור", „מאָרגן־פרייהייט".
טראַגיש אומגעקומען אין אויגוסט 1986.

87. **רויטמאַן אפֿרים**, געבוירן אין יאָר 1910 אין כאָטין (בעסאַראַביע). געענדיקט אַ „תּרבות־שול, אויך פּילאָלאָגיע אויפֿן טשערנאָוויצער אוניווערסיטעט. אַ דיכטער, דערציילער און עסייאיסט. געשריבן אין פֿיל ייִדישע אויסגאַבעס. זיינע לירישע לידער האָבן צוגעצויגן דעם ייִדישן לייענער. אין בוכפֿאָרם: „פֿינגער אין ליכט" — טשערנאָוויץ, 1937. עולה געווען קיין ישׂראל און דאָ געשטאָרבן אין די 70ער יאָרן.

88. **רויטמאַן נטע**, געבוירן אין ליפּקאַן אין יאָר 1900, געשטאָרבן אין תּל־אביב אין 1966.
רויטמאַן האָט געלערנט אין יפֿוער „הרצליה"־גימנאַזיע. צווישן די ביידע וועלט־מלחמות געלעבט אין בוקאַרעשט. אין קעשענעוו האָט ער געגרינדעט אַ פֿאַרלאַג „שלום עליכם", וועלכער האָט געדרוקט די ווערק פֿון איציק מאַנגער, אליעזר שטיינבאַרג, יעקב שטערנבערג, שלמה ביקל א. אַנד. ער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אַרבעטן אין „קאָאָפּעראַטיווע וואָרט" (1947). אין יאָר 1937 גיט ער אַרויס אַ קאָאָפּעראַציע־בראָשור „צום מאָמענט".

89. **ריווקין הערץ**, דיכטער און פּראָזאַיקער. איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1908 אין קאָפּרעשט. זיין פֿאַך איז געווען אַ בוי־טעכניקער. ער איז באַשולדיקט געוואָרן אין טראָצקיזם און אין יאָר 1941 איז ער פֿאַר־שיקט געוואָרן אין אַ צפֿון־קאַזאַכסטאַנער לאַגער און דאָרט אומגעקומען אין יאָר 1951.
געשריבן אין די „שויבן" פֿון בוקאַרעשט, „ליטעראַרישע בלעטער" — וואַרשע, און אין פֿיל אַנדערע. אויסער לידער האָט ער אויך געשריבן דער־ציילונגען, וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסן אָפּקלאַנג. אין זיין דיכטונג ווי אין דער פּראָזע האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דער ריטם פֿון זיין בוי־טעכניקער פֿאַך. אין בוכפֿאָרם: „פֿון אַ שכנישן דאָרף" (לידער) — בוקאַרעשט 1938; לידער — בוקאַרעשט 1978.

90. **שאַדאַד לעאָן**, געבוירן אין יאָר 1919 אין כאָטין, בעסאַראַביע. דעפּאָרטירט געוואָרן קיין טראַנסניסטריע אין די יאָרן 1941—1943, וווינט היינט אין בוקאַרעשט און איז אַ מיטאַרבעטער פֿון ייִדישן אָפּטייל אין דער בוקאַ־רעשטער „צייטשריפֿט פֿון דער ייִדישער קהילה אין רומעניע". זיין וויכ־טיקע שאַפֿונג אין בוכפֿאָרם זענען די דערציילונגען „דאָס פֿאַרלוירענע שטעטל" (יאָר 1986)).
געשריבן דערציילונגען, סקיצן נאָוועלעס, לידער אין דער בוקאַרעשטער

„צייטשריפט", פובליקירט זינט 1981 שאַפונגען אין די „בוקאַרעשטער שריפטן".

91. **שוואַרץ הערש**, געבוירן אין יאָר 1906 אין שטעטל סעקורען, בעסאַראַביע, ביי פרומע עלטערן. געלערנט נישט בלויז אין חדר ביז 16 יאָר, נאָר אויך אין גימנאַזיע און געענדיקט אַלע אַכט קלאַסן, פריער אין רוסיש דערנאָך ווען בעסאַראַביע איז אַריבער צו רומעניע — אין רומעניש. אין יאָר 1926 איז ער אַנגעקומען אין בראַזיל און זיך באַזעצט אין ריאָ דע זשאַנעיראָ. דעביוטירט אין „בראַזיליאַנער ייִדישע פרעסע", דערנאָך געדרוקט דערציילונגען אין פאַרשידענע צייטונגען און זשורנאַלן פון אַרגענטינע, נאָרד־אַמעריקע און ישראל („צוקונפט", „אונזער צייט", „דער בייטראָג" א. אַנד.). ער איז אויך דער גרינדער און פאָרזיצער פון „צענטער פאַר ייִדישער קולטור" אין ריאָ דע זשאַנעיראָ. אין בוכפאָרם: „דער אָנהויב", 222 זייטן (ריאָ 1954), „היים גרין גאָלדענע", 240 ז׳ן (ריאָ 1960).

92. **שטיינבאַרג אליעזר**, געבוירן אין ליפקאַן אין יאָר 1880. אין דעם שטעטל איז אויפגעוואַקסן דער טריאומוויראַט (שטיינבאַרג, אַלטמאַן און שטערנבערג), וואָס האָט געהאַט אַן אַנטשיידנדיקע ווירקונג אויף דער קולטור־אַנטוויקלונג אין טשערנאָוויץ און אין בוקאָווינע און שפּעטער אין גאַנץ רומעניע. שטיינבאַרג איז געווען אַ פאַבוליסט, וועמענס נאָמען און טאַלאַנט האָבן געהאַט אַ גרויסן אָפּקלאַנג אויך אויסער די גרענעצן פון רומעעניע. אליעזר שטיינבאַרג איז געווען אַ דיכטער און געשריבן לידער און מעשהלעך פאַר קינדער. ער איז געווען פאַרליבט אין דער דערציונג פון קינדער. שטיינבאַרג פלעגט אַרומפאָרן אין נאָמען פון דער קולטור־פעדעראַציע אין רומעניע, אין פאַרשידענע ערטער מיט רעפעראַטן. ער האָט אויך אָנגעפירט מיט דעם טשערנאָוויצער „ייִדישן שול־פאַראיין", געשאַפן אַ טעאַטער־סטודיע און אַ קינדער־טעאַטער.

צוליב דאגת פרנסה, איז ער אַוועקגעפאָרן קיין ריאָ דע זשאַנעיראָ (בראַזיל) אין יאָר 1928, כדי דאָרט צו זיין דירעקטאָר פון דער ייִדישער שול. נאָך צוויי יאָר זיין דאָרט איז ער צוריקגעקומען קיין טשערנאָוויץ. די עסקנים האָבן צוגעגרייט אַרויסצוגעבן אַ באַנד פון זיינע משלים וועלכע ער האָט נאָך באַוויזן אָפּצוקלייבן. ער האָט אָבער שוין נישט זוכה געווען צו זען דעם באַנד אַן אָפּגעדרוקטן. ער איז געשטאָרבן אין טשערנאָוויץ אין יאָר 1932.

מיט זיינע משלים האָט שטיינבאַרג נישט ווייניק דאָמינירט אינעם קולטור־לעבן פון רומעניע. צענדליקער יאָרן נאָך זיין טויט אַנטציקן נאָך אַלץ זיינע משלים און מעשהלעך די לייענער, אויך זיינע קינדער־לידער. אַ טייל פון זיינע משלים זענען אויך דערשינען אין העברעיִש און אין אַנדערע שפּראַכן.

שטיינבאַרג האָט געטראָגן די קרוין פון ייִדיש־קולטור און שאַפונג. אַ גרויסע צאָל פון די וויכטיקסטע ייִדישע און העברעיִשע שרייבער האָבן שטאַרק געלויבט זיין שאַפונג. מיר וועלן דאָ נאָר דערמאָנען וואָס ח.נ. ביאַליק האָט געזאָגט וועגן אליעזר שטיינבאַרגס משלים: „אַן אמתער יישר כּוח פאַר דעם באַנד מיט די גאונישע משלים פון מיין פאַרשטאָרבענעם פריינד אליעזר שטיינבאַרג. יעדער משל האָט זיך זיין אייגענעם חן און אייגענעם צויבער".

93. **שטיינבערג קלאַראַ**, געבוירן אין ליפקאַן, כאָטינער קרייז (בעסאַראַביע). אין דער היים פון דער משפּחה קויפמאַן, וואָס מ'פלעגט זי רופן „פונעם פרוט", צוליב שכנות פונעם טייך פרוט. אין 1922 געקומען קיין בראַזיל. קלאַראַ האָט זיך באַטייליקט אין פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן און האָט אָפּגעדרוקט אַ ריי דערציילונגען אין דער אָרטיקער ייִדישער פרעסע, ווי אויך אין אורוגוויי און אין אַרגענטינע. אין יאָר 1957 איז דערשינען איר בוך — אַ זאַמלונג פון פאַרשידענע דערציילונגען, אונטערן טיטל „אויף בראַזיליאַנישן באָדן". געשטאָרבן אין ריאָ אין 1974.

94. **שטערנבערג יעקב**, געבוירן אין ליפקאַן אין יאָר 1890. אַ גרויסער טעאַטראַל און דיכטער. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע שאַפונגען. אין יאָר 1903 דעביוטירט מיט פּראָזע.

אין 1914 זיך באַזעצט אין בוקאַרעשט, שפּעטער אין טשערנאָוויץ. אין יאָר 1940 — אַוועק קיין סאָוויעט־רוסלאַנד און טראָץ דעם וואָס ער איז געווען אידעאָלאָגיש נאָענט צום סאָוויעטישן רעזשים, האָט מען אים דאָך פאַרשיקט אויף 7 יאָר קיין סיביר. ווען ער איז צוריקגעקומען קיין קעשענעוו, האָט ער דאָך באַשלאָסן זיך צו באַזעצן אין מאָסקווע. מיט דער צייט האָט ער גענויגט צו אַ מער נאַציאָנאַלער איינשטעלונג און ער האָט אָנגעהויבן צו זוכן אַ וועג צו באַקומען אַן אַרויספאָר־דערלויבעניש קיין ישראל. ס'האָט גענומען צייט און ווען ער האָט שוין באַקומען די דערלויבעניש עולה צו זיין, איז ער קורץ נאָכדעם געשטאָרבן אין יאָר 1973. ער האָט געבעטן מ'זאָל זיין אַש קובר זיין אין ישראל.

זיין טעאַטראַלע טעטיקייט, זיין דראַמאַטורגיע און רעזשי האָבן אים באַרימט געמאַכט. ער איז געווען באַצייבערט פון דעם גרינדער פון ייִדישן טעאַטער אין יאַס, אברהם גאָלדפאַדען, אָבער ער האָט געהאַט זיין אייגענעם וועג אין טעאַטער.

ער פלעגט שרייבן עסייען און לידער אין פאַרשידענע ייִדישע אויסגאַבעס. אין בוכפאָרם וועלן מיר דערמאָנען נאָר צוויי ביכער: „שטאָט אין פּראָפיל", בוקאַרעשט 1935 — דאָס איז געווען ליד און גראָטעסק. דער צווייטער באַנד: „אין קרייז פון יאָרן" — אין בוקאַרעשטער פאַרלאַג „קריטעריאָן" (1970). פאַר דעם בוך האָט ער באַקומען דעם ליטעראַרישן פיכמאַן־פּרייז

אין תּל־אביב. ער איז געווען גערירט וואָס זיינע פריינד האָבן אים נישט פאַרגעסן.

מען דאַרף אויך דערמאָנען זיין ייִדיש רעווי־טעאַטער אין בוקאַרעשט, מיט אַ טעמאַטיק פון לאָקאַל־אַקטועלע קאָמעדיעס, פול מיט סאַטירישן מאַ־טעריאַל. דאָס זענען געווען די באַקאַנטע קליינקונסט־פּיעסן (ווי מען פלעגט זיי רופן אין רומעניש־ייִדיש — „רעוויסטעס"). יעקב שטערנבערג האָט פאַרדינט אַ בכּבודיקן פּלאַץ ביי דער מזרח־וואַנט פון דער ייִדישער ליטעראַטור.

95. **שרייבמאַן יחיאל**, געבוירן אין יאָר 1913 אין וואַדראַשקאָוו (בעסאַראַביע). אַנערקענטער פּראָזאַיקער. לעבט איצט אין קעשענעוו. אַלס דערציילער און ראָמאַניסט האָט ער זיינע אַרבעטן געדרוקט אין די ייִדישע אויסגאַבעס: „סאָוועטיש היימלאַנד", „שויבן" — בוקאַרעשט; „נייע פּאָלקסצייטונג" (בוקאַרעשט), אַרויסגעגעבן אַן אויסגאַבע „מיינע העפטן" (בוקאַרעשט 1940. ביכער דערשינען אין מאָסקווע: „דריי זומערס" (1946); „יאָרן און רגעס" (1973).

יחיאל שרייבמאַן האָט ליב צו זיין נאָענט צו זיינע העלדן און פילן דאָס וואָס זיי לעבן איבער אין דערווירקלעכקייט, ביי פאַרשידענע געשעענישן. ער איז אינעם רוב פון זיינע שאַפונגען געשטאַנען אויף דער זייט פון די אַרבעטער און פון די שוואַכע וואָס נויטיקן זיך אין הילף.

## בוקאָווינע

96. **בורג יוסף**, געבוירן 1912 אין וויזשניץ. דעביוטירט אין 1934 אין די „טשער־נאָוויצער בלעטער" מיט אַ דערציילונג „אויפן ספּלאַוו". זיך געדרוקט דערנאָך אין פאַרשידענע צייטונגען און זשורנאַלן. די לעצטע צייט אין „סאָוועטיש היימלאַנד". אין בוכפאָרם: „אויפן טשערמוש", „סם", „דאָס לעבן גייט ווייטער", „איבעררוף" פון צייטן", „אַ פאַרשפּעטיקטער עכאָ". די ווערק זענען איבערזעצט אין עטלעכע אייראָפּעישע שפּראַכן. וווינט אין טשערנאָוויץ.

97. **ביקל שלמה ד"ר**, געבוירן אין איסטיטשקע, גאַליציע, אין 1896. געלערנט העברעיש און ייִדיש. אין קאָלאָמיי געלערנט אין פאָלקסשול און אין אַ פּוילישער גימנאַזיע. אין חדר געלערנט תּנ"ך, גמרא מיט תּוספות. אין 1919 זיך באַזעצט אין טשערנאָוויץ, געלערנט אין דאָרטיקן אוניווערסיטעט יוריספּרודענץ. פרי אָנגעהויבן שרייבן זיינע אַרטיקלען, פעליעטאָנען און קריטישע עסייען און איז אויסגעוואַקסן אַלס איינער פון די בעסטע פּובלי־ציסטן אין זיין צייט. זיינע עסייען זענען באַגלייט מיט חכמה און ערודיציע. זיינע אַרבעטן זענען דערשינען אין צענדליקער ייִדישע אויסגאַבעס. ער האָט אויך רעדאַגירט פאַרשידענע אויסגאַבעס מיט אַנדערע קאָלעגן.

אין בוכפאָרם: אין זיך און אַרום זיך", בוקאַרעשט 1936; „אַ שטאָט מיט ייִדן" — ניו־יאָרק 1943; „עסייען פון ייִדישן טרויער" — 1948; „ייִדן דאַוועגען" — 1948; 3 בענד: „שרייבער פון מיין דור". געשטאָרבן 1969.

98. **בערנפעלד יוסף ד"ר**, געבוירן אין קאַלאַמיי (פוילן) אָבער געלעבט אין טשערנאָוויץ. אויפן טשערנאָוויצער אוניווערסיטעט באַקומען דעם טיטל ד"ר פילאָזאָפיע און גערמאַניסטיק. געשריבן אין ייִדיש פאָרשערישע אַר־טיקלען וועגן דער ייִדישער ליטעראַטור און שפּראַך.

געשטאָרבן אין פּאַריז אין יאָר 1972. די לעצטע 20 יאָר האָט ער געאַרבעט אויף דער ייִדישער איבערזעצונג פון דער „איליאַדע".

99. **גינינגער חיים**, געבוירן אין 1904. ער איז באַקאַנט אַלס זייער באַגאַבטער פילאָלאָג און שרייבער פון ליטעראַרישע עסייען. אין י. 1935 האָט גינינגער צוזאַמען מיט הערש סעגאַל און דעם קריטיקער איציק שוואַרץ (י. קאַראַ) געגרינדעט דעם „סעמינאַר פאַר ייִדישער ליטעראַטור און שפּראַך־קענטעניש". גינינגער איז זינט דעם צווייטן לערניאָר געווען דער פאָרזיצער פונעם סעמינאַר. דער ערשטער פאָרזיצער איז געווען שמחה שוואַרץ. דער סעמינאַר איז געוואָרן אַ וויכטיקע אכסניה פאַר דער ייִדישער ליטעראַטור. פיל יוגנטלעכע פון פאַרשידענע פּראָווינצן אין רומעניע און בעיקר פון בעסאַראַביע האָבן געלערנט אין דעם סעמינאַר. דער סעמינאַר האָט אויך אַרויסגעגעבן אַן אַנטאָלאָגיע מיט לאַטיינישע אותיות. אין דער רעדאַקציע פון דער אַנטאָ־לאָגיע איז געווען: חיים גינינגער מיט זיינע פריינד: שמחה שוואַרץ און הערש סעגאַל, צו וועלכע עס איז צוגעקומען אַ פערטער מיטגליד — נטע מאַנגער־לעפלער, איציק מאַנגערס ברודער.

חיים גינינגער, כדי צו פאַרפולקאָמען זיינע פילאָלאָגישע ייִדישע קענטענישן, איז אַוועק קיין ווילנע און דאָרט געלערנט דריי יאָר אין דער אַספּיראַנטור פון ייוו"אָ. ער איז אויך געווען אַ וויכטיקער קולטור־טוער און ער האָט זיינע ליטעראַרישע אַרבעטן פאַרעפנטלעכט אין די וויכטיקסטע ייִדישע אויסגאַבעס אין רומעניע און אין אַנדערע לענדער. ער לעבט איצט אין ניו־יאָרק.

100. **דרוקער לייב**, געבוירן אין טשערנאָוויץ אין יאָר 1906. נאָך אין די יונגע יאָרן האָט ער אָנגעהויבן דרוקן זיינע שאַפונגען אין פאַרשידענע אויסגאַבעס איִן רומעניע.

אין בוכפאָרם: „27 לידער" — טשערנאָוויץ 1934; „פון סופליאַרסקע קאַסטן" — 1938. זיינע ליריש־עלעגישע לידער האָבן געהאַט אַ וויכטיקן אָפקלאַנג. אַ לענגערע צייט זיך אויך באַטייליקט אין טעאַטער אין טשער־נאָוויץ. אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה דעפּאָרטירט גע־וואָרן אין לאַגער קיין טראַנסניסטריע און דאָרט געשטאָרבן אין יאָר 1943.

101. **האַגער ברוך**, געבוירן אין יאָר 1898 אין טשורי, צפון־בוקאָווינע. דער טאַטע — אַ רב. ביז נאָך דער בר־מצוה האָט ער געלערנט יידישע לימודים. פון 1913 שטודירט ער עטלעכע יאָר אין ווין. נאָך דעם געווען 7 יאָר אין בוקאַרעשט. אין 1940 — אונטערן סאָוויעטישן רעזשים — אין טשערנאָוויץ. אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה — איז טראַנסניסטריע. שפּעטער געוווינט אין פראַנקרייך און זינט 1952 — אין בוענאָס־איירעס. געשטאָרבן אין יאָר 1983.

האַגער האָט אָנגעהויבן צו דרוקן זיינע דערציילונגען בעיקר פון חסידישן לעבן. ער האָט פאַרעפנטלעכט זיינע אַרבעטן אין אַ גרויסער צאָל יידישע אויסגאַבעס. אין בוכפאָרם: „אויפן וועג" אין יאָר 1946, אין פאַרלאַג „ביכורים"; „מלכות חסידות" — בוענאָס־איירעס 1955. די חסידישע דערציילונגען זענען זייער אָפּגעשאַצט געוואָרן, ווייל זייער אינהאַלט איז גענומען פון אינערלעכן לעבן פון חסידות און זיי זענען געשריבן אין אַ ביל־דערישן סטיל.

102. **וואָהל קובי**, געבוירן אין יאָר 1915 אין קאָמפּעלונג, דרום־בוקאָווינע. געשטאָרבן פון שווינדזוכט אין טשערנאָוויץ, אין יאָר 1937.
אָנגעהויבן שרייבן האָט ער אין דייטש, נאָר אונטערן איינפלוס פון י. פאָנער איז ער אַריבער צו שרייבן יידיש. געווען איז ער אַ דיכטער. דער אינהאַלט פון זיין דיכטונג איז געווען אַ ראַדיקאַלער, אַ רעוואָלוציאָנערער. זיך גע־דרוקט אין „שויבן", „אינזל", „טשערנאָוויצער בלעטער" און אין די „לי־טעראַרישע בלעטער" אין וואַרשע.

103. **ווייִנינגער פריד**, געבוירן אין טשערנאָוויץ אין יאָר 1915, דיכטער און לי־טעראַרישער קריטיקער. זיין לעבן און זיין וועג האָבן זיך געצויגן ווי אַ סערפּענטין, געווען אין פיל לענדער וואָס עס שפּיגלט זיך אָפּ אין זיין דיכטערישער שאַפונג. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין פאַרשידענע יידישע זשור־נאַלן (גאָר אין אָנהייב געשריבן אין דייטש), ווי אין „טשערנאָוויצער בלע־טער", „ליטעראַרישע בלעטער" (בוקאַרעשט); „שויבן", „אויפגאַנג"; „אי־דישער קעמפער" (ניו־יאָרק) און אין פיל אַנדערע.
אין בוכפאָרם: „נאַרציסן" — בוקאַרעשט 1937; „אָוונט ביים פּרוט" — ניו־יאָרק 1942; „אַ פאַסטוך" — בוענאָס־איירעס 1951.
עולה געווען קיין ישראל. דאָ אַרויסגעגעבן פאָלגנדיקע לידער־זאַמלונגען: „אין גרויסן דרויסן" — תּל־אביב 1974; „ביים פּרוט, לאַ פּלאַטאַ און ירדן" — „אותיות, ווערטער, סטראָפן" — תּל־אביב 1981; „ערב עין" — תּל־אביב 1985. געשטאָרבן אין 1988 אין תּל־אביב.

104. **מאַנגער איציק**, געבוירן אין טשערנאָוויץ אין יאָר 1901, ביי אַ משפּחה פון

בעלי־מלאכה. זיין טאַטע דער שניידער האָט איינגעפלאַנצט ביים יונגן זון, איציק, דאָס געפיל פון אָפּשאַצן דעם מעמד פון אַ בעל־מלאכה אין דער משפחה. מאַנגערן באַגלייט עס אין די אַלע קלימאַטן פון זיין לעבן, ווען ס'איז הייס אָדער קאַלט, ווען ס'רעגנט מיט גזירות אָדער ווען די זון ברענגט אַמאָל חן־אויסדרוקן אין לעבן, דער שניידער־געזעלן האָט דעם אויבן אָן.

איציק מאַנגערס גליק איז געווען וואָס דער גורל זיינער האָט אים נישט באַשטימט צו בלייבן אין טשערנאָוויץ, ווייל דאָרט וואָלט ער זיכער פאַר־בליבן אונטערן איינפלוס פון דער דייטשער קולטור און ליטעראַטור און ער וואָלט זיכער געווען פאַרנומען אַ בכבודיקן פלאַץ אין דער דייטשער שעפערישקייט. זיין אַריבערקומען קיין יאַס האָט געמאַכט אַ קווערשניט אין זיין לעבנס־וועג. אונטערן איינפלוס פון פאַרשידענע קולטור־פאַקטאָרן אין יאַס, צווישן זיי באַרבולאַ־אַריאַנו, וועלכער איז מיט דער צייט געוואָרן מיטגליד פון דער אַקאַדעמיע אין רומעניע, איז מאַנגער איבערגעגאַנגען צו ייִדיש.

איציק מאַנגער האָט דאַן אָנגעהויבן צו שרייבן באַלאַדעס און עסייען און איז געוואָרן אַן אָפטער מיטאַרבעטער אין די בוקאַרעשטער „שויבן" ווי אויך אין די „ליטעראַרישע בלעטער" פון וואַרשע. אין יאָר 1929 האָט ער אָנגעהויבן אַרויסגעבן זיינע באַוווסטע „געציילטע ווערטער" אין אַ באַ־זונדערן פאַרמאַט. די „געציילטע ווערטער" האָט אים באַגלייט אין יעדן לאַנד ווו ער איז איינגעשטאַנען אַ שטיקל צייט.

אין יאָר 1929, האָט ער אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן זיינע ביכער. דער ער־שטער לידער־באַנד זיינער „שטערן אויפן דאַך", דערשינען אין בוקאַרעשט, האָט אים פאַרפיקסירט אַ צענטראַלן פלאַץ אין דער ייִדישער ליטעראַטור. כאָטש איציק מאַנגער איז געווען אַזוי איינגעוואָרצלט אין דעם פאָלקס־באָדן פון די ייִדן אין רומעניע, האָט ער אָבער גאָר גיך פאַרנומען אַ צענ־טראַלן פלאַץ אין דער ייִדישער ליטעראַטור. אין די 10 יאָר פון זיין שאַפן (1928—1938) האָט ער געשאַפן זיינע בעסטע לידער און אויך וויכטיקע פּראָזע. מיר וועלן דאָ נאָר דערמאָנען אייניקע פון זיי: „לאַמטערן אין ווינט" — וואַרשע 1933, „פעלקער זינגען"; „חומש־לידער" — 1935; „מגילה־לידער" — 1936; „וועלוול זבאַרזשער שרייבט בריוו צו מלכהלע דער שיינער" — 1937; „נאָענטע געשטאַלטן" — געשטאַלטן פון ייִדישע שרייבערס — 1938; „די ווונדערלעכע באַשרייבונג פון שמואל אבא אַבערוואָ" (דאָס בוך פון גן־עדן) — 1939; „וואָלקנס איבערן דאַך" — לאָנדאָן 1942; „מדרש איציק" — 1950, אַרויסגעגעבן דורכן איציק מאַנגער־קאָמיטעט.

איציק מאַנגער האָט אויך בייגעטראָגן מיט פּיעסן פאַרן יִדישן טעאַטער. מען האָט אויך אַרויסגעגעבן זיינע אַלע געקליבענע ווערק.
זיין טיפער באַגער איז געווען עולה צו זיין קיין ישראל. זיין ערשטער באַזוך אין ישראל איז געווען אין יאָר 1958 און ער איז דאָ אויפגענומען געוואָרן זייער וואַרעם פון אַלע שיכטן פון לאַנד. צוריקגעפאָרן קיין ניו־יאָרק, דאָרט פאַרנומען אַ צענטראַלן פּלאַץ אין דער יִדישער ליטעראַטור און אויך אין דער אַלגעמיינער וועלט־פּאָעזיע.
איציק מאַנגער איז אַזוי קאָלירפול, שרייבט אַזוי קלאָר און דורכזיכטיק, אַז ער איז פאַרשטענדלעך פאַר יעדן לייענער. ער איז געניאַל אין אויסדרוק ווי אויך אין אינהאַלט. ער האָט מיט זיין וווּנדערלעכער באַלאַדע אַריינ־געבראַכט אַ באַזונדערן פּאַרמעסט, מיט דער „גאָלדענער פּאַווע". די וואָרצ־לען פון דער גאָלדענער פּאַווע זענען פונעם ליטעראַרישן קלימאַט פון טשערנאָוויץ און יאַס.

ווען ער איז געקומען זיך באַזעצן אין ישראל, אין זיינע לעצטע לעבנס־יאָרן, איז ער שוין געווען אַ קראַנקער און צעבראָכענער מענטש, טיילווייז אויך אַ פאַרביטערטער. אָבער דאָ אין ישראל האָט ער געפילט אַז דאָ איז זיין היים. ער איז געשטאָרבן אין גדרה דעם 20סטן פעברואַר 1969.

105. **סופר שמואל אבא**, געבוירן אין יאָר 1897 אין האָראָדענקאָ.
אין דער צייט פון די סאָוויעטן איז ער פאַרשיקט געוואָרן אין אַ לאַגער און אין יאָר 1943 דאָרט דערשאָסן געוואָרן מיט זיין גאַנצער משפחה.
אין די יאָרן פון זיין לעבן האָט ער פיל געשאַפן און דורכגעפירט אַ ברייטע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. די קרוין פון זיין שאַפונג איז געווען זיין אויסגאַבע די „טשערנאָוויצער בלעטער" (1928—1938). ער פלעגט שטאַרק שטיצן די שרייבער־אָנפאַנגער, פון די דאָזיקע אָנפאַנגער זענען שפּעטער אויסגעוואַקסן וויכטיקע שאַפער פון דער יִדישער ליטעראַטור.
אין בוכפאָרם : „לעגענדן פון אר"י" ; „לעגענדן פון באַדיטשעווער רבין" — טשערנאָוויץ. זיין לעצטע שאַפונג איז געווען : „דער סאָציאַלער עלעמענט אין שטיינבאַרגס משל", דערשינען אין דער קיעווער צייטשריפט„ סאָוועט־טישע ליטעראַטור" — 1940.

106. **סורקיס משולם**, געבוירן אין 1899 אין בעהאָמעט, בוקאָווינע. געשטאָרבן אין יאָר 1976 אין בני־ברק (ישראל). געלערנט אין חדר און אין ישיבה. יונגערהייט אַריבער קיין טשערנאָוויץ. פון 1920 געשפּילט אין דראַמקרייזן און רעזשיסירט. די צווייטע וועלט־מלחמה האָט ער איבערגעלעבט אין טאַשקענט, אין 1945 צוריקגעקומען קיין טשערנאָוויץ. אין יאָר 1972 עולה געווען קיין ישראל. געשריבן טעאַטער־רעצענזיעס און פּאָלעמישע אַרטיקלען

אין „טשערנאָוויצער בלעטער", „ווילנער טאָג", „די פרייהייט", „יידישע קולטור", „ישראל־שטימע", „פאָלקסבלאַט" א.אַנד.

107. **סעגאַל הערש**, געבוירן אין טשערנאָוויץ אין 1906. געשטאַמט פון אַ משפחה למדנים. טראָץ זיין וועלטלעכער דערציונג איז ער פאַרבליבן אַ ייִד אַ למדן. געווען אַ פילאָזאָף, און אין זיין דור בייגעטראָגן צו דער אויפקלערערישער פילאָזאָפישער טעמאַטיק.

סעגאַל איז געווען נאָענט צו דער ייִדישער קולטור און האָט מיט וואַרעמקייט באַגלייט די ייִדישע פאָלקס־פאָעזיע. ער איז געווען אַן אַרויסגעבער און שטיצער פון ווערטפולע ביכער.

געשטאָרבן, פעברואַר 1982 אין רחובות.

108. **פאַנער יצחק**, געבוירן אין 1896 אין אַ גאַליציש שטעטל, אָבער אין עלטער פון 4 יאָר איז ער אַריבערגעפאָרן קיין רומעניע און געלעבט אין טשערנאָוויץ. געווען אַקטיוו אינעם קולטור־לעבן אין בוקאָווינע און אין בוקאַרעשט. געשריבן אין די וויכטיקסטע אויסגאַבעס, אַרויסגעגעבן אַן אַנטאָלאָגיע (צוזאַמען מיט אליעזר פרענקעל) וועגן דער נייער ייִדישער דיכטונג. אין בוכפאָרם: אַרויסגעגעבן „שלום אַש אין זיין לעצטער היים" — 1956; „זון און שאָטנס" — 1964; „אין אייגענעם האַפן" — 1970; „שטריכן צום פאָרטרעט פון איציק מאַנגער" — 1986. געשטאָרבן אין בת ים — 1983.

109. **פרידמאַן יעקב**, געבוירן אין יאָר 1910 אין שטעטל מילניצע, גאַליציע. אין עלטער פון 8 יאָר איז ער מיט זיין משפחה אַריבערגעפאָרן קיין טשערנאָוויץ. ער שטאַמט פון אַ רבנישער משפחה און זיך אָנגעהערט מיט די ריזשינער. די רבנישע סביבה האָט זיך בולט געפילט אין זיינע ליטעראַרישע שאַפונגען. אַ שטיק צייט געווען אין וואַרשע, דערנאָך צוריקגעקומען קיין בוקאַרעשט און אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען אין טראַנסניסטריע (1945—1947). עולה געווען קיין ישראל אין יאָר 1949. נפטר געוואָרן אין יאָר 1971.

זיין ליטעראַריש־פאָעטישן וועג אָנגעהויבן אין 1927 מיטן ליד „איך ווייס", וואָס האָט גלייך געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די פענמענטשן. ער האָט זיך באַטייליקט אין די וויכטיקסטע אויסגאַבעס סיי אין רומעניע און סיי אין די אייראָפעישע לענדער ווי אויך אין אַמעריקע און אין ישראל.

אין בוכפאָרם זענען דערשינען: „די אויסגעשטרעקטע האַנט" — וואַרשע 1933; „אדם" — פאָעמע, טשערנאָוויץ 1935; „שבת" — לידער, טשערנאָוויץ 1939; „פאַסטעכער אין ישראל", תל־אביב 1953; „ליבשאַפט" — לידער און פאָעמעס, תל־אביב 1967 א.אַנד.

יעקב פרידמאַן איז געווען אַן אייגנאַרטיקער דיכטער. ער האָט אין זיינע

שאַפונגען אַריינגעבראַכט די גייסטיקע חסידישע ירושה, ווי אויך זיין אייגענע גייסטיקע וועלט, ווי דאָס קומט בולט צום אויסדרוק אין זיינע אַרויסגעגעבענע בענד לידער.

110. **קאַן נפתלי הערץ**, געבוירן אין יאָר 1910 אין שטעטל סטראַזשינעץ (בוקאָווינע). צוליב זיין קאָמוניסטישער טעטיקייט האָט ער זייער געליטן. ער איז אַנטלאָפן קיין פוילן און דאָרט אין יאָר 1929 אַרעסטירט געוואָרן, אַרויסגעשיקט קיין רוסלאַנד. דאָרט אַרעסטירט און פאַרשיקט געוואָרן. אין יאָר 1948 פאַרמשפּט געוואָרן אויף 25 יאָר לאַגער. ערשט אין יאָר 1956 רעהאַביליטירט געוואָרן און ווידער פאַרמשפּט געוואָרן אויף אייניקע יאָר תּפיסה. אַ צעבראָכענער און קראַנקער איז ער אין יאָר 1965 אָנגעקומען קיין ישראל.

אין יאָר 1929 האָט ער אָנגעהויבן צו דרוקן זיינע שאַפונגען אין „טשערנאָוויצער בלעטער" און אין די „ליטעראַרישע בלעטער" (וואַרשע). אין בוכפאָרם: „טראָט נאָך טראָט" — פּאָעמעס און לידער, 1932 וואַרשע; „פאַרשריבן אין זכּרון" 1966, פאַרלאַג „עלים" — תּל־אביב.

111. **קאסוואן מאַרקוס**, געווען פון די אָנגעזעענע טוער פון „בונד" אין בוקאָווינע. ער האָט רעדאַגירט אין ייִדיש אַ גרויסע צאָל אָרגאַנען פון „בונד": „דאָס נייע לעבן", „נייע צייטונג", „שטראַל", „דאָס פרייע וואָרט", „פאָלקס־צייטונג" און „נייע פאָלקסצייטונג".

112. **קיסמאַן יוסף**, געבוירן אין אַ דאָרף אין בוקאָווינע אין יאָר 1889. געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין יאָר 1967. געווען אַ בונדיסט און אַלס אַזעלכער איז ער איינגעלאַדן געוואָרן צו דער טשערנאָוויצער ייִדיש־קאָנפערענץ אין יאָר 1908. אַריבערגעפאָרן קיין אַמעריקע און דאָרט פאַרבליבן.

אָנגעשריבן עטלעכע אַרבעטן. אין בוכפאָרם: וועגן דער געשיכטע פון די רומענישע ייִדן פון 19טן ביזן 20סטן יאָרהונדערט.

113. **רובין דוד**, געבוירן אין יאָר 1893 אין גוראַ־פּוטנעי, בוקאָווינע. געלעבט פיל יאָרן אין בוקאַרעשט. געשטאָרבן אין בוקאַרעשט אין יאָר 1975.

געענדיקט די מיטלשול און פאַרגעזעצט אין בוקאַרעשטער אוניווערסיטעט, דערגרייכט דעם טיטל ד"ר פילאָזאָפיע. געשריבן דערציילונגען, פעליעטאָנען און רעפּאָרטאַזשן. אין בוכפאָרם: „לעבן אַ ברעטער־זעג", בוקאַרעשט 1951; „פון אַמאָל און פון היינט", דערציילונגען — 1963, נאָך אַ באַנד דערציילונגען אין יאָר 1968. געאַרבעט אין ייִדישן טעאַטער.

114. **רובינגער לאַונער שלום**, געבוירן אין יאָר 1908 אין קאַלינעשטי, בוקאָווינע. רובינגער האָט זיך אויסגעצייכנט אַלס לעקטאָר, איבערזעצער פאַרן ייִדישן טעאַטער און פּובליציסט. געווען דער אָנפירער פון דער יוגנט־סעקציע „מאָרגנרויט" פון טשערנאָוויץ. מיט זיין פּראָגראַם פון ליטעראַרישע פאָר־

טראַגן האָט ער פיל בייגעטראָגן צוצוגרייטן יונגע קאַדרען פאַרן ייִדישן טעאַטער.

115. **רינצלער אברהם**, געבוירן אין דאָרנאַ וואַרטאַ אין יאָר 1923. אַ דיכטער. זיינע ערשטע שאַפונגען האָבן געמאַכט אַ גוטן רושם; געווען אַ דיכטערישער שטערן מיט אַ צוקונפט.

געווען אינטערנירט 4 יאָר אין לאַגער אין טראַנסניסטריע. ייִדיש געלערנט ביי חיים גינינגער. זיין ערשט ליד געווען געדרוקט אין „בוקאַרעשטער זאַמלביכער", 1947.

פון 1949 אין ישראל. מיטגרינדער פון „יונג ישראל" 1956. געדרוקט זיינע לידער אין „נייוועלט", „די גאָלדענע קייט" א. אַנד. זיינע לידער זענען געווען פּאָעטיש, אינטעלעקטועל, אויפּברויזנדיק מיט פיל פראַגע־צייכנס. איציק מאַנגער האָט געהאַט נאָטירט, אַז „ביי רינצלערן זענען זיינע פראַגע־צייכנס קלאָרער און פּאָעטישער ווי אַלע אַנדערע צייכנס".

116. **שאַפּיר משה מרדכי**, געבוירן אין 1919 אין סאַציאַווע (שאַץ), בוקאָווינע. געלערנט אין חדר און אין גימנאַזיע. שפּעטער געווען אַ לערער אין די ייִדישע שולן אין קאַנאַדע. ער האָט פאַרעפנטלעכט לידער און ליטעראַרישע קריטיק־אַרטיקלען אין די אויסגאַבעס פון רומעניע און קאַנאַדע. אין בוכפאָרם דערשינען: „אַ סטעזשקע" — 1940; „איך קום אַהיים" — 1963; „דער שטערן־וואָגן" — 1968; „פיר איילן עלנטקייט" — 1980. ער לעבט אין מאָנטרעאָל — קאַנאַדע.

שלמה ביקל האָט געהאַט באַטאָנט, אַז שאַפּיר איז אין שעפערישקייט אָפּגעגאַנגען אַ גרויס שטיק וועג צו זיך אַליין, צו יחידישער דיכטונג.

117. **שאַפּיראָ איזאַ**, געבוירן אין שאָץ אין יאָר 1903. געשטאָרבן אין בוקאַרעשט 1981. שטאַמט פון אַ טראַדיציאָנעלער היים. שטודירט מעדיצין און טעאַטער אין בערלין. געווען רעזשיסער אין פאַריז, יאַס, געקעמפט אין שפּאַנישן בירגערקריג, פּאַרטיזאַן אין רומעניע. אין רומעניע אָנגעפירט מיטן יאַסער ייִדישן טעאַטער 1949—1963; ערשטער רעדאַקטאָר פון „בוקאַרעשטער שריפטן". פּראָזע־ביכער: „אלף איז אַן אָדלער" 1979; „מסעות בנימין הרביעי", בוקאַרעשט 1983. לירישער עסייאיסט, אייגנאַרטיקער טעאַטער־אָנפירער.

118. **שניידער סימעלע**, געבוירן אין טשערנאָוויץ אין יאָר 1924. אַ דיכטערין און לערערין אין דער בוקאַרעשטער קהילה־שול. אין 1952 געשפּילט אין ייִדישן טעאַטער אין יאַס. אין 1963 זיך באַזעצט אין ישראל. געשפּילט עטלעכע יאָר אין „הבימה". די ערשטע לידער געדרוקט אין די „איקוף־בלעטער", אין „לעצטע נייעס". אין בוכפאָרם: „לידער", בוקאַרעשט 1957.

119. **שעכטער מרדכי**, געבוירן אין טשערנאָוויץ אין יאָר 1927. אַ וויכטיקער

פילאָלאָג, פיל געשריבן, אָבער זיין הויפּט־בייטראָג זענען זיינע לינגוויסטישע אַרבעטן. ער האָט אויך נישט פאַרלאָזט די פּובליציסטיק. יידיש געלערנט ביי חיים גינינגער. געלערנט לינגוויסטיק אויפן ווינער אוניווערסיטעט. אין די יאָרן 1958—1960 געפירט יידיש־קורסן אין יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר. אין משך פון 15 יאָר, ביז 1975 אין יידיש לערער־סעמינאַר, דערנאָך אַלס לעקטאָר פון יידישער שפּראַך און לינגוויסטיק אין קאָלומביאַ־אוניווערסיטעט. ער האָט אויך געווידמעט פיל צייט אַריינצודרינגען יידיש אין יינגערן דור.

אין בוכפאָרם עטלעכע וויכטיקע ביכער, אַלע וועגן יידיש־שפּראַך שטודיעס. זיין לעצטער בוך „לייטיש מאַמע־לשון", אָבסערוואַציעס און רעקאָמענדאַציעס, ניו־יאָרק 1986.

120. **שעכטער־גאָטעסמאַן ביילע**, געבוירן אין ווין, אין אויגוסט 1920 איז די משפּחה אַריבערגעפאָרן קיין טשערנאָוויץ, וווּ זי האָט באַקומען איר דערציונג אין אַ רומענישער שול. אין 1938 געלערנט מאָלעריי אין ווין. געקומען קיין ניו־יאָרק אין יאָר 1951 און דאָ געוואָרן אַ לערערין. דאָ הויבט זי אויך אָן דרוקן קינדער־לידער און מעשיות אין „קינדער־זשורנאַל". באַטייליקט זיך אין פאַרשידענע ליטעראַרישע אויסגאַבעס. אַ לאַנגע צייט געווען מיטרעדאַקטאָר פון „אויפן שוועל". אין בוכפאָרם: „מיר פאָרן" — לידער, ניו־יאָרק 1963; „סטעזשקעס צווישן מויערן", פאַרלאַג „ישראל־בוך", תל־אביב 1972; „שאַריי" — לידער, ניו־יאָרק 1980.

121. **שפּיגלבלאַט אַלכסנדר**, געבוירן אין קימפּאַלונג — בוקאָווינע אין יאָר 1927. אַ דיכטער. ער האָט זיך באַטייליקט אין אַ ריי יידישע אויסגאַבעס אין רומעניע.

אין בוכפאָרם: „היימלאַנד" בוקאַרעשט 1952; „אומרויקע אותיות" — 1969. אין יאָר 1964 זיך באַזעצט אין ישראל. דאָ אַרויסגעגעבן אייניקע לידער־ביכער. איצט איז ער סעקרעטאַר פון דער אויסגאַבע „די גאָלדענע קייט".

## מאַראַמאָרעש

122. **איזראַעל ישראל דוד**, געבוירן אין מאַראַמאָרעש־סיגעט אין יאָר 1908. שוין אין זיינע יונגע יאָרן האָט ער אָנגעהויבן צו שרייבן יידיש. געווען פול מיט ענערגיע און איניציאַטיוו. מען האָט אים באַוווּנדערט, וואָס אין זיין שטעטל סיגעט האָט ער באַוויזן צערודערן אַלע קולטור־צענטערן פון דער יידיש־קולטור אין רומעניע. ער האָט אַרויסגעגעבן דעם חודש־זשורנאַל „אויפגאַנג" און האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס צו דער אויסגאַבע.

„אויפגאַנג" איז נישט געבליבן פאַרשלאָסן אין דער בערגיקער געגנט פון מאַראַמאַרעש־סיגעט, נאָר האָט שנעל געפונען אַ פאַרבינדונג מיט דער שרייבער־משפחה אין רומעניע און פון אַנדערע לענדער.

ער איז אומגעקומען אין יאָר 1944.

123. **אָפּשאַן הערצל**, געבוירן אין דאָרף וועמיל ביי סיגעט אין יאָר 1920. געשטאָרבן אין יאָר 1944. יחזקאל רינג באַצייכנט הערצל אָפּשאַן אין „יונג מאַרמאַראָש", 1941: „אַן יעדן קינסטלערישן רוטין, אָבער דערפאַר — אָריגינעל, פון דער קלויז — צו דער ליטעראַטור, ווי דער פריש שלאָגנדיקער וואַסערקוואַל". אין בוכפאָרם: „וואָלף שוחט דער סטודענט"; „בית ישראל"; „וויזשניצער רבינס הויף", סיגעט 1939.

124. **באַש אליעזר**, געבוירן אין אונגאַרן אין יאָר 1918. געלערנט אין חדר, ישיבה, שפעטער געענדיקט די העברעישע גימנאַזיע אין טשערנאָוויץ. אין די יאָרן 1940—1948 געווען פאַרשיקט אין סאָוויעטישע לאַגערן, שפעטער אויסגעוואַנדערט קיין קאַנאַדע. אָנגעהויבן שרייבן אין 1955 אין „קענעדער אָדלער". אין בוכפאָרם: „פאַרבאָרגענע פּראָפּילן" — פּראָזע, פון מאַראַמאַרעשער לעבן, מאָנטרעאַל 1978; „אונטער סטאַלינס יאָך", מאָנטרעאַל 1980.

125. **ברוקשטיין י. ל.**, געבוירן אין סיגעט אין יאָר 1920. ערנסטער דראַמאַטורג וועמענס פּיעסן זענען געשפּילט געוואָרן אין ייִדישן מלוכה־טעאַטער, ווי אויך אין רומענישן מלוכה־טעאַטער. פון זיינע פּיעסן: „די נאַכטשיכט", „פאַמיליע גרינוואַלד", ווי אויך אין ייִדיש: „דער ניט פאַרענדיקטער פּראָצעס".

זיינע דראַמאַטישע אַרבעטן זענען גוט אויפגענומען געוואָרן פון דער טעאַטער־קריטיק. אין יאָר 1973 עולה געווען קיין ישראל און זעצט דאָ פאָר צו שרייבן אין ייִדיש, ווי אויך רומעניש.

126. **גאָטליב הערש לייב**, געבוירן אין סיגעט־מאַראַמאָרעש אין יאָר 1844. ביז 20 יאָר געלערנט אין פאַרשידענע ישיבות, דערנאָך אָנגעהויבן אַרויס־צוגעבן די העברעישע צייטשריפט „השמש", אָבער צוליב דעם פאַרבאָט פון דעם אָרטיקן מורא דאתרא אַרויסצוגעבן די צייטשריפט, איז ער געצוווּנגען געווען אַריבערצופירן זי קיין קאָלאָמיי. אויך דאָ האָט ער געהאַט שווערי־קייטן פון דער מאַכט און יעדע וואָך געמוזט ענדערן דעם נאָמען פון דער צייטונג. אַזוי האָט ער זיך מיט דער צייטונג געראַנגלט 3 יאָר.

צוליב פאַמיליע־ענינים האָט ער זיך ווידער באַזעצט אין סיגעט־מאַראַמאָ־רעש, און דאָרט אַרויסגעגעבן „די פאָלקס־צייטונג". האָבן זיך אויפסניי אָנגעהויבן די שטרויכלונגען קעגן דער צייטונג. מען האָט געהעצט דעם בעל דרוקעריי, אַז ער זאָל איבעררייסן דאָס דערשיינען פון די „פאָלקס־צייטונג". גאָטליב האָט זיך אָבער נישט געלאָזט און זיך געווענדעט צו

טעאָדאָר הערצל, ער זאָל אים העלפן. הערצל האָט זיך וואַרעם אָפּגערופן. מען האָט געקויפט ייִדישע שריפט און ווידער אָנגעהויבן אַרויסגעבן אין סיגעט די ייִדישע מאָנאַט־צייטונג „ציון און אהבת ציון" און דעסגלייכן האָט מען אַרויסגעגעבן אַ חודש־אויסגאַבע אין ייִדיש „די וואַהרהייט".

127. **האָלדער יוסף**, געבוירן אין יאָר 1893 אין שטעטל ביטשקיוו אין מאַראַ־מאָרעשער פּראָווינץ. ביז בר־מצוה האָט ער געלערנט אין אַ ישיבה אין אונ־גאַרן, געשמט אַלס עילוי. ער האָט דעביוטירט מיט אַ נאָוועלע. אין ייִדיש האָט ער אָנגעהויבן מיט אַ הומאָרעסקע „יעקל מיט דעם האָן", אין 1911 אין ווילנע האָט ער געדרוקט דעם בוך לידער „אָפּט זינגט זיך". ר'איז געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין דער אונגאַרישער און ייִדישער פּרעסע.

ער האָט אָרגאַניזירט אַרום זיך דעם יונגן דור אין סיגעט, כּדי זיי צו לערנען ייִדישע ליטעראַטור. די ייִדישע יוגנט אין סיגעט איז אים געווען זייער דאַנקבאַר. אין יענער תּקופה איז די סיגעטער יוגנט געשטאַנען נאָענט צו צוויי צענטראַלע שרייבער: המאירי (וועלכער איז עולה געווען קיין ישראל) און דער צווייטער — יוסף האָלדער, האָלדערס לעבנס־גורל איז געווען זייער אַ פֿאַרפּלאָנטערטער. ער איז אַריבער וווינען קיין בודאַפּעסט, חתונה געהאַט מיט אַן אונגאַרישער פרוי. ווען די נאַציס האָבן פֿאַרכאַפּט בודאַפּעסט, האָט ער אַלס ייִד פֿאַרלוירן זיין פּאָסטן אין דער באַנק, ווו ער האָט געאַרבעט און זיין לאַגע איז געווען זייער אַ טרויעריקע, געוואָרן קראַנק און געשטאָרבן אין יאָר 1944.

128. **וויזעל אלי**, געבוירן אין מאַראַמאָרעש־סיגעט אין יאָר 1928.

וויזעל האָט באַקומען אַ רעליגיעזע און אַלגעמיינע ייִדישע דערציונג: חדר, ישיבה, אויך געענדיקט אַ גימנאַזיע. דערנאָך געלערנט אין פּאַריזער סאָרבאָן פילאָזאָפיע. אין יאָר 1944 איז ער דורך די נאַציס פֿאַרשיקט געוואָרן אין פֿאַרשידענע קאָנצענטראַציע־לאַגערן. נאָך דער באַפרייאונג האָט ער אָנגע־הויבן זיין ליטעראַרישע און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. שוין פון זיינע ערשטע טריט אין דער ליטעראַטור־שאַפונג האָט ער אַרויסגעוויזן טיפע פֿאַרשטענדעניש צו די ווערטן פון ייִדיש און מענטש. די שרעקלעכע איבער־לעבונגען און פֿאַרפֿאָלגונגען אין דער נאַצי־תּקופה האָבן אין אים דער־וועקט דעם פּראָטעסט און די גרויסע באַשולדיקונג קעגן דער וועלט אין זיין בוך „און די וועלט האָט געשוויגן". דאָס בוך האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם מיט דעם אופן ווי וויזעל האָט געזען און פֿאַרשטאַנען דעם נאַצי־חורבן. ער האָט אין דער ייִדישער ליטעראַטור, און אויך אין דער נישט־ייִדישער, אויסגעשריגן זיין פּראָטעסט צו דער אַזוי גערופענער פרייער וועלט, און דער עיקר צו אירע אָנפירערס, אַז מיט זייער שווייגן און פֿאַרשווייגן זענען זיי מיטבאַטייליקטע אין די שוידערלעכע מערדערייען. נאָך זיין באַזוך, שמחת־

תּורה, ביי די ייִדן אין ראַטנפאַרבאַנד, האָט ער אָנגעשריבן דאָס רירנדיקע בוך „די ייִדן פון שווייגן", וואָס האָט געצויגן די אַלגעמיינע אויפמערק־זאַמקייט צום גורל פון די סאָוויעטישע ייִדן. וויזעל איז דער פּראָפּאַגאַנ־דירער און קעמפער פאַר שלום און באַווייזט אַז שנאה איז איינע פון די מיטלען וואָס צערודערן און פאַרסמען די מענטשהייט און דעם שלום בכלל. ער דערשיינט אומעטום אַלס יחיד און באַאיינפלוסט ייִדן און נישט־ייִדן מיט זיינע שלום־יסודות, וועלכע ער האָט אויסגעדריקט אין אַ גאַנצער ריי ביכער אין אייניקע שפּראַכן.

דער גרויסער פאַרמעסט פון דעם יונגן דענקער און שרייבער, אלי וויזעל, דער אָפּשטאַמיקער פון דעם בערגיקן שטעטל סיגעט, האָט אים געבראַכט צו נייע וועלט־גייסטיקע האָריזאָנטן. מיט רעכט האָט מען אים באַלוינט מיט דעם העכסטן פּרייז — דעם נאָבעל־פּרייז פאַר שלום פאַרן יאָר 1986 — תשמ"ז.

129. **טאַמבור וואָלף**, געבוירן אין סיגעט־מאַראַמאָרעש אין יאָר 1910, לעבט לעצטנס און שאַפט אין בוקאַרעשט. אין דער תּקופה פון סיגעט האָט ער אויסגעפילט אַ וויכטיקע קולטור־טעטיקייט און די יונגע ייִדישע שרייבער האָבן מיט אים סימפּאַטיזירט.

טאַמבור האָט מיטגעמאַכט אַ לאַנגן קאָמפּליצירטן וועג אין די אונגאַרישע צוואַנג־באַטאַליאָנען, אַריינגעפאַלן אין רוסישער געפאַנגענשאַפט, געקעמפט ווי אַ פרייוויליקער אין דער רומענישער אַנטי־פאַשיסטישער דיוויזיע. אין דער מלחמה פאַרלוירן זיין גאַנצע משפּחה.

ער איז אַ מאַסיווער פּראָזאַיקער. זייער פרי האָט ער אָנגעהויבן צו פאַר־עפנטלעכן זיינע אַרבעטן אין פיל אויסגאַבעס. אין בוכפאָרם: „ביי דער טיר" (דערציילונגען), טשערנאָוויץ 1937; „מיין היים", סיגעט 1940; „פרילינג אָן אַ זון" — אַראַד 1947; „משה" — אַראַד 1948; „מאַראַמאָרע־שאָנער" — בוקאַרעשט 1977; „קרעלן פון טוי" — בוקאַרעשט 1978; „האַרבסט מיט זון" — 1980; „הערט אַ מעשה" — 1981; „שיר המע־לות" — בוקאַרעשט 1982. ער האָט אין זיין וואָגיקער פּראָזע־יצירה פאַר־פיקסירט געשטאַלטן פון מאַראַמאָרעש און מאָלדאַווע.

130. **רינג יחזקאל**, געבוירן אין סיגעט־מאַראַמאָרעש אין יאָר 1913. נאָכן שטור־רעם און רדיפות פון די נאַצי־וואַנדאַלן האָט ער זיך באַזעצט אין שוועדן און לעבט ביז היינט אין שטאָקהאָלם.

רינג האָט באַקומען אַ שטרענג רעליגיעזע דערציונג און ער איז געווען געבונדן מיט דער „אגודה". זייענדיק אין סיגעט האָט ער זיך באַפרייט פון דער שטרענגער רעליגיעזיטעט און האָט מיטגעהאָלפן שאַפן דעם קרייז פון יונגע שרייבער אין מאַראַמאָרעש־סיגעט. ער איז געווען דער

רעדאַקטאָר פון דער אויסגאַבע פון די יונגע שרייבער: „יונג־מאַראַמאַרעש"
— 1941. ער האָט אַ סך געהאָלפן צוצוציען יונגנטלעכע צו דער ייִדישער
ליטעראַטור. אין בוכפאָרם: „פאַרבלאָנדזשעטער ניגון", דערציילונגען, סיגעט
1937; „אויפן הימל אַ יריד" — סיגעט 1940. ער האָט נאָך געשריבן
אייניקע טעאַטער־פּיעסן, אָבער זיי זענען נישט געדרוקט געוואָרן.
אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז יחזקאל רינג האָט אינעם זאַמלבוך „יונג
מאַראַמאַרעש" געגעבן אַ זעלבסטפּאָרטרעט, אין באַגינען פון זיין אייגענער
ליטעראַרישער קאַריערע. רינג שרייבט דאָרטן: „אַנדערש איז ער
(רינג), אַנדערש ווי אַלע אַנדערע, ווייל נאָך אָן אַ באָדן מיט אַ ניגון,
מיט הימל אונטער די פיס, נאַרקאָטיש און האַלב־משוגע, אָבער זיינע
אויגן בליצן מיט טיפערער „אייביקערער" אידעע, מיט פאַרב, דראַמאַטישן
זשעסט און מוזיק־שפּיל".

131. **שנאָבעל בערל**, געבוירן אין סיגעט־מאַראַמאַרעש אין יאָר 1909. פון יאָר
1965 אין ישראל.

ווי דער רוב יוגנטלעכע אין מאַראַמאַרעש האָט ער אויך באַקומען ביי זיינע
פרומע עלטערן אַ שטרענג רעליגיעזע דערציונג.
נאָך זיין אָנקומען קיין ישראל, אַ שטאַרק צעבראָכענער צוליבן אומקום
פון זיין איינציקן זון אין אוישוויץ, האָט ער אָנגעהויבן צו שרייבן לידער
און דערציילונגען. געדרוקט אין די אויסגאַבעס: „אויפבוי" (סיגעט);
„איקוף־בלעטער" (בוקאַרעשט). אין בוכפאָרם: „מילנער גאַס" — בוקאַ־
רעשט 1936; „ישיבה־לידער" — בוקאַרעשט 1942.

## קאַפּיטל צען

# ייִדיש אין קאָמוניסטישן רומעניע

**חורבן־ און אומקום־תּקופה**

צווישן ביידע וועלט־מלחמות האָט דאָס רומענישע ייִדנטום דורכגעלעבט אַ בלי־תּקופה, נאָך דעם ווי ס'האָבן זיך פּאַראייניקט די 4 פּראָווינצן (1918). די ייִדישע באַפעלקערונג אין דעמאָלטיקן רומעניע האָט דערגרייכט כּמעט אַ מיליאָן נפשות. זי האָט פאַרמאָגט תּלמידי־חכמים, שרייבער, קינסטלער, אַ גרויסע נעץ פון ייִדיש־שולן, אַ ייִדישע פּרעסע, אַ פאַרצווייגטע ציוניסטישע באַוועגונג אאַז"וו. מען מוז אָבער צוגעבן, אַז די ייִדישע קולטור־אַטמאָספער איז נישט דערגאַנגען צו אַ גייסטיקער אַמאַלגאַמאַציע צווישן די פיר פּראָווינצן פון גרויס־רומעניע. יעדע איינע פון זיי האָט אייַנגעהאַלטן איר אייגענעם קאָלאָריט.

אין יאָר 1940 האָט זיך אָנגעהויבן די טעריטאָריעלע צעשפּליטערונג פון רומעניע. די דאָזיקע צעשפּליטערונג איז אויך געווען אַ טיפע טראַגעדיע פאַר דער ייִדישער באַפעלקערונג. סאָוויעט־רוסלאַנד האָט פאַרנומען בעסאַראַביע און צפון־בוקאָווינע; אונגאַרן, אונטער דער האַרטי־רעגירונג, האָט אָפּגעריסן צפון־טראַנסילוואַניע, וועלכע האָט אַליין פאַרמאָגט קרוב 250 טויזנט ייִדן. צוזאַמען מיט בעסאַראַביע און צפון־בוקאָווינע זענען פון רומעניע אָפּגעטיילט געוואָרן מער ווי 400 טויזנט ייִדן, דאָס זענען געווען אין גרעסטן טייל געגנטן וווּ ס'האָט פּולסירט אַן אַקטיוו ייִדיש לעבן.

נאָך אָט דער צעשפּליטערונג האָט זיך אויפן ייִדישן ישוב אין רומעניע אָנגערוקט די שוידערלעכע תּקופה פון דער נאַצישער הערשאַפט. אין דאָזיקן פעריאָד האָט דער אַנטיסעמיטישער אַנטאָנעסקו־היטלער־רעזשים מיט זיינע ווילדע גזירות אַרייַנגעבראַכט אַ פולשטענדיקע צערודערונג צווישן די דאָרטיקע ייִדן. אַ דריטל

פון דער פאַרבליבענער ייִדישער באַפעלקערונג איז פאַרטיליקט גע־וואָרן אין דער צייט פון דער מלחמה, דורך גזירות און פאַרשידענע סאַדיסטישע פייניקונגען, וואָס נאָר דער טייוול האָט געקענט אַזעל־כע אויסטראַכטן.

מע דאַרף צוגעבן, אַז אויך אין אָט די שווערע טעג זענען אַ געוויסע צייט געווען זייער אַקטיוו ייִדישע און ציוניסטישע כלל־טוער, גרופּעס יוגנטלעכע, חלוצישע אָרגאַניזאַציעס אאַז״וו.

צוליב די אינערלעכע פּאָליטישע באַדינגונגען אין רומעניע, האָט מען אויסגעפּועלט, אַז אַ גרויסער טייל פון די פאַרבליבענע ייִדן זאָל נישט געשיקט ווערן אין די נאַצישע טויטלאַגערן. דאָס האָט אָפּגעראַטעוועט די ייִדן אין אַ סך קהילות, בעיקר אין בוקאַ־רעשט און אומגעגנט.

צווישן די לעבן געבליבענע נאָכן חורבן איז געווען דער גע־ראָטענער זון פון דער משפּחה ייִדישע שרייבער, דער דיכטער יעקב גראָפּער. ער האָט אָנגעשריבן די רירנדיקע פּאָעמע „שבת נחמו״ [1] (פּראָלאָג). אָט זענען אייניקע שורות פון דער שאַפונג:

אין שווערסטע טעג איז דאָ מיין ליד אַנטשטאַנען,<br>
קיין פינטל האָפענונג נישט, קיין בלישטש פון ערגעץ ווו,<br>
קיין ווינקל בלוי, קיין הימל נישט, קיין מענטש,<br>
נאָר תּליות, חוזק און דערשטיקונגס־באַנען<br>
פון הונדערט פערציק פראַכטוואַגאָנען, הערמעטיש, לופטדיכט,<br>
וואַגאָנענווייז, וואַגאָנען...

1. „שבת נחמו״ פון יעקב גראָפּער איז דערשינען אין די „בוקאַרעשטער שריפטן״, אַרויסגעגעבן פון ייִדישע שרייבער און פּובליציסטן אין רומעניע, בוקאַרעשט, יאָר 1947. די פּאָעמע איז שפּעטער אויך דערשינען אונטער אַ געענדערטן נאָמען „אין שווערסטע טעג״, אין די געקליבענע ווערק פון י. גראָפּער, וועלכע זענען אַרויס אין תּל־אביב, אַרויסגעגעבן פון דער התאח־דות עולי רומניה אין תּל־אביב און דער „יעקב גראָפּער עזבון־קאָמיסיע״, אשקלון 1975.

ווּהין געשלעפּט, פֿאַר וואָס, ווּהין, צו וואָס, צו וואַנען?
— — — — — — — — — — — — —
וואָס געווען, געזען, געשמיסן,
לעבנס, חנען, וועלטן אייערע
און לעבנס־נאָענטסטע אייך האַרציקע און טייערע.
דאָס נאָך וויסן כאָטש וועלן זיי,
וועט איר?...
האַלט, האַלט אויס, פֿאַרהאַלט!
און נישט צעשפּאַלט אַליין דיך, פֿאָלק מיינס,
האַלט זיך,
און געזונט ווער,
בלייב און זיי!
— ערד אונטער די פֿיס, איבערן קאָפּ אַ הימל — פֿריי...
שטאַרק דיך, מענטש דיך, שטרעק און בענטש דיך...
מענטש דיך!
וואַקס, צעוואַקס דיך, אַרבעט, זינג און זיי...
הלוואי!...

יעקב גראַפֿער האָט נישט נאָר געמאָלט די שווידערלעכע ווירקלעכקייט פֿון די מלחמה־יאָרן, ער האָט אויך אין אַ צייט פֿוי יִיאוש און פֿאַרלוירנקייט, וואָס האָט אַרומגענומען די שארית־הפּליטה אין רומעניע, גערופֿן די יידן זיי זאָלן זיך האַלטן פֿאַראייניקט, כּדי גובר צו זיין די שוועריקייטן און ווייטער לעבן און אַרבעטן אויף צעפּיקעניש אונדזערע שׂונאים.

*

אין די סאַמע טונקלסטע טעג אין רומעניע האָט אַפֿילו די אַסימילירטע יידן געזוכט אַ וועג צו זיך. דאָס יידישע לשון איז נישט אין גאַנצן פֿאַרטיליקט געוואָרן. אַ באַזונדער קאַפּיטל איז געווען „טראַנסניסטריע” און בעיקר די אַהין פֿאַרטריבענע טויזנ־

טער יִדישע קינדער. פֿאַראַן גבית־עדותן[2] פֿון קינדער וואָס זענען געטריבן געוואָרן קיין טראַנסניסטריע פֿון בעסאַראַביע, בוקאָווינע, אַלט־רומעניע, טראַנסילוואַניע. די גבית־עדותן זענען איבערגע־געבן געוואָרן אין יִדיש און מען האָט געקאָנט לייכט דערקענען אַז די קינדער מיט זייער פּליסיקן יִדיש קומען פֿון יִדיש־רעדנדיקע משפּחות. אָט ליגט פֿאַר מיר דער אַנקעטע־בויגן (נומער 18) פֿון עטל זיסמאַן, אַ געבוירענע אין יאָר 1934, אין גוראַהומאָראַ (בוקאָ־ווינע), וועלכע שילדערט די פֿינצטערע צייטן, ווען זי איז פֿאַרטריבן געוואָרן פֿון איר שטעטל אין אָקטאָבער 1941: „די קינדער און די מאַמעס וויינען, אָבער קיין זאַך שטעלט נישט אָפּ די שׂונאים צו פּייניקן און פֿאַרניכטן די יִדן". און דאָס קינד דערציילט ווי זיי זענען אָנגעקומען אין בעסאַראַבישן שטעטל אָטעק. זייענדיק אין אָטעק אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ און אָן עסן, האָט זי פּלוצעם דערזען אָנגעשריבן אויף אַ וואַנט, אַז דאָ זענען באַגראָבן אַזוי פֿיל און זוי פֿיל יִדן, ווער ס׳וועט דאָ אָנקומען זאָל זאָגן נאָך זיי קדיש. מען קען זיך פֿאָרשטעלן אין וואָס פֿאַר אַ שווידערלעכער לאַגע און פּחד ס׳זענען אַריינגעפֿאַלן די פֿאַרטריבענע קינדער. אין די גאַסן זענען געלעגן אַ סך טויטע יִדן און קיינער האָט זיי נישט געבראַכט צו קבר־ישׂראל.

עטל זיסמאַנס אַנקעטע־בויגן איז אַן אויסדרוק פֿון דער טיפֿער טראַגעדיע פֿון די יִדישע קינדער, פֿאַרטריבענע קיין טראַנסניס־טריע. איר אַנקעטע־בויגן ענדיקט זיך מיט אַ טיף טרויעריק ליד: „איך קוק אויף יידנס בילד", פֿון וועלכן מיר ברענגען אַן אויסצוג:

איך קוק אויף יִדנס בילד,
און פֿרעג וואָס איז די שולד
וואָס איז די שולד וואָס מיר ליידן אַזוי שווער?
איין מענטש זע איך דאָרט,

2. זע גבית־עדות פֿון „טראַנסניסטריע־קינדער".

פאַרטריבן פון זיין אָרט,
און לעבן וועט ער מסתּמא ניט מער.
צו וואָס האָט דאָס אונדז אונדזער מוטער געבוירן,
צו וואָס אונדז געוויזן די שיין,
אויפצוכאָוועזן איין קינד,
צו שטאַרבן ווי איין הונט,
אַבי צו מוטשען זיך אין פּיין.

דאָס איז געווען דאָס געפיל פון די ייִדישע יתומים אין טראַנס־ניסטריע וואָס האָבן דורכגעמאַכט איינע פון די שוידערלעכסטע טראַגעדיעס וואָס די נאַצי־חיות האָבן געבראַכט אויפן ייִדישן פאָלק.

*

מיר וועלן זיך אָפּשטעלן בעיקר אויף דעם שרעקלעכן סך־הכּל פון דער ייִדיש־קולטור אין רומעניע.

ביים סוף פון דער מלחמה האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין די דייטשישע לאַגערן און פון די רציחות זענען געפאַלן קרבנות ייִדישע שרייבער, צווישן זיי: ישראל־דוד איזראַעל, י. ברווינשטיין, מרדכי גאָלדענבערג, הערץ גילישינסקי, לייב דרוקער, יוסף האָל־דער, טראַכטענבערג, ברוך טוטשינסקי, נטע מאַנגער, אברהם מאַיאַנסקי, ייִדל מלמד (וויינשטיין), שמואל־אבא סופר, יחיאל פרידמאַן, הערש־לייב קאַזשבער (וויינשטיין), עזריאל שראַגער און אַנדערע.

נאָך דעם ווי דער ראַטן־פאַרבאַנד האָט פאַרנומען אין יאָר 1940 בעסאַראַביע און צפון־בוקאָווינע, איז די צאָל ייִדישע שריי־בער, אָפּשטאַמיקע פון די פראָווינצן, צוריקגעפאָרן פון רומעניע אין זייערע אַלטע היימען, צווישן זיי: יעקב שטערנבערג, משה אַלטמאַן, מאָטל סאַקציער, יאָסל לערנער, הערץ ריוווקין און אַנד.

פון די ייִדישע שרייבער וואָס זענען געבליבן אין רומעניע דאַרף מען דערמאָנען דעם דיכטער יעקב גראָפּער, בערל שנאַבעל, לעאָן בערטיש א״אַנד, ווי אויך וויכטיקע ייִדיש־רומענישע שריי־

בער: באַרבו לאַזאַריאַנו, ד״ר דאָריאַן, לאַסקער שאַראַגאַ, באַ־דייטנדיקע קולטור־טוערס: מ. לאַקס, דובאַווס, ש״ס ראָמאַן, נטע רויטמאַן א״אַנד. אין אַ צייט אַרום האָבן זיך צוריקגעקערט פון דער עוואַקואַציע די יִידישע שרייבער און קולטור־טוער: יעקב פרידמאַן, ברוך האַגער, חיים גיניגער, וואָלף טאַמבור, הערש סעגאַל, איציק שוואַרץ, יצחק פאַנער, חיים קראַפט, מאיר שטערנ־בערג א״אַנד.

אין יענע שווערע טעג האָבן די לעבן־געבליבענע יִידישע שרייבער געזוכט וועגן ווי אויסצוהאַלטן אויך אין דער צייט פון דעם אַנטיסעמיטישן אַנטאָנעסקו־רעזשים, און ווי אָפּצוהיטן דאָס יִידישע וואָרט, די יִידישע קינסטלערישע און ליטעראַרישע טעטי־קייט, הייבן דעם מאָראַל פון דער יִידישער באַפעלקערונג. יִידיש האָט דאָ אויסגעפירט אַ נאַציאָנאַלע שליחות. די כּלל־טוערס און די יִידישע שרייבערס האָבן אויסגענוצט די שולן און טעמפּלען איינצוואָרדענען יעדער מאָל אַזכּרות נאָך באַקאַנטע יִידישע שריי־בער, אין יִידיש, ווי י. ל. פּרץ, שלום־עליכם, מענדעלע מוכר ספרים און אַנדערע. די אַנטי־יִידישע רעגירונגס־פאַקטאָרן האָבן נישט פאַרשטאַנען וואָס ס׳קומט פאָר אין די יִידישע קרייזן. יִידיש האָט דעמאָלט אויסגעברייטערט איר השפּעה צווישן דער יִידישער באַפעלקערונג. דאָס קאַפּיטל יִידישע אַזכּרות אין די שולן און טעמפּלען האָט אַריינגעבראַכט אַ דערמוטיקונג צווישן די דער־שלאָגענע יִידן.

אין דער צייט פון דעם אַנטאָנעסקו־רעזשים זענען געמאַכט געוואָרן איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען אַרויסצוגעבן יִידיש־ביכלעך פאַר די שולן. עס זענען דערשינען אַ ריי פּעדאַגאָגישע אויסגאַבעס. אַנטאָנעסקו האָט פאַראָרדנט, אַז מען זאָל אַרויס־טרייבן אַלע יִידישע שילערס, יִידישע לערערס און פּעדאַגאָגן פון די מלוכה־שולן און אוניווערסיטעטן. די לאַגע פון דער גרויסער מאַסע יִידישע שילערס און סטודענטן האָט זייער באַשעפטיקט די יִידישע פירערשאַפט, האָט מען אָנגעהויבן גרינדן יִידישע שולן און אַפילו אַן אוניווערסיטעט, כּדי צו פאַרזיכערן אַ ביסל בילדונג

פאַרן יונגן ייִדישן דור. מיר וועלן דאָ דערמאָנען נאָר די ייִדיש־לערנביכער: אַ ליטעראַרישע כרעסטאָמאַטיע „דאָס ייִדישע וואָרט״ פון אליעזר פרענקעל.[3]

מיר ווילן דאָ צוגעבן, אַז אליעזר פרענקעל איז אַ לינגוויסט און אַ קענער פון דער ייִדישער שפּראַך. אין יאָר 1945 האָט ער פאַרעפנטלעכט צוזאַמען מיט י. פאַנער, אין יאַס, אַן „אַנטאָלאָגיע פון דער ייִדישער דיכטונג״ מיט לאַטיינישע אותיות, מיט אַ הקדמה פון יעקב גראָפּער, וועלכער שרייבט אַז דאָס ביכל אין לאַטיינישער טראַנסקריפּציע דערמעגלעכט, דאָס ייִדישע וואָרט זאָל אָנקומען צו ברייטערע ייִדישע קרייזן. אין זעלבן פאַרלאַג, אין יאַס, האָבן י. פאַנער און אל. פרענקעל, אין יאָר 1947 אַרויסגעגעבן אַן אויסגעברייטערטע אויסגאַבע, 320 זייטן, „נייע ייִדישע דיכטונג״, מיט אַ הקדמה פון איציג מאַנגער וועלכער שטרייכט אונטער אַז „נאָך דעם גרויסן חורבן, ווילט זיך איבערציילן און אָפּשאַצן די ירושה, וואָס איז אונדז פאַרבליבן, די מעגלעכקייט פון ווייטער שפּינען די פעדעם וואָס זענען אַזוי ברוטאַל איבערגעשניטן געוואָרן״.

איציק מאַנגער איז געווען באַגייסטערט דערפון, וואָס נאָך דעם חורבן וואָס עס האָט דורכגעמאַכט דאָס ייִדישע לעבן אין רומעניע, האָט מען מצליח געווען אַרויסצוגעבן דאָס שענסטע וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין דער ייִדישע וועלט־ליטעראַטור. ער שטרייכט אונטער, אַז „די ייִדישע פּאָעזיע קען מיט רעכט זאָגן, אַז קיין שום ווינקל פון דער וועלט איז איר נישט פרעמד: דער ביבלישער מאָטיוו, און דער נעגער־מאָטיוו, די וואָלעכישע דאָינע און די ליטווישע דאָינע״.

3. זע: אליעזר פרענקעל, „דאָס ייִדישע וואָרט״ (ליטעראַרישע כרעסטאָמאַטיע), פאַרלאַג „יידישער קולטור־קרייז פון רומעניע י. ל. פּרץ״, יאַס 1948. אין אַריינפיר־וואָרט ווערט געזאָגט, אַז דאָס איז די ערשטע שול־כרעסטאָמטיע, אין יאָר 1941, אַרויסגעגעבן דורכן י. ל. פּרץ־קרייז אומלעגאַל. די איצטיקע כרעסטאָמאַטיע, אין אַ ברייטערן פאָרמאַט פון 182 זייטן, האָט אַרומגענומען די וויכטיקע שאַפערס פון דער ייִדישער וועלט־ליטעראַטור. פאַר־שטענדלעך, אויך אַ טייל פון די ייִדיש־רומענישע שרייבערס. דער אויסלייג לויטן אַלטן נוסח.

די דאָזיקע כרעסטאָמאַטיע האָט אויף ס'נײַי פאַרבונדן די ייִדיש־רעדנדיקע מיט דער ייִדישער וועלטשאַפונג. ס'האָט זיך געעפנט אַ פענצטער צו דער ייִדיש־וועלט.

**איבערגאַנג־יאָרן**

אַ מער רויִקע אַטמאָספער פאַר ייִדן און ייִדיש־קולטור אין רומעניע האָט זיך אָנגעהויבן מיטן זיג איבערן היטלעריזם, דעם 23סטן אויגוסט 1944, ווען ס'איז איינגעבראָכן געוואָרן דער פאַשיסטישער פראָנט אין רומעניע. מען האָט אָנגעהויבן לייכטער אָטעמען. אמת, דערווייל נאָך צייטווייליק, אָבער אַ גרויסער טייל פון די ייִדישע נאַציאָנאַלע פאַקטאָרן, צוזאַמען מיט די לינקע קרייזן, האָבן אָנגעהויבן אויפלעבן און זיך שטאַרקן. ס'האָבן זיך געעפנט ייִדישע שולן און תּרבות־שולן, מען האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן לערנביכער פאַר די שולן, ס'זענען דערשינען ליטעראַרישע ייִדישע שאַפונגען. די תּרבות־שולן האָבן נאָך ממשיך געווען אַ שטיקל צייט, דער פאַרלאַג „ביכּורים" האָט אַרויסגעגעבן העברעישע און ייִדישע ביכער און בראָשורן.

אין יאָר 1945 האָט זיך געגרינדעט די לינקע אינסטיטוציע C. D. E. („דער ייִדישער דעמאָקראַטישער קאָמיטעט", וועלכער האָט זיך גאָר אין גיכן אַרויסגעוויזן ווי די „יעווסעקציע" פון רומעניע, און האָט מיט דער צייט גורם געווען שווערע צרות די ייִדן און דעם ייִדישן קולטור־לעבן). מיר וועלן נאָך צוריקקומען צו די „אויפטוען" פון „ייִדישן דעמאָקראַטישן קאָמיטעט".

די פאַרשידענע ניואַנסן פון דעם ייִדישן קולטור־לעבן שפּיגלען זיך אָפּ ביי וואָלף טאַמבור אין זיין אַרבעט: „35 יאָר ייִדיש־ליטעראַטור אין דער נייער רומעניע".[4] דער מחבר דערמאָנט אויספירלעך די נעמען פון די ביכער און מחברים פון יאָר 1945 ביז 1980.

די סעריע ביכער איז אין אָנהייב דערשינען אַ דאַנק די באַ־

4. זע: וו. טאַמבור, „35 יאָר ייִדיש־ליטעראַטור אין דער נייער רומעניע", דערשינען אין „בוקאַרעשטער שריפטן", ג', יאָר 1980, זייט 180 און ווייטער.

מיזונגען פון די מחברים. אָפט מאָל פלעגט דער פאַרלאַג „ביכּורים" מיטהעלפן דאָס דערשיינען פון ייִדישע שאַפונגען. אַ פּאָר יאָר שפּעטער איז די פּריוואַטע איניציאַטיוו אָפּגעשטעלט געוואָרן און ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער עטאַפּ ווען נאָר דער אָפיציעלער מלוכה־פאַרלאַג מעג אַרויסגעבן ביכער, אַריינרעכענענדיק אויך די ייִדישע ביכער.

די ייִדישע שולביכער פאַרנעמען אַ צענטראַלן פּלאַץ אין דער ערשטער תּקופה פון דער נייער רומעניע. מיר וועלן נאָר דערמאָנען אייניקע פון זיי: „ייִדישער אַלף־בית" פון ייִדל ווײַדענ־פעלד, ערשטער און צווייטער טייל, בוקאַרעשט 1945; „15 ייִדישע לידער" פון יוליאַן שוואַרץ, פאַרלאַג „איקוף", בוקאַרעשט 1946; „לערנט ייִדיש" — פאַר די ייִדישע פאָלקסשולן, אַרויסגעגעבן פון דער פעדעראַציע פון די ייִדישע קהילות אין רומעניע, 2 טיילן, 1947; „לערנהעפט פאַר ייִדישער גראַמאַטיק" פון איציק שוואַרץ, אַרויסגעגעבן פון דער פעדעראַציע פון די ייִדישע קהילות אין יאָר 1948.

אין יאָר 1949 דערשיינט דאָס „לערנביכל פאַר ייִדיש" פון ייִדל ווײַדענפעלד. אָבער דאָס רוב לערנביכער זענען דערשינען אין די יאָרן 1949 און 1950: „ייִדישע שפּראַך"; „אַריטמעטיק"; „נאַטורוויסנשאַפט"; „געשיכטע פון אַלטערטום"; „פיזיק"; „אַנאַטאָמיע" און „פיזיאָלאָגיע"; „געאָמעטריע"; „געשיכטע פון דער ערד און געאָלאָגיע"; „כעמיע"; „מוזיק"; „זאָאָלאָגיע".

מיר האָבן דאָ געבראַכט די נעמען פון די לערנביכער כּדי צו באַווײַזן די טענדענץ פון אויסמײַדן יעדער נאַציאָנאַלן שפּור. כּדי די דאָזיקע טענדענץ נאָך מער צו פאַרפעסטיקן איז אין יאָר 1950 דערשינען אין מלוכה־פאַרלאַג אַ ביכל פון יוסף בערקו א"נ „דער ציוניזם, די אידעאָלאָגיע פון דער ייִדישער נאַציאָנאַליסטי־שער בורזשואַזיע אין דינסט פון אימפּעריאַליזם". דאָס איז אויך געווען אַ מין וועגווײַזער פאַר דער מחנה לערערס אין די ייִדישע שולן, ווי עס דאַרף זײַן דער גייסט פון זייער לימוד.

דער סטאַליניסטיש־יעווסעקישער „דעמאָקראַטישער ייִדישער

קאָמיטעט״ פאַרברייטערט און פאַרשטאַרקט דעם אָנגריף קעגן יעדן נאַציאָנאַלן אויסדרוק (יאָרן 1949־1950), וואָס איז נאָך גע־בליבן אין די ייִדישע שולן. נאָך דעם ווי עס זענען פאַרמאַכט גע־וואָרן די לעצטע ייִדישע שולן און לערן־אַנשטאַלטן, האָט מען אָנגעהויבן רודפן די ציוניסטן, די חלוצישע יוגנט און ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די אַרעסטן פון די ציוניסטישע עסקנים. דאָס האָט געשאַפן אַ באַזונדער שווער און טראַגיש קאַפּיטל פון אסירי־ציון.



לגבי די ייִדישע ליטעראַרישע שאַפונגען איז ביים אָנהייב די צענזור געווען אַן איינגעהאַלטענע. אין דער רשימה פון ייִדישע ביכער, דערשינענע אין די 35 יאָר, געפינען מיר שאַפונגען פון ייִדישע מחברים וואָס געהערן נאָך צו פאַרשידענע מחנות. מיר וועלן ברענגען נאָר אייניקע פון זיי: אין יאָר 1946 איז דערשינען „ביטערניש״ (אָפּקלאַנגען), לידער פון יאָנאַס דאַוויד; „יעקב פּסאַנטיר — דער ערשטער כראָניקער פון רומענישע ייִדן״ — פון משה לאַקס; „אויפן וועג״, געקליבענע חסידישע סקיצן פון ברוך האַגער, פאַרלאַג „ביכּורים״; „רבי ישראל בעל־שם־טוב״ פון הרב מתתיהו יחזקאל גוטמאַן.

אין יאָר 1947 דערשיינט דער נומער איינס פון די „בוקאַ־רעשטער זאַמלביכער״, אַרויסגעגעבן פון די ייִדישע שרייבערס און פובליציסטן אין רומעניע.

אין זעלבן יאָר דערשיינט דאָס בוך „פרילינג אָן זון״ — אַ ראָמאַן פון וואָלף טאַמבור, פאַרלאַג „ייִדיש וואָרט״, אַראַד. ברוך האַגער גיט אַרויס זיין באַנד נאָוועלן „אויף דער קאַטש״; איציק שוואַרץ פאַרעפנטלעכט זיין אַרבעט וועגן „30 יאָר ייִדישע ליטעראַטור אין רומעניע״. עס דערשיינט: „ווי אַזוי פייגעלעך האָבן געלערנט חומש״ פון א. שטיינבאַרג, הקדמה — א. פרענ־קעל; דוד רובין גיט אַרויס זיין ראָמאַן „לעבן דער ברעטער־זעג״.

אין 1957 דערשיינען די ווערק פון די קלאַסיקערס: מענדעלע מוכר ספרים — „אויסדערוויילטע שריפטן״ (הקדמה יעקב שטערנ־

בערג) און י. ל. פּרץ — „אויסגעוויילטע שריפטן". עס דערשיינט „די משפּחה פון גרינוואַלד" פון י. ד. ברוקשטיין. עס דערשיינען אויך „אויסגעוויילטע שריפטן" פון שלום־עליכם, די „מעשאָלים" פון א. שטיינבערג. ס'גייט אַרויס אַן אַנטאָלאָגיע פון די ייִדישע שרייבערס אין רומעניע.

## די לאַגע פון דער ייִדישער קולטור

כאָטש סטאַלין איז שוין געווען אַוועק פון דער וועלט, האָט די יעווסעקציע אין רומעניע נאָך אַלץ פאָרגעזעצט איר סטאַליניסטישע פּאָליטיק. אין מיטן פון די 50ער יאָרן זענען מיר עדות פון אַ ווענדפּונקט אין דער ייִדישער קולטור־טעטיקייט אין רומעניע. „דער ייִדישער דעמאָקראַטישער קאָמיטעט", די יעווסעקציע אין רומעניע, האָט זיך דאַן אָנגעשטויסן אויף אַ קעגנערשאַפט אין איר אַנטינאַציאָנאַלער טעטיקייט. דער שטאַרקסטער קעגנער פון דער יעווסעקציע איז דעמאָלט געווען הרב ד"ר משה ראָזען.

דער שאַרפער קאַמף פון הרב משה ראָזען האָט זיך אָנגעהויבן אויפן געביט פון אַרויסגעבן אַ צווייוועכנטלעכע צייטונג פון דער פעדעראַציע פון די ייִדישע קהילות אין רומעניע, אין דריי שפּראַכן: רומעניש, העברעיש און ייִדיש. פאַר דער יעווסעקציע אין רומעניע איז עס געווען אַ שווערער קלאַפּ און זי האָט זיך קעגנגעשטעלט מען זאָל אַרויסגעבן אַן אָפיציעלע אויסגאַבע פון דער פעדעראַציע פון די קהילות. דאָס קעגנשטעלן זיך פון דער יעווסעקציע האָט אָנגעהאַלטן אַ לענגערע צייט. צום סוף האָבן די אָפיציעלע אינסטאַנצן אָנגענומען דעם פאָרשלאַג פון הרב ד"ר מ. ראָזען, אַז די צייטונג זאָל דערשיינען אונטערן נאָמען „די צייטשריפט פון רעליגיעזן רומענישן ייִדנטום".

די אויבן דערמאָנטע צייטשריפט דערשיינט אָן איבעררייס ביז היינט און האָט פאַרשריבן אַ ווערטפול קאַפּיטל אין דערציען די ייִדישע באַפעלקערונג אין רומעניע אין גייסט פון ייִדישע ווערטן, אין וועלכע די ייִדישע קהילות זענען פאַראינטערעסירט געווען, אין ברענגען דער ייִדישער באַפעלקערונג אינפאָרמאַציע וועגן דעם

וואָס ס'קומט פאָר אין דער ייִדישער וועלט בכלל און בפרט וועגן דער ייִדישער קולטור אין פאַרשידענע לענדער.

ביז דער אַנטשטייונג פון דעם מלוכה־פאַרלאַג פון ביכער אין רומעניע, דערשיינען אין יענער תקופה דריי קאַטעגאָריעס ביכער: שולביכער, ייִדישע קלאַסיקערס און אַ באַזונדערער אָפּקלייב פון ייִדישע שרייבער.

מיט דער גרינדונג פונעם מלוכה־פאַרלאַג „קריטעריאָן" עפענען זיך בעסערע אויסזיכטן פאַרן ייִדישן וואָרט. אין דעם פאַרלאַג דערשיינט (אין משך פון יאָרן) אַ גרעסערע צאָל ייִדישע ביכער. אין אָנהייב — אַרום פיר ביכער אַ יאָר, און אין די לעצטע יאָרן 1985—1986 — צוויי ביכער אַ יאָר. בעיקר דרוקט דער פאַר־לאַג „קריטעריאָן" די שאַפונגען פון די אָרטיקע ייִדישע שרייבער. מיר וועלן דאָ דערמאָנען אַ צאָל נעמען: וואָלף טאַמבור, יוליאַן שוואַרץ, משה העלד, לעאָן בערטיש, ישראל בערקאָוויטש, רעטי בליי, א. בליי, לעאָן שאַדאַך א"אַנד. אין זעלבן „קריטעריאָן" גייען אַרויס זינט 1978 די יערלעכע ליטעראַרישע זאַמלביכער, די „בו־קאַרעשטער שריפטן", וואָס דערשיינען ביזן היינטיקן טאָג. די „בוקאַרעשטער שריפטן" האָבן אין משך פון די לעצטע 9 יאָר אַרומגענומען אַלע וויכטיקע שאַפונגען פון די ייִדישע שרייבער. ס'איז אַ וווּנדער וואָס אַזאַ קליין הייפעלע שרייבער האָט באַוויזן אַרויסצוגעבן מיט דערפאָלג די יערלעכע זאַמלביכער, וועלכע כאַראַקטעריזירן דאָס אייגנאַרטיקע פון דער ייִדישער שאַפונג אין רומעניע.

דער „קריטעריאָן" האָט געדרוקט אויך אייניקע ייִדישע ביכער אויף אַלגעמיינער קולטור־טעמאַטיק: אַ גרויס בוך וועגן הונ־דערט יאָר ייִדיש טעאַטער — פון ישראל בערקאָוויטש (ס'איז אויך דערשינען נאָך אַ בוך וועגן „80 יאָר ייִדיש טעאַטער אין רומעניע" רעדאַגירט פון ש"ס ראָמאַן און י. בערקאָוויטש); „די ייִדישע פרעסע" פון וו. טאַמבור; אַן „אַנטאָלאָגיע פון די ייִדישע שרייבערס אין רומעניע".

**דער ייִדישער אויסלייג**

דער ייִדישער אויסלייג איז זיכער נישט קיין זייטיקע פּראָגע פאַר דער ייִדיש־מערכה און דאָס נוצן אַ באַשטימטן ייִדיש־אויסלייג איז אין דעם פאַל אַ פּאָליטישער אויסדרוק. דאַרף מען פעסטשטעלן, אַז אין דער ייִדישער אָרטאָגראַפיע אין רומעניע נאָך דער מלחמה האָט געהערשט אַ כאַאָס. באַלד נאָך דער באַפרייונג (אויגוסט 1944) האָט מען זין באַנוצט מיט צוויי אויסלייגן: מיטן אַלטן אויסלייג מיט די העברעיזמען, און אויך מיטן נייעם, לויט דעם סאָוועטישן נוסח. ס'איז אַוועק אַזוי ווייט, אַז אין דער זעלבער קולטור־אינסטיטוציע האָט מען טיילווייז גענוצט דעם סאָוועטישן אויסלייג און טיילווייז דעם אַלטן אויסלייג.

די אָפיציעלע אויסגאַבעס אין די שולן און אין די לינקע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך באַנוצט מיטן סאָוועטישן אויסלייג. די ביכער פון די ייִדישע שרייבערס זענען מערסטנס געווען געדרוקט מיטן אַלטן אויסלייג. די דעמאָלטיקע „יעווסעקציע" אין רומעניע האָט באַאיינפלוסט אין דער ריכטונג אָפּצושאַפן די אַלטע אָרטאָגראַפיע און זיך באַנוצן מיט דער סאָוועטישער. זי האָט אויך צוגעגרייט מעמאָראַנדומס אין זכות פון דעם סאָוועטישן אויסלייג.

ווען מען מאַכט אַ סך־הכּל פון דעם דואַליזם אין דער ייִדישער אָרטאָגראַפיע, ווייזט זיך אַרויס אַז דער סאָוועטישער אויסלייג איז געבליבן הינטערשטעליק. דער הויפּט־אַרגומענט, אַז דאָס באַניצן זיך מיט העברעישע ווערטער מאַכט שווערער דעם מחבר, לייענער און די זעצערס — האָט זיך נישט אָנגענומען. דער מלוכה־פאַרלאַג „קריטעריאָן", די צווייוועכנטלעכע אויסגאַבע „צייטשריפט פונעם רומענישן רעליגיעזן ייִדנטום" אונטער דער רעדאַקציע פון הרב הראשי ד"ר משה ראָזען, די יערלעכע ליטעראַרישע „בוקאַרעשטער זאַמלביכער", ווי אויך דאָס רוב ייִדישע דיכטער, פּראָזאַיקער, עסייִסטן באַנוצן זיך אַלע מיט דער אַלטער טראַדיציאָנעלער אָרטאָגראַפיע.

אין דעם ליגט אַ באַדייטנדיקער רמז אַז די ייִדן פון רומעניע

האָבן דערמיט געוואָלט אָנהאַלטן זייער פֿאַרבינדונג מיט דער ברייטער ייִדישער וועלט און מיט אירע קולטור־שעפֿער.

## די ראָלע פֿון ייִדישן טעאַטער

דאָס ייִדישע טעאַטער אין רומעניע האָט אין די מער ווי 40 יאָר פֿון קאָמוניסטישן רעזשים געשפּילט אַ צענטראַלע ראָלע אין לעבן פֿון דער דאָרטיקער ייִדישער באַפֿעלקערונג. די ייִדן פֿון רומעניע האָבן פֿאַרמאָגט אַ גלאָררייכע טראַדיציע נאָך פֿון דער תּקופֿה פֿון א. גאָלדפֿאַדען. דאָס ייִדישע טעאַטער האָט אויך פֿיל מיטגעהאָלפֿן דעם ייִדישן קיבוץ אין רומעניע צו קומען אין קאָנטאַקט מיט דעם לעבן פֿון די ייִדישע ייִשובים אין די אַנדערע לענדער, אַפֿילו אַמעריקע.

ווי איך האָב שוין פֿריער אָנגעוויזן, רעדנדיק וועגן רומענישן ייִדנטום אין די מלחמה־יאָרן, וואָס האָט דעמאָלט געלעבט אונטער גזירות, רדיפֿות און פֿיזישן אומקום, האָט מען אויך אין יענער פֿינצטערער צייט געזוכט אויפֿצולעבן דאָס ייִדישע וואָרט און מוטיקן דערמיט די ייִדישע פֿאָלקסמאַסן, אויך אין יענער אַזוי שווערער תּקופֿה איז די משפּחה פֿון די דאָרטיקע ייִדישע טעאַטראַלן נישט געבליבן הינטערשטעליק און אַפּהעטיק. ווען דער באַקאַנטער טעאַטראַל יעקב מאַנסדאָרף איז רעפּאַטריאירט געוואָרן אין אָנהייב פֿון די 40ער יאָרן, האָט ער געגרינדעט, דורך דעם „איקוף“, אַ קונסט־טעאַטער אין בוקאַרעשט און געגעבן עטלעכע וויכטיקע פֿאָרשטעלונגען ווי: „איך לעב“, „טביה דער מילכיקער“, „די כּישוף־מאַכערין“, ווי אויך אַן איינאַקטער פֿון י. ל. פּרץ, אונטער דער ליטעראַרישער לייטונג פֿון דיכטער יעקב פֿרידמאַן. די עדות פֿון יענער תּקופֿה דערציילן, אַז די דאָזיקע פֿאָרשטעלונגען האָבן מיטן געלייטערטן ייִדישן וואָרט אַריינגעבראַכט פֿרייד און ליכט צווישן דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין רומעניע. צוליבן מאַנגל אין מיטלען האָט זיך דער דאָזיקער ייִדישער טעאַטער געמוזט גיך שליסן. אָבער ייִדיש טעאַטער איז נישט אַראָפּ פֿון סדר־היום, ווייל טעאַטער איז געווען דאָס גייסטיקע ברויט פֿון די

רומענישע ייִדן. די אָפיציעלע רעגירונגס־קרייזן פון נייעם קאָמו־ניסטישן רעזשים האָבן זיך באַצויגן פּאָזיטיוו צום ייִדישן טעאַטער און ס׳זענען געגרינדעט געוואָרן צוויי ייִדישע מלוכה־טעאַטערס, וואָס זענען געוואָרן אַ ווענדפּונקט אין ייִדישן קולטור־לעבן אין רומעניע. דער טעאַטער אין בוקאַרעשט איז דעם 1טן אויגוסט 1948 פּראָקלאַמירט געוואָרן ווי דער ייִדישער מלוכה־טעאַטער, דעם זעלבן סטאַטוס האָט אויך באַקומען דער ייִדישער טעאַטער אין יאַס, דעם 15טן נאָוועמבער 1949. אַרום די צוויי ייִדישע טעאַטערס האָבן זיך אָרגאַניזירט 2 גרופּעס ייִדישע אַרטיסטן פון די בעסטע אין לאַנד.

אין יאָר 1950 זענען אין יאַס אויפגעפירט געוואָרן: „דער אוצר" פון שלום־עליכם, „פּאָמול ווערדע", עסטראַדע־פעסטי־וואַל, „הערשעלע אָסטראָפּאָליער" פון גערשנזאָן, „דער זאַק מציאות"; אין יאָר 1951: „ווער איז דער באַלעבאָס פון דער צייט", „אין שאָטן פונעם פּאַלמע־בוים", „מיר באַזינגען דעם שלום", „ני מע, ני מע, ני קוקעריקו"; אין יאָר 1952: „דאָס ליד פון אונדזער צייט" (עסטראַדע־פעסטיוואַל), „טביה דער מילכי־קער" פון שלום־עליכם.

אין בוקאַרעשטער מלוכה־טעאַטער זענען אויפגעפירט גע־וואָרן: 1948 — „דאָס גרויסע געווינס" פון שלום־עליכם, „נקמה־נעמער" פון חיים סלאָוועס, „די צוויי קוני לעמל" פון א. גאָלד־פאַדען, „אינטריגע און ליבע" פון פרידריך שילער, „דער רעוויזאָר" פון נ. גאָגאָל, „פּאָלקלאָר־ספּעקטאַקל"; 1949 — „נאַכטשיכט" פון ל. ברוקשטיין, „דער פרעמדער שאָטן" פון קאָנסטאַנטין סי־מאָנאָוו, „דער אוצר" פון שלום־עליכם; 1950 — „טביה דער מילכיקער" פון שלום־עליכם; „די פּאַטאַלע ירושה"

מיר האָבן דאָ אָנגעצייכנט די טעאַטראַלע פאָרמען אין די ביידע ייִדישע מלוכה־טעאַטערס אין יאַס און אין בוקאַרעשט אין די ערשטע יאָרן פון זייער עקזיסטענץ. פאַרשטייט זיך, אַז אין סך־הכּל, ביז 1987, האָבן די ביידע טעאַטערס אויפגעפירט צענ־דליקער ייִדישע פּיעסעס. אויף דעם אָרט איז כּדאַי צו דערמאָנען,

אַז אונטערן איינפלוס פון דער יעווסעקציע האָבן אין 1954 זיך אָנגעהויבן אויסטיילן — איןביידע טעאַטערס — קליינע גרופּעס אַרטיסטן וועלכע האָבן זיך באַמיט צו פּאָפּולאַריזירן אויף דער בינע מאַטעריאַלן צו באַקעמפן די ייִדישע רעליגיע און ייִדישע נאַציאָנאַלע ווערטן. קעגן אָט דער אַנטינאַציאָנאַלער טענדענץ איז שאַרף אַרויסגעטראָטן הרב משה ראָזען און ס׳איז אים געלונגען צו באַזייטיקן די דאָזיקע פּראָגראַמען פון דער ייִדישער טעאַטער־בינע.

ווי שוין געזאָגט, האָט די ייִדישע באַפעלקערונג אין רומעניע געאָטעמט מיט ייִדיש טעאַטער. ס׳איז אויך וויכטיק צוצוגעבן, אַז דער ייִדישער טעאַטער פון זיינע אָנהייביאָרן, פון 1876, מיט אברהם גאָלדפאַדען, דער גרינדער פון ייִדישן טעאַטער, ביז היינט צו טאָג, האָט צווישן דער נישט־ייִדישער אינטעליגענץ און טעאַט־ראַלער וועלט אַרויסגערופן גרויס באַגייסטערונג און מען האָט געקענט הערן אין די נישט־ייִדישע קרייזן זייער וואַרעמע אָפּ־קלאַנגען וועגן אים. אין יאָר 1956, ווען ס׳איז געפייערט געוואָרן 80 יאָר ייִדישער טעאַטער אין רומעניע, האָט דער אַקאַדעמיקער באַרבו לאַזאַריאַנו אָפּגעדרוקט אין דעם יובל־זאַמלבוך אַ זייער וואַרעמע אָפּשאַצונג און צווישן אַנדערע האָט ער באַמערקט: „...וואָרעם גאָלדפאַדען איז נישט נאָר אַ שעפער פון טעאַטער און אין טעאַטער, נאָר ער קאָן אויך פאַררעכנט ווערן אַלס מייס־טער פון פאָלקלאָר, וועמענס לידער זענען אַריין אין רשות הרבים״.

ווען מען האָט אונטערן קאָמוניסטישן רעזשים אין רומעניע געפייערט, אין יאָר 1976, הונדערט יאָר ייִדיש טעאַטער, איז עס געווען איינע פון די צענטראַלע טעמעס אין קולטור־לעבן פון רומעניע. וויכטיקע קולטור־פערזענלעכקייטן און ליטעראַרישע אויסגאַבעס האָבן זיך אָפּגערופן וועגן דער גרויסער ראָלע פון ייִדיש טעאַטער אין גייסטיקן לעבן אין לאַנד.

אויך נישט־ייִדישע קולטור־מענטשן האָבן געבראַכט זייערע אָפּשאַצונגען וועגן 100 יאָר ייִדיש טעאַטער אין רומעניע. מיר

ווען דאָ דערמאָנען דאָס וואָרט פון ראַדו בעליגיען, דירעקטאָר פון בוקאַרעשטער נאַציאָנאַלן טעאַטער און פּרעזידענט פון אינ־טערנאַציאָנאַלן אַרטיסטן־פאַרבאַנד: „הונדערט יאָר עקזיסטענץ, צייט אין וועלכן דאָס ייִדישע טעאַטער האָט אויסגעפּרופט און אימפּאָנירט זיינע מעגלעכקייטן און זיין שליחות, פּרעציזירנדיק זיין אידענטיטעט און פּראָגרעסירנדיק כסדר מיט זיין צושטייער אין די ראַמען פון דער רומענישער טעאַטער־באַוועגונג".

„דאָס ייִדישע מלוכה־טעאַטער איז פאַר אונדז אַ באַזונדערע נאָטע, אַ באַזונדערע, אָבער נישט קיין אָפּגעזונדערטע, אַ שטים מיט געשיכטע און טראַדיציע, וואָס שטעלט פאַר זיך פּראָגעס און לייגט פאַר לייזונגען אין פולן איינקלאַנג מיט די פּראָגעס און דערגרייכונגען פון דער רומענישער קולטור".

אַזוי האָבן ערנסטע אינטעלעקטואַלן פון רומעניע אָפּגעשאַצט די ראָלע פון ייִדישן טעאַטער.

**גערעאַנגל אין דער פעדעראַציע**
**פון די ייִדישע קהילות אין רומעניע**

ס'איז נישט אין תּחום פון דער איצטיקער אַרבעט צו באַהאַנד־לען די שווערע פּאָליטישע רייבונגען אין די פאַרשידענע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס בראש מיט דער פעדעראַציע פון די ייִדישע קהילות אין רומעניע. די יעווסעקציע אין רומעניע (די .C. D. E) האָט געפּרוּווט מיט אַלע מיטלען אויסראָטן ביי די ייִדן אין רו־מעניע יעדן נאַציאָנאַלן שפּור. די יעווסעקציע האָט זיך גאָר שנעל אַרויסגעוויזן שטאַרק געטריי צום סטאַליניזם, געוואָרן אַנטי: אַנטיציוניסטיש, אַנטי־ישראלדיק, אַנטירעליגיעז און בכלל אַנטי־נאַציאָנאַל. געפאָדערט מען זאָל פאַרמאַכן די ציוניסטישע אָרגאַ־ניזאַציעס, די תּרבות־שולן, שליסן די העברעיִשע אויסגאַבעס... נאָך אַ קורצער צייט זענען אויך געשלאָסן געוואָרן די ייִדישע שולן.

די דאָזיקע .C. D. E האָט זיך, ווי געזאָגט, אָנגעשטויסן אויף דער קעגנערשאַפט מצד הרב ד"ר משה ראָזען, וועלכער האָט

מיט אומגעהויערע אָנשטרענגונגען נישט דערלאָזט אַז די סטאַלי־
ניסטישע ליניע זאָל באַהערשן די ייִדישע קהילות אין רומעניע.
ער האָט געזען אין דעם אַן אומגליק פאַר די רומענישע ייִדן און
האָט געהאַלטן אַז די ווערטן פון רומענישן ייִדנטום זענען אין
סכּנה און דער ייִדישער יישוב אין רומעניע וועט בלייבן איזאָלירט
פון דער גרעסער ייִדישער וועלט. ס׳איז זייער שווער אין קורצן
צו שילדערן די אַטאַקעס, אָנפאַלן, אויסגעטראַכטע בילבולים אויף
הרב ראָזען. ס׳איז פאָרגעקומען אַ געראַנגל אויף לעבן און טויט.
הרב ראָזען האָט זיך נישט געלאָזט. זיין גליק איז געווען וואָס
אַ וויכטיקער טייל פון דער רומענישער פירערשאַפט האָט ריכטיק
אָפּגעשאַצט די פאַרסמטע מעטאָדן פון דער רומענישער יעווו־
סעקציע.

אין דעם גורלדיקן פאַרמעסט צווישן הרב מ. ראָזען און דער
יעווסעקציע (C. D. E.) האָבן די לעצטע פאַרלוירן. דער פּרעזי־
דענט נ. טשעאַושעסקו האָט געשטיצט די ליניע פון הרב ראָזען
און האָט מיט דער צייט געענדערט דעם גאַנצן אויסזען פון רו־
מענישן ייִדנטום.

ס׳וועלן נאָך קומען די אַנטפּלעקונגען פון דער דאָזיקער
תּקופה און ס׳וועלן קלאָר ווערן אַ סך פּרטים. ס׳איז אָבער קיין
ספק נישט, אַז ייִדיש און ייִדישע קולטור אין רומעניע זענען אַרויס
מיט רווח פון דעם דראַמאַטישן געראַנגל.



כ׳וואָלט אפשר באַדאַרפט אויספירלעכער באַשרייבן געוויסע
פּעריאָדן וועגן ייִדיש און ייִדישער קולטור אונטער דעם קאָמו־
ניסטישן רעזשים אין רומעניע. כ׳האָב אָבער באַשלאָסן אָנצוצייי־
כענען בלויז די הויפּט־ליניעס, געציילטע שטריכן, כּדי דער לייע־
נער זאָל זען, אַז אויך אונטער אַזאַ רעזשים קען מען אויפהאַלטן
די ייִדישע קולטור. ס׳איז נישט געווען אַזאַ דערשיינונג אין אַנ־
דערע קאָמוניסטישע לענדער. דער אויסנאַם באַווייזט, אַז מען
דאַרף נאָך נישט זאָגן „קדיש" נאָך אַלעמען.

# אינהאַלט: